ליטונג ליטעראַרישע שלמה שײנבערג

---

געזעצט באַ פּ. קרימער, פּולאַװ
געדרוקט באַ ברידער װאַיציקעװיטש
געבונדן באַ א. קאַמיען

---

Pamiętniki z martwego domu
F. M. Dostojewskiego

---

Tłomaczył E. Zylberman

---

Wydawnictwo Szymon
Jaczkowski — Warszawa

---

Drukarnia B-ci Wójcikiewicz
Warszawa, Kramy Nalewkowsk.

---



# זכרונות פון טויטן הויז

## ראמאן אין צוויי טיילן





וואָס פינסטערער די נאַכט —
אַלץ ליכטיקער די שטערן;
וואָס טיפער ס'איז די פּיין —
אַלץ נענטער איז צו גאָט.

צווישן די גרויסע שעפער פון דער געניאַלער רוסישער פּראָזע, וועלכע האָבן אפשר צום העלסטן אָנגעצונדן זייערע פלאַקער-פאַקעלן אין דעם צוג פון דער מענטשהייט איבער די חושך-וועגן צו די אייביקע סודות פון מענטשלעכן גורל — איז אפשר איין און איינציקן באַשערט געווען דורכצווייטיקן און דורכצובלוטיקן מיט יעדן ציטער פון אייגענעם לייב דעם גאַנצן יסורים-געראַנגל צווישן דער אייביקער מענטשלעכער בענקשאַפט נאָך רו און געטלעכער גליקזעליקייט און די שווערע האַמער-פויסטן פון לעבן מיט אַלע זייערע פּיינען, ליידן, מאַטערנישן און בלינדע גורל-באַשטימונגען, דורכצווייטיקן און דורכצובלוטיקן, און צעראָפּצונידערן ביז אין די תהומישסטע פּיין-געוועלבן פון דער מענטשלעכער נשמה, כדי דאָרט, שוין אין דער טיפסטער געפאַלנקייט, ווידער צוריק געבענטשט צו ווערן מיט דער געלייטזעליקסטער פרייד פון אוועקלייגן דעם קאָפּ אין דער שויס פון דער אייביקער געטלעכקייט און דערהערן איבער זיך די געהייליקטע ווערטער פון א מאַרמעלאַדאָוו, ארויסגערעדטע האַלב-שיכורענדיק, מיט א בראָנפן-ריח ערגעץ אין אן אונטערשענקל:

„און אַז זיי וועלן קומען צו מיר די אַלע געפאַלענע, דער-
נידעריקטע און באַליידיקטע, די טאָכטער, וועלכע האָט איר זעכצן-
יעריקע סודות-געטריַעטע מיידלעשע ריינהייט אויף דער ברוק אַרויס-
געטראָגן, כדי שפּעטער דער קראַנקער שטיפמאַמען די עטלעכע
זילבערנע רובל אַהיימצוברענגען, כדי דעם שיכּורן טאַטן אויפצו-
זוכן און אים די לעצטע עטלעכע גראָשן אָוועקצוגעבן, ער זאָל האָבן
ווייטער פאַרוואָס צו טרינקען, — אַז זיי וועלן קומען פאַר מיר, וועל
איך זיי נישט פאַרטרייבן פון פאַר מיר, נאָר מיין האַנט איבער
זייערע קעפּ וועל איך אויפהייבן, און זאָגן וועל איך צו זיי: זייט
געטרייסט! ווייל גאָטס דערבאַרמדיקייט האָט זיך איבער אייערע
קעפּ אויסגעגאָסן". — דער גרויסער מערטירער פון דער רוסישער
ליטעראַטור איז עס געווען — פיעדאָר מיכאַילאָוויטש דאָסטאָיעווסקי.

ווי די לויטערקייט פון אַ פרילינג-פרימאָרגן, ווי די ריינקייט
פון אַ קינדער-טרער אויף דער שטראַלנדיקער ברעם אויפגעהאָנגען,
אַזוי לויכט העל און באַגייסטערט יעדעס מענטשלעכע האַרץ אין
ערשטן יוגנט-גאַנג פון זיין גייסטיקער אַנטוויקלונג. גרויס איז די
וועלט, און רייך איז די וועלט, און רעגנבויגנדיק זיינען די וועגן,
מיט וועלכע זי גייט אַנטקעגן יעדן קינדישן, נאָך נישט פאַרטונקלטן
און גלויבן-פולן אויג, וואָס ברייטערט זיך אויס ווי אַ ים, גרייט צו
דערטרינקען אין זיך אַלע אירע פּראַכטן. אָבער ווי אַכזריותדיק
זיינען די קלאַמערן פון לעבן, בשעת דער מענטש טרעט אַריין אין
זיין צווייטן פעריאָד און טרעפט זיך צונויף מיט דעם גאַנצן אומ-
געווייבטלעכן פלאָנטער פון שטורמישע ליידנשאַפטן, סתירות, אייבי-
קע רעטענישן, מיט דעם גאַנצן דורכגעפוילטן באָדן פון נויט,
שאַנד, זנות, בעסטיאַלישן עגאָיזם פון איין זייט און טיפער הכנעה,
ריינער אויפּאָפּערונג און שטילן פּראָטעסטלאָזן אויסגיין פון דער
צווייטער זייט. — און עס שטורמט אויף די נשמה, און וואַרפט
זיך אין קאַמף. אין קאַמף מיט די אומשטענדן, מיט דער געזעל-

שאַפט, מיט איר כאָראַל, מיט די בלינדע גורל-באַשטימונגען, מיט
די אייביקע אייזערנע ווענט, וואָס פאַרצוימען דעם אויפשוווּנג פון
דער מענטשלעכער בענקשאַפט. און עס זינקט די נשמה, אין דעם
דאָזיקן קאַמף צעבראָכן דורך די אייזערנע הענט פון לעבן, אַלץ טי-
פער און טיפער, באַשפּיגן און באַליידיקט: דורך דער אַכזריות פון
די אומשטענדן, פון די אייגענע זינד, פון דער אייגענער געפאַלנקייט.
אָבער שוין דאָרט, אויפן טיפסטן אָפּגרונט, אין דעם געראַנגל פון
די פאַרביטערטסטע גיהנום-יסורים הייבט אָן אויפשיינען דער דריטער
פעריאָד: די אַנונג פון דער פאַרלוירענער נשמה-ריינהייט, צוזאַ-
מען מיט א ברענענדיקער בענקשאַפט נאָך א ווידער-אויפשטייגונג
צו רו און געטלעכער געלייטערטער האַרמאָניע פון דער נשמה.

דריי מאָמענטן אין לעבן פון יעדן מענטש, פון יעדן פאָלק,
פון דער גאַנצער מענטשהייט, צווישן וועלכע דער מיטלסטער איז
דער מעכטיקסטער, דער פיינלעכסטער, דער אכזריות-דיקסטער,
וועלכער שפּרייט אויס זיין אייזערנע האַנט אויף דער גרעסטער
טייל פון מענטשלעכן לעבן.

און בשעת אַנדערע גרויסע קינסטלער פון זיין צייט, ווי
גאָנטשאַראָוו, אָסטראָווסקי, טאָלסטאָי און באַזונדערס טורגעניעוו
זיינען פאַרנומען געווען מיט דער שטראַלנדיקער לויטערקייט פון
ערשטן מאָמענט, האָבן גענומען זייערע העלדן אין העכסטן אויפ-
שוווּנג פון זייער גייסטיקער דערהויבנקייט און געמאָלן די רוסישע
געזעלשאַפט, דאָס רוסישע פאָלק אין זיין היסטאָרישער, אוממיטל-
באַרער, ביטאָוועער ריינהייט — איז דער גייסט פון דאָסטאָיעווסקין
פאַרכאַפּט געוואָרן, נישט בלויז געדאַנקלעך, נאָר מיטן גאַנצן
האַרץ, מיט דער נשמה, מיטן געוויסן ביז אין דער טיפסטער פיינ-
לעכקייט, ביזן אכזריותדיקסטן דורכדרינגען זיך מיט יעדן צאַפּל,
מיט יעדן וויי, מיט יעדן אויפבליצן און פאַרלעשן זיך פון דער
מענטשלעכער נשמה אין איר פאַרביטערטן געראַנגל פון צווייטן

פּעריאָד; מיט איר זינקען ביז אין טיפסטן אָפּגרונט און דאָרט ווידער אויפשטייגן אין דער בענקשאַפט נאָך אַ ווייטן, אפשר בלויז נאָר געאַנטן, אָבער דאָך טרייסט־ברענגענדיקן און שטראַלענדיקן ליכט.

גרויס און פֿאַרשידנאַרטיק זיינען די מענטשלעכע פּיין־לאַבירינטן, דורך וועלכע עס פירט אונדז מיט אַזאַ אַכזריותדיקער און איינציייטיק וואַנגעלישער רחמנות יקייט די שעפערישע האַנט פון פ. מ. דאָסטאָיעווסקי. און אַזוי מעכטיק איז די אַנאַליטישקייט פון דער דאָזיקער האַנט, אַזוי טיף דאָס אַריינדרינגען אין אַלע ווינקעלעך און אַראָפּרייסן די שלייערן פון אַלע געהיימנישן, ביז אויפטרייסלונג, ביז דערשיטערונג, ביז נאַקעטער עמפינדונג פון אַלע מענטשלעכע געפילן, אַז אָפטמאָל זעט אונדז אויס, ווי די דאָזיקע געפילן וואָלטן אין זייער ערשטער שפּרונג גאָרנישט אַזוי טיף און מעכטיק געווען, נאָר דאָסטאָיעווסקי האָט זיי פון גאָטס האַנט אַרויסגעכאַפּט און דעם פאָדעם פון זייער שאַרפקייט און טיפקייט נאָך ווייטער ביז אין דער אומענדלעכקייט געשפּינען.

אָבער נישט ווייניקער רייך, פֿאַרשידנאַרטיק און סתירותפול זיינען אויך די וועגן, אויף וועלכע דאָסטאָיעווסקיס געניאַלער גייסט האָט זיך געריסן אין זוכן אַן אויסגאַנג, אַ טרייסט, אַ באַרויקונג פאַר דער מענטשלעכער נשמה.

שטילע הכנעה, רויקער יאוש, גלייכגילטיק שלום־שליסן מיט די פֿאַרביטערטסטע קלעפּ פון פינסטערן גורל, טרייסט אין שויס פון די ברענענדיקסטע יסורים, און אַקטיווער אַרויסטריט פון שטאָלצן יחיד קעגן דער געזעלשאַפט, ביזן אויפשטעלן פון אַן אייגענער מאָראַל, ביז פֿאַרברעכן, און שפּעטער ווידער דאָס דערהייבן די מענטשלעכע בערזענלעכקייט ביזן העכסטן פונקט פון אומבאַוויירלעכער הייליקייט.

אויב מאַקאַר דיעוושקין אין „די אָרימע מענטשן" איז, לויטן אויסדרוק פון ביעלינסקין, אַפילו נישט דרייסט געווען זיך פאַר אומגליקלעך צו האַלטן, געפינט שוין ראַסקאָלניקאָוו אין „פאַרברעכן און שטראָף" פאַר רעכטפאַרטיק צו פילאָזאָפירן, אַז אויב עס וואָלטן אויפן וועג פון פאַרברייטערן די ידיעות וועגן די אַנטדעקונגען פון אַ קעפּלערן אָדער ניוטאָנען געשטאַנען צענדליקער און הונדערטער מענטשן, וואָלטן זיי, קעפּלער און ניוטאָן, מחויב געווען די דאָזיקע מענטשן מיט אַלע מיטלען זיך פון וועג אַראָפּצורוימען. און ווי ווייט אַנדערש און סתירותדיק ווערט די דאָזיקע זעלבע פראַגע געשטעלט דורך אַן איוואַן קאַרמאַזאָוון: אויב עס וואָלט פאַרן גליק פון דער גאַנצער מענטשהייט אומבאַדינגט נייטיק און אומאויסמיידלעך געווען צו דערהרגענען איין קליין נעבעכדיק באַשעפעניש און אויף די אומבאַשטראָפטע טרערן פון דעם דאָזיקן באַשעפעניש אויפצובויען דעם פּאַלאַץ פון דער אַלוועלטלעכער האַרמאָניע, וואָלט ער, איוואַן קאַרמאַזאָוו, זיך אָפּגעזאָגט פון צו זיין דער אַרכיטעקטאָר פון אַזאַ פּאַלאַץ.

גרויס און אומדערגרייכלעך אין איר פאַרשידנאַרטיקייט איז די וועלט פון געפילן און ראַנגלענישן, דורך וועלכער עס האָט דורכגעצויגן דער שאַפונגס-וועג פון פ. מ. דאָסטאָיעווסקי, און איינציק אָפּגעזונדערט שטייט זי, די דאָזיקע וועלט, אין דעם אַלוועלטלעכן שאַפן מיטן אויפלויכטן פאַר אונדז דעם פּלאַנעטער פון יסורים און מענטשלעכער געזינקענקייט, וואָס טראָגן שוין אין זיך דעם קערן פון אַ ווידעראויפשטייגן צו אַ נייעם לויטערן און דערהאָבענעם לעבן..

* *

*

און אויב עס איז שוין באַשערט געווען פ. מ. דאָסטאָיעווסקין צו זיין דער אויפלויכטער פאַר אונדז פון דעם פינסטערן ווינקל פון צער און געזינקענקייט פון דער מענטשלעכער נשמה, דאַרף ווי

אַ גליק פאַרעכנט ווערן דאָס אומגליק פון די שווערסטע האַמערקלעפּ פון לעבן, וועלכע זיינען געפאַלן איבער אים און אים אָפּגעשניטן און לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין דעם גרויסן קבר פון דער רוסישער קאַטאָרגע, פון וואַנען ער האָט אונדז געבראַכט זיין גרויסע און הערליכע מתנה:

דאָס טויטע הויז.

אימהדיקע, פינסטערע געשטאַלטן, מיט גאָט און מענטשן אויבערגעריסענע, אָפּגעשניטענע שטיקער פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, דערנידעריקטע, באַליידיקטע און באַשפּוגענע, מיט פאַרשענדטע פּנימער, מיט געגאָלטע קעפּ, מיט אייזן-געשמידטע הענט און פיס, און דאָך צאַפּלט אַ טיפע פיין פון פאַרגעבונג, ווי אַ נר תמיד איבער די דאָזיקע פאַרלוירענע נשמות, וועלכע לויכטן אויף פון צייט צו צייט, גיבן אַ שיין מיט דעם הערלעכסטן ליכט און שפּרייטן אויס די הענט ערגעץ פון דעם דאָזיקן תהום, אין וועלכן זיי זיינען פאַרזונקען, ווייל גרויס איז די מענטשלעכע נשמה און הייליק איז זי, און קיינמאָל ווערט נישט אַראָפּגענומען פון איר דער חותם, וועלכן גאָט האָט איינמאָל אויף איר אָוועקגעלייגט.

און עס טינקט זיך דאָס דאָזיקע מערקווירדיקע בוך אין דעם שוואַרצן אומעט פון אַ טויטן פעלד, איבער וועלכען עס בלאָנדזשעט אַן עלנטע, פון גאָט פאַרלאָזטע, יאָמערפולע נשמה, מיט אַן אייזערנעם שוואַרצן הימל איבער זיך. זי רופט דערשטיקטערהייט, און בלייבט אָן אַ ווידערקול, זי גוססט אין איר בענקשאַפט, בליצט אויף אַ ווײַלע, און ווערט פאַרפאַלן, ווי אַ זינקענדיקער שטערן אין דעם נאַכט-תהום אַריין. זי יאָמערט אַרויס פון אַ שטומען בליק, פאַרבלאָנדזשעט איבער דער טויטער שניי-סטעפּ, וואָס ציט זיך אַוועק דאָרט וויט ערגעץ פאַר טויזנטער מייל צום גרויען אין סודות איינגעהילטן האָריזאָנט, זי גייט אויס אין די קלאָג-טענער פון די טרויעריקע תפילות, וועלכע דער סטאַראָדובער זיידעשי זאָגט

דורך דער גאנצער לאנגער ווינטער-נאכט אויפן אויוון: הויספאדי-
יסוסע כריסטע, דערבארעם דיך איבער אונדז! זי דערציילט אונדז
פיינפול וועגן דער טראגישער אומבאהאָלפנקייט פון מענטש קעגן
זיין בלינדן גורל. אין באקלעשינס דערציילונג, ליידט הכנעהדיק שטיל
אין דעם שטאַרקסטן אויסדרוק פון צערטלעכקייט פון א איוואנאָוון,
וועלכער פאלט צו מיטן קאָפּ צום פארקן, ווי א קינד, צוליב דער
קלענסטער באליידיקונג, און יאָמערט ארויס פון דער גרויסער איינ-
זאמקייט, ווען צוויי קעפ פאלן צוזאמען, דער קאָפּ פון א מענטש
מיטן קאָפּ פון א הונט, ערגעץ הינטער די ווענט פון קאזארמע, און עס
פאלן די ווערטער אין דעם טויטן חלל אריין: דיך איינעם האָב
איך געפונען אויף דער גאנצער וועלט דיך איינעם, מיין געטרייער
פריינט, מיין טייערער, טייערער שאריק!

און מיר לייגן אוועק דאס דאזיקע בוך מיט א שווערן דער-
דריקנדיקן אומעט אין הארץ און גייען ארויס, ווי פון א פינסטערן קאָש-
מאר, דורך וועלכן עס האָבן אָבער דורכגעבליצט די ליכטיקסטע פונ-
קען פון דערהויבנקייט און טיפער מענטשלעכקייט. און נאָנט זיינען
אונדז די דאזיקע אלע פארלוירענע נשמות, צוזאמען מיט זייער
וועלט פון געזונקענקייט, ווי א ווייטע שווער-דורכגעלעבטע, פינס-
טערע יוגנט, וועלכע מיר קענען דערמאָנען נאָר מיט וויי, אָבער ניט
וועלכער עס איז אונדז דאָך שווער זיך צו שיידן.

* *
*

און ווי דער וועג פון זיין שאפן, וועלכער האָט געצויגן
צווישן דער טיפסטער געזונקענקייט און שטראלנדיקסטער דער-
הויבנקייט, אזוי איז אויך דער גורל פון זיין פערזענלעכן לעבן.

געבוירן אין 1822, גייען אדורך די ערשטע יאָרן פון דאָס-
טאָיעווסקיס קינדהייט אין קרייז פון זיין פאמיליע שטיל און רויק,
און עס באמערקן זיך אפילו אין זיין כאראקטער הייטערקייט און

זאָרגלאָזע אויפגעלעבטקייט, צָבער נאָכן ענדיגן דעם פּריוואַטן פּאַנסיאָן פון ל. י. טשערמאַק, נאָכן טויט פון זיין מוטער אין 1837, וועלכע איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט, און דעם אריינטרעטן אין דער אינזשיניער־שולע אין פעטערבורג, הייבט זיך שוין אָן פאר פ. מ. דאָסטאָיעווסקין די צייט פון שטרענגער, אָפּגעשלאָסענער איינזאַמקייט און ערנסטקייט, אזוי, אז ער שטייט שוין אויף שטילערהייט אין די נעכט און ארבעט איבער זיינע „אָרימע מענטשן“. און אזוי ווי דאָס איז געווען די ערשטע צייט פון זיין גייסטיקער באַפליגלונג, האָט ער, לעבנדיק אינגאַנצן אַליין, אָן חברים, אָ צו האָבן מיט וועמען זיך צו טיילן מיט דער גרויסער און רייכער וועלט פון איינדריקן און איבערלעבונגען, וועלכע האָבן אומאויפהערלעך געהאַלטן אין איין צריינכוואַליען אין זיין גייסט, שוין געמוזט באַהערשן און פארהאַרטעווען אין זיך אַלע נייגונגען פון זיין כאַראַקטער און וועלט־אַנשויונג, וועלכע האָבן אים שפּעטער געפירט אויף די וועגן, אין וועלכע ער איז געגאַנגען.

אין 1843 טרעט דאָסטאָיעווסקי ארויס פון שולע, און דאָ הייבט זיך אָן דער גאַנצער פלאַנטער פון זיין שטייגן און פאַלן. אוועקגעשטעלט דורך ביעלינסקין און די צנדערע ליטעראַרישע קריטיקער פון זיין צייט אויפן העכסטן פּיעדעסטאַל פון קינסטלערישן שאַפן פאר זיין ווערק „אָרימע מענטשן“, ווערט ער אין קורצן באַשולדיקט פאר אָנגעהערן צום אומלעגאַלן קרייז פון די פּיעטראַשעווצעס. ער ווערט פאַראורטיילט צום טויט און, נאָך אַ באַגנעדיקונג, פאַרשיקט אויף פיר יאָר קאַטאָרגע, נאָך וועלכע ער פאַרבלייבט נאָך עטלעכע יאָר אַלס „ריאַדאָוואָי“ אין אַ סיבירער ליניע־באַטאַליאָן.

איבער דער צייט באַמיט זיך דאָסטאָיעווסקי צו דערהאַלטן אין זיך די שטאַרקייט פון גייסט, נישט צו לאָזן זיך צעברעכן דורך קיין שום אומשטענדן. ער לעבט, טראַכט אַרום די פּלענער פון זיינע

גרויסע קאָמפּאָזיציע ווערק און האָט צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד.

אָבער אומדורכברעכבאַר זיינען די אומשטענדן און גרויס זיינען די מאַטעריעלע זאָרגן, וועלכע רינגלען אים אַרום, נאָכדעם ווי ער האָט שוין דערגרייכט דעם דאָזיקן ציל.

ער אַרבעט, שאַפט זיינע גרעסטע ווערק, גריינדעט זשורנאַלן, וועלכע ווערן צוגעמאַכט, לעבט אין נויט, און מוז סוף־כל־סוף אַנטלויפן קיין אויסלאַנד פאַר זיינע בעל־חובות.

דאָך איז אים אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן און שאַפן באַשערט געווען אַ ביסל רו און ווי אַ קליינע פאַרגיטיקונג פאַר אַלע זיינע שטענדיקע פיין און שווערע מאַטערנישן.

אין 1867 האָט ער חתונה צום צווייטן מאָל, און די חתונה ברענגט אים רו און צופרידנהייט. ער פאָרט אַוועק מיט זיין יונגער פרוי קיין אויסלאַנד, וווּ ער פאַרברענגט דאָס איצטיקע מאָל גאַנצע פיר יאָר. ער באַזוכט דייטשלאַנד, די שווייץ, פראַנקרייך, איטאַליע, באַזעט די רייכע קינסטלערישע אוצרות, וואָס זיינען צעזייט איבער מערב־אייראָפּע, און די באַרויקונג נאָך דער דאָזיקער צייט געפינט איר אויסדרוק אין זיין ווייטערדיקן שאַפן.

אין 1871 קערט ער זיך אום קיין רוסלאַנד, וווּ עס שטעלן זיך שוין איין אַלץ מער און מער די שטורעמען פון זיין לעבן, און עס פליסן רויִק די לעצטע טעג פון זיין שאַפן, ביז זיי דערגרייכן דעם גרעסטן טריומף פון זייער געניאַליטעט, פון די פלאַמענדיקסטע מעגלעכקייטן פון זייער אויסדריקלעכקייט אין דער באַרימטער רעדע, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן דורך דאָסטאָיעווסקין אויף דעם פּושקין־יום־טוב (באַם צופּדעקן דעם מאָנומענט פאַר פּושקינען אין מאָסקווע, אין 1880).

אַזוי פלאַמענדיק, אַזוי התלהב'תדיק, אַזוי מענטשלעך איז געווען דער רוף פון זיינע ווערטער צו מענטשלעכער פאַרברידערונג, צו דער פאַראייניקונג פון דער מענטשלעכער נשמה, צו דער דערהייבונג פון

מענטש פון זיינע פיין-תהומות, אז א שוידער איז דורך איבער אלע הערצער און אנגעצונדן זיי, און צונויפגעגאסן זיי מיט דער ארץ, וואס האט גערופן אין די דאזיקע וועגן. און בלומען האבן זיך א שאט געטון, און עמעצער איז, צופאקנדיק זיך צו דער עסטראדע, הלשות געפאלן...

נאך דער דאזיקער רעדע האט ער שוין געלעבט בלויז נאך עט־לעכע חדשים. אין 1881 איז ער געפערלעך קראנק געווארן און געשטארבן דעם 28־טן יאנואר, בענטשנדיק פריער דאס ווייב מיט קינדער.

אומגעהייערע מאסן האבן זיך צונויפגעקליבן אויף זיין קבר אין טאג פון זיין לוויה. פון די באהאלטנסטע געסלעך האבן זיי אנ־געהויבן ארויסשטראמען די העלדן זיינע: די שיכורים, אידיאטן, גוטמוטיקע, פון לעבן צעבראכענע, אלטיטשקע, עגאיסטן, דעספאטן, משוגעים, נשמות, אין פיין געלייטערטע; די ראסקאלניקאווס, סאניעס, סווידריגאילאווס, מארמעלאדאווס, סושילאווס, אלעיס, קאראמאזאווס... און ווי א לעבדיקן קראנץ האבן זיי זייערע נשמות אוועקגעלייגט אויפן קבר פון דעם, וואס האט מיט בלוטיקע פויכטן אפשר צום שטורמישסטן אנגעקלאפט אין די אייזערנע, פארהאמערטע טויערן איבער דער אייביקער נאכט, אין וועלכער עס זיינען אומדערגרינטלעך פארזונקען די סודות פון דער אייביקער, ווי דאס לעבן אומענדלע־בער, מענטשלעכער נשמה.

שלמה שיינבערג

# אַרייַנפיר.

אין די דערווייטערטע געגנטן פון סיביר, צווישן סטעפּעס, בערג אָדער געדיכטע אַרוואַקסענע וועלדער, באַגעגנט מען טייל מאָל קליינע שטעט מיט איין, העכסטנס צוויי טויזנט איינוווינער. די הייזער אין די שטעט זיינען הילצערנע, קליינע, מיט צוויי צערקווס — איינע אין שטאָט, די צווייטע אויפן בית-עולם. די שטעט זיינען מער ענלעך אויף אַ גרעסער דאָרף הינטער מאָסקווע, ווי אויף אַ שטאָט און זיינען געוויינטלעך גוט פאַרזאָרגט מיט איספּראַווניקעס, זאַסיעדאַטעלעס און אַלערליי איבעריקע קלענערע באַאַמטע. בכלל איז אין סיביר, נישט קוקנדיק אויף דער קעלט, זייער וואַרעם צו דינען. די מענטשן זיינען דאָ פּשוטע, נישט קיין ליבעראַלע, די אָרדנונגען אַלטע, פעסטגעשטעלטע, דורך יאָר-הונדערטער געהייליקטע. באַאַמטע, וועלכע שפּילן מיט רעכט די ראָלע פון סיבירער אַדל — אָדער אָרטיקע, איינגעוואָרצלטע סיביריאַקעס, אָדער אָנגעפאָרענע פון רוסלאַנד, מערסטנטיילס פון די הויפּט-שטעט, וואָס פילן זיך שטאָלץ צוליב די זיי אַרויסגעגעבענע איבערן רעכנונג געהאַלט-סומעס, טאָפּעלע רייזע-קאָסטן און רייצנדיקע האָפענונגען אויף דער צוקונפט. די פון זיי, וועלכע קענען זיך אַן עצה געבן מיטן רעטעניש פון לעבן, בלייבן כמעט שטענדיק אין סיביר און וואָרצלען זיך דאָ מיט צופרידנהייט איין. שפּעטער ברענגען זיי רייכע און זיסע פרוכטן. נאָר די אַנדערע, דער לייכטזיניקער עולם, וועלכער קען זיך נישט

קיין עצה געבן מיט דעם רעטעניש, ווערט זיי סיביר גיך פאַרמיאוסט
און זיי פרעגן זיך מיט פאַרדרוס: „צוליב וואָס זיינען זיי דאָ אַהערגע-
פאָרן?“ מיט אומגעדולד קומען זיי איבער דעם געזעצלעכן טערמין
פון זייער דינסט, דריי יאָר, און באַלד נאָכן פאַרגיין פון דעם דאָ-
זיקן טערמין, באַמיען זיי זיך, מען זאָל זיי איבערפירן, און זיי קערן
זיך אום אהיים, שעלטנדיק סיביר און אָפּלאַכנדיק פון איר. זיי זיי-
נען נישט גערעכט: נישט נאָר פון דינסטלעכן, נאָר אויך אפילו פון
אַ סך אַנדערע שטאַנדפּונקטן קען מען אין סיביר זיך גאַנץ גוט פילן.
דער קלימאַט איז אַן אויסגעצייכנטער; עס זיינען דאָ אַ סך גאַנץ
רייכע און גאַסט-פריינטלעכע סוחרים; אַ סך זייער אָנגעזעענע אויס-
לענדער. די מיידלעך בליען ווי די רויזן און זיינען מאָראַליש אויפן
העכסטן אַרט. די יאַגד-פייגל פליען אַרום איבער די גאַסן און פאַלן
אַליין אַריין דעם יעגער אין דער האַנט. שאַמפּאַנער חערט דאָ אויס-
געטרונקען אומנאַטירלעך אַ סך. קאַוויאַר איז דאָ ווונדערבאַרער. דאָס
גערעטעניש אין טייל ערטער איז פופצן מאָל אזוי פיל... בכלל
איז די ערד אַ געבענטשטע. מען דאַרף נאָר קענען זי אויסנוצן.
אין סיביר ווייסט מען ווי אַזוי זי אויסצוניצן.

אין איינעם פון אַזעלכע פריילעכע און מיט זיך צופרידענע
שטעטלעך, מיט דער ליבסטער באַפעלקערונג, דער אָנדענק פון וועלכן
עס וועט בלייבן אומפאַרגעסלעך אין מיין האַרץ, האָב איך באַ-
געגנט אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש גאָריאַנטשיקאָוון, אַ פאַרשיקטן,
וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד אַלס דוואָריאַנין און
גוט-באַזיצער, וועלכער איז דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן אַלס קאַטאָר-
זשניק פון דער צווייטער מדרגה פאַרן דערהרגענען זיין פרוי, און
וועלכער האָט נאָכן פאַרגיין פון דעם צען-יעריקן טערמין קאַטאָרגע,
וואָס איז אים באַשטימט געוואָרן דורכן געזעץ, שטיל און רויק צו-
געלעבט זיינע יאָרן אין שטעטל ק. אַלס פאַרשיקטער. ער איז אייגנט-
לעך געווען צוגעשריבן צו איינעם אַ הינטער-שטאָטישן דאָרף-באַ-

צירק, נאָר ער האָט געוווינט אין שטאָט, האָבנדיק אזוי אַרום די מעגלעכקייט זיך צו דערנענערן אין איר, ווי עס איז, מיטן לערנען קינדער. אין די סיבירער שטעט טרעפן זיך אָפט לערער צווישן די פאַרשיקטע; מען מיידט זיי נישט אויס. לערנען, לערנען זיי הויפטזעכלעך די פראַנצויזישע שפּראַך, וועלכע איז נייטיק אין לעבן, און פון וועלכער מען וואָלט אָן זיי, אין די דערווייטערטע געגנטן פון סיביר, נישט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף. דאָס ערשטע מאָל האָב איך באַגעגנט אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטשן אין אַ הויז פון אַ זייער אַלטן אָנגעזעענעם און גאַסטפריינטלעכן באַאַמטן, איוואַן איוואַניטש גוואָזדיקאָוו, וועלכער האָט געהאַט פינף טעכטער, פון פאַרשידענע יאָרן, וועלכע האָבן געגעבן זייער גוטע האָפנונגען. אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש האָט זיי געגעבן לעקציעס, פיר מאָל אין דער וואָך, צו דרייסיק קאָפּיקעס אין זילבער פאַר אַ לעקציע. זיין אויסזען האָט מיך פאַראינטערעסירט. דאָס איז געווען אַ זייער בלאַסער און מאָגערער מענטש, נאָך נישט קיין אַלטער, פון אַ יאָר פינף און דרייסיק, אַ קליינער און אַ קרענקלעכער. געקליידט איז ער געווען זייער ריין, אייראָפּעיש. ווען איר האָט אָנגעהויבן אַ שמועס מיט אים, האָט ער געקוקט אויף אייך אומגעהייער אָנגעשטרענגט און אויפמערקזאַם. מיט אַ שטרענגער העפלעכקייט האָט ער אויסגעהערט אייער יעדעס וואָרט, ווי ער וואָלט זיך אַריינגעטראַכט דערין, ווי איר וואָלט אים מיט אייער פראַגע פאַרגעבן אַ שווערע אויפגאַבע, אָדער ווי איר וואָלט געוואָלט אַרויסקריגן בא אים אַ געהיימניש, און ענדלעך האָט ער געענטפערט קורץ און שאַרף, זויף אַזוי פיל איבערוועגנדיק יעדעס וואָרט פון זיין ענטפער, אַז עס איז אייך פּלוצלינג געוואָרן צוליב עפּעס-וואָס אומבאַקוועם, און איר אַליין האָט זיך געפרייט, וואָס דאָס געשפּרעך האָט זיך שוין ענדלעך געענדיקט. איך האָב מיך דאַמאָלס טאַקע באַלד נאָכגעפרעגט אויף אים בא איוואַן איוואַניטשן און בין געוווּיר געוואָרן, אַז גאָריאַנטשיקאָוו פירט אַ זייער

אָרנטלעך און ריין לעבן, און אַז אַנדערש, וואָלט אים איוואַן איוואַ-
ניטש נישט געווען איינגעלאַדן צו זיינע טעכטער; נאָך, אַז ער איז
זייער נישט געזעלשאַפטלעך, האַלט זיך פון דערווייטנס פון יעדן;
אַז ער איז זייער געבילדעט, לייענט אַ סך, נאָר רעדט זייער ווייניק
און אַז עס איז בכלל מיט אים זייער שווער זיך צו צעשמועסן.
אַנדערע האָבן באַשטעטיקט, אַז ער איז אינגאַנצן אַ משוגענער,
כאָטש זיי זיינען געווען בײַ דער מיינונג, אַז אין תּוך גענומען איז
דאָס נאָך נישט אַזאַ גרויסער חסרון; אַז אַ סך פון די בכבודיקע
מיטגלידער פון שטאָט זיינען גרייט, צו יעדער צייט, פריינטלעך
אויפצונעמען אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש. אַז ער וואָלט געקאָנט זיין
אַפילו נוצלעך, שרייבן ביטעס א. אַ. וו. מען איז געווען בײַ דער
מיינונג, אַז ער מוז געוויס האָבן אַ פיינע משפּחה אין רוסלאַנד, קען
זיין אַפילו גאָרנישט פון די לעצטע מענטשן, נאָר מען האָט געוווּסט,
אַז ער האָט די גאַנצע צייט פון זיין פאַרשיקונג עקשנותדיק איבער-
געריסן מיט זיי אַלע באַציִונגען, מיט איין וואָרט, ער שאַדט זיך
אַליין. דערצו נאָך, האָבן אַלע בײַ אונדז געוווּסט זיין געשיכטע,
מען האָט געוווּסט, אַז ער האָט דערהרגעט זיין פרוי, נאָך אין ערשטן
יאָר פון זיין חתונה, דערהרגעט אויס אייפערזוכט און אַליין וועגן
דעם געמאָלדן (וואָס עס האָט זייער פאַרלייכטערט זיין שטראָף).
אויף אַזעלכע פאַרברעכנס קוקט מען שטענדיק ווי אויף אַן אומגליק,
און מען באַדויערט זיי. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, האָט
דער מאָדנער מענטש עקשנותדיק זיך געהאַלטן פון דערווייטנס פון
אַלעמען און זיך געוויזן צווישן מענטשן נאָר געבן זיינע לעקציעס.

איך האָב אין אָנהייב נישט געלייגט אויף אים קיין באַזונ-
דערן אַכט, נאָר איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס ער האָט מיך ביס-
לעכווייז אָנגעהויבן צו אינטערעסירן. ער האָט געהאַט אין זיך עפּעס
געהיימניספולעס. צעשמועסן זיך מיט אים איז נישט געווען די מינד-
סטע מעגלעכקייט. פאַרשטייט זיך, ער האָט אויף מיינע פראַגן שטענ-

דיק געענטפערט, און אפילו אזוי, ווי ער וואלט דאס געהאלטן פאר זיין ערשטן חוב; נאר נאך זיינע ענטפערן איז מיר עפעס שווער געווען אים ווייטער אויסצופרעגן; און אויף זיין פנים האט זיך שטענדיק, נאך אזעלכע געשפרעכן, געזען עפעס אזא מין אויסדרוק פון לייד און מידעקייט. איך געדענק, איך בין געגאנגען מיט אים אמאל, אין א זייער שיינעם זומערדיקן אוונט, פון איוואן איוואניטש. פלוצלינג איז מיר איינגעפאלן אים איינצורעדן אויף א מינוט צו מיר און פארייכערן א פאפיראס. איך קען נישט באשרייבן, וואס פאר אן אימה עס האט זיך אויסגעדריקט אויף זיין פנים, ער האט זיך אינגאנצן אנגעוווירן, האט אנגעהויבן בורטשען עפעס אומפארשטענד-לעכע ווערטער און פלוצלינג, ביים אנקוק געבנדיק אויף מיר, זיך גע-לאזט לויפן אין דער אנטקעגנגיבערדיקער זייט. איך בין אפילו פאר-וווגדערט געבליבן. פון דאמאלס אן, טרעפנדיק זיך מיט מיר, האט ער געקוקט אויף מיר ווי מיט עפעס א פחד. נאר איך האב מיך נישט איינגעהאלטן. מיך האט עפעס געצויגן צו אים, און אין א חודש ארום בין איך, אן א פארוואס, אליין אריינגעגאנגען צו גא-ריאנטשיקאוון. פארשטייט זיך, איך האב געהאנדלט נאריש און נישט פיין. ער האט געוווינט אין עק שטאט, בא אן אלטער באלעבאסטע, וועלכע האט געהאט א שווינדזוכט-קראנקע טאכטער, און די האט געהאט אן אומגעזעצלעך-געבוירענע טאכטער, א קינד פון א יאר צען, א גוטעטשקע און פרייליך מיידעלע. אלעקסאנדער פעטראוויטש איז געזעסן מיט איר און געלערנט זי לייענען פונקט אין דער מינוט, ווען איך בין אריינגעקומען צו אים. דערזעענדיק מיך, איז ער אזוי צעמישט געווארן, פונקט ווי איך וואלט אים געכאפט בא עפעס א פארברעך. ער האט זיך אינגאנצן אנגעוווירן, איז אויפגעשפרונגען פון בענקל און געקוקט אויף מיר מיט ברייט-צעעפנטע אויגן. מיר האבן זיך, ענדלעך, אנידערגעזעצט. ער האט אנגעשטרענגט נאכגע-פארשט מיין יעדן בליק, ווי ער וואלט אין יעדן פון אים חושד גע-

װען עפּעס אַ באַזונדערן געהיימען געדאַנק. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ער איז פֿול מיט השד ביז משוגעת ער האָט מיט שנאה געקוקט אויף מיר, שיער נישט פֿרעגנדיק: „צי װעסטו נישט באַלד אַװעקגיין פֿון דאַנען?“ איך האָב פֿאַרפֿירט אַ שמועס מיט אים װעגן אונדזער שטעטל, װעגן די לעצטע נייעס; ער האָט געשװיגן און בייז געשמייכלט; עס האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז ער האָט נישט-נאָר נישט געװוּסט די סאַמע געװיינטלעכסטע, אַלעמען באַקאַנטע שטאָטישע נייעסן, נאָר זיך אַפֿילו נישט אינטערעסירט צו װיסן זיי. דערנאָך האָב איך אָנגעהויבן צו רעדן װעגן אונדזער געגנט, װעגן אירע באַדערפֿענישן; ער האָט מיך אויסגעהערט שװייגנדיק און אַזוי מאָדנע מיר געקוקט אין די אויגן אַריין, אַז איך האָב מיך, ענדלעך, אָנגעהויבן שעמען פֿאַר אונדזער געשפּרעך. איבעריקנס, האָב איך אים שיער נישט אין כּעס אַריינגעבראַכט מיט די נייע ביכער און זשורנאַלן; איך האָב זיי געהאַט מיט זיך, נאָר-װאָס פֿון דער פּאָסט, און זיי אים פֿאָרגעלייגט נאָך נישט קיין אויפֿגעשניטענע. ער האָט געװאָרפֿן אויף זיי אַ דורשטיקן בליק, נאָר באַלד געביטן זיין מיין, און אָפּגעװענדט זיין פֿאָרשלאָג, פֿאַררופֿנדיק זיך אויף מאַנגל אין צייט. ענדלעך, האָב איך זיך געזעגנט מיט אים און, אַרויסגייענדיק פֿון אים, האָב איך דערפֿילט, אַז פֿון מיין האַרץ איז אַראָפּגעפֿאַלן עפּעס אַן אומדערטרעגלעכע משא. איך האָב מיך געשעמט און עס האָט מיר אויסגעזען אומגעהייער נאַריש צוצושטיין צו אַ מענטש, װעלכער שטעלט זיך הויפּטזעכלעך פֿאַר זיין גרעסטער אויפֿגאַבע — װי מעגלעך װאָס װייטער זיך צו באַהאַלטן פֿון דער גאַנצער װעלט. נאָר די זאַך איז געװען אָפּגעטון. איך געדענק, אַז קיין ביכער האָב איך ביי אים כּמעט איינגאַנצן נישט באַמערקט און עס איז אַפּנים נישט געװען אמת, װאָס מען האָט גערעדט װעגן אים, אַז ער לייענט אַ סך. פֿונדעסטװעגן, אַדורכפֿאָרנדיק אַ צװיי מאָל, זייער שפּעט באַנאַכט, פֿאַר זיינע פֿענסטער, האָב איך באַמערקט אין זיי ליכט. װאָס-זשע האָט ער

געטאָן, אָפּזיצנדיק אַזוי ביז טאָג? צי האָט ער נישט געשריבן אַמאָל?
און אויב יאָ, וואָס-זשע אַזעלכס?

די אומשטענדן האָבן מיך דערווייטערט פֿון אונדזער שטעטל אויף אַ דריי חדשים. צוריקקומענדיק אַהיים שוין ווינטער-צייט, האָב איך מיך דערוווּסט, אַז אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש איז געשטאָרבן אין הערבסט: ער איז געשטאָרבן אין איינזאַמקייט און אַפֿילו קיין איין מאָל נישט גערופֿן צו זיך דעם דאָקטאָר. אין שטעטל האָט מען שוין כמעט געהאַט אָן אים פֿאַרגעסן. זיין וווינונג איז געשטאַנען ליידיק. איך האָב זיך גלייך באַקענט מיט דער באַלעבאָסטע פֿון געשטאָרבענעם, האָפֿנדיק געוווּיר צו ווערן בײַ איר: מיט וואָס אייגנטלעך איר לאָקאַטאָר האָט זיך באַשעפֿטיקט און צי האָט ער נישט עפּעס געשריבן? פֿאַר אַ צוואַנציק קאָפּעקעס-שטיק האָט זי מיר געברענגט אַ גאַנץ קיישטעלע פּאַפּירן, וואָס זיינען איבערגעבליבן נאָכן פֿאַרשטאָרבענעם. די אַלטע האָט זיך מודה געווען, אַז צוויי פּעקעלעך האָט זי שוין פֿאַרנוצט. דאָס איז געווען אַן אומעטיקע און שווייגנדיקע באַבע, פֿון וועלכער עס איז שווער געווען עפּעס וואָס דייטלעכס געוווּיר צו ווערן. וועגן איר לאָקאַטאָר האָט זי מער נישט געקענט דערציילן קיין שום באַזונדערע נייעס. לויט אירע ווערטער, האָט ער כמעט קיינמאָל גאָרנישט געטאָן און גאַנצע חדשים נישט געעפֿנט קיין בוך און נישט גענומען די פֿעדער אין דער האַנט. פֿאַרדעם פֿלעגט ער גאַנצע נעכט אַרומגיין אַהין-און-צוריק איבערן צימער און אַלץ אײנײנעם עפּעס געקלערט און טיילמאָל אויך גערעדט אַליין מיט זיך; אַז ער האָט זייער ליב געהאַט און זייער געצערטלט איר אייניקל, קאַטיע, באַזונדערס פֿון דאַמאָלס אָן, ווען ער איז געוווּיר געוואָרן, אַז זי הייסט קאַטיע, און אַז אין קאַטערינעס טאָג*) איז ער שטענדיק געגאַנגען עפּעס עמעצן מזכיר-נשמות-זיין.

*) אַזאַ רוסישער יום-טוב.

קיין געסט האָט ער נישט געקענט ליידן; פון דער היים פלעגט ער ארויסגיין נאָר לערנען קינדער; ער האָט קרום געקוקט אפילו אויף איר, דער אַלטער, ווען זי איז איינמאָל אין דער וואָך געקומען כאָטש אַ ביסל צורוימען זיין צימער, און כמעט קיינמאָל נישט גערעדט מיט איר קיין איינציק וואָרט אין פאַרלויף פון די גאַנצע דריי יאָר. איך האָב געפרעגט קאַטין: צי זי געדענקט איר לערער? זי האָט אַ קוק געטון אויף מיר שווייגנדיק, האָט זיך אויסגעדרייט צום ווענטל און זיך צעוויינט. האָט דאָך, ווייזט אויס, דער דאָזיקער מענטש געקענט בא עמעצן אַרויסרופן ליבע צו זיך.

איך האָב מיטגענומען זיינע פאַפירן און אַ גאַנצן טאָג זיי איבערגעקליבן. דריי פערטל פון די פאַפירן זיינען געווען ליידיק, אומבאַדייטנדיקע שטיקלעך, אָדער שילער-איבונגען, איבערגעשריבענע. נאָר עס איז אָבער אויך געווען איין העפטל, אַ גאַנץ דיקס, געדיכט-באַשריבנס און נישט פאַרענדיקטס. אפשר אַ פאַרוואָרפנס און פאַרגעסנס פון מחבר אַליין. דאָס איז געווען אַ באַשרייבונג, כאָטש נישט קיין געבונדענע, פון צען יעריקן קאַטאָרגע-לעבן, וואָס אַלעקסאַנדער פעטראָוויטש האָט דורכגעמאַכט. ערטערווייז, איז די דאָזיקע באַשרייבונג איבערגעריסן געוואָרן דורך עפּעס אַ צווייטער דערציילונג, דורך עפּעס אַזעלכע משונהדיקע, שרעקלעכע ערינערונגען, צונגעוואָרפענע אָן אַ סדר, קראַמפּהאַפט, ווי עפּעס דורך אַ גויטווענדיקייט. איך האָב עטלעכע מאָל איבערגעלייענט די דאָזיקע פראַגמענטן און כמעט זיך איבערצייגט, אַז זיי זיינען געשריבן געוואָרן אין אַ משוגענעם צושטאַנד. נאָר די קאַטאָרגע-מעמואַרן — „סצענעס פון טויטן הויז“, — ווי ער אַליין רופט זיי אָן ערגעץ אין זיין כתב-יד, האָבן מיר אויסגעזען נישט אינגאַנצן אָן אינטערעס. די אינגאַנצן נייע וועלט, וואָס איז נאָך ביז איצט אומבאַקאַנט, די משונהדיקייט פון טייל פאַקטן, עטלעכע באַזונדערע באַמערקונגען וועגן די אומגליקלעכע פאַרלוירענע — האָבן מיך מיט-

געריסן און איך האָב איבערגעלייענט עטלעכע זאַכן מיט נייגערי-
קייט. פאַרשטייט זיך, איך קען מיך טועה זיין. אויף אַ פ־וו וועל
איך אויסקלייבן אַ צוויי דריי קאַפּיטלעך; זאָל אורטיילן דאָס
פּובליקום...

# דאָס טויטע הויז.

אונדזער טורמע איז געשטאַנען אין עק פֿעסטונג, באַם סאַמע תּאָל פֿון פֿעסטונג. עס פֿלעגט טרעפֿן, דו וואַרפֿסט אַ בליק, דורך די שפּאַלטן פֿון פּאַרקן, אויף גאָטס וועלט: צי וועסטו נישט דערזען כאָטש עפּעס וואָס? — און דו דערזעסט נאָר אַ שטיקעלע הימל, און דעם הויכן ערד-וואַל, וואָס איז באַוואַקסן מיט ווילדן גראָז, און הין-און-צוריק איבערן וואַל גייען, טאָג און נאַכט, די וואַכן. און דו טוסט באַלד אַ טראַכט, אַז עס וועלן פֿאַרגיין גאַנצע יאָרן און דו וועסט פּונקט אַזוי ווי אַצינד צוגיין קוקן דורך די שפּאַלטן פֿון פּאַרקן און זען דעם זעלבן וואַל, די זעלבע וואַכן און דאָס זעלבע קליינע שטיקעלע הימל, נישט דעם הימל, וועלכער הענגט איבער דער טורמע, נאָר אַ צווייטן, אַ ווייטן, אַ פֿרייען הימל. שטעלט אייך פֿאָר אַ גרויסן הויף, אַ צוויי הונדערט טריט די לענג און הונדערט און פֿופֿציק טריט די ברייט, אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן, אַרום און אַרום, אין דער פֿאָרם פֿון אַ נישט פֿינקטלעכן זעקס-עק, מיט אַ הויכן פּלויט, דאָס הייסט מיט אַ פּאַרקן פֿון הויכע סופּעס, איינגעגראָבענע שטייענדיקערהייט טיף אין דער ערד, פֿעסט צוגעפּגעדריקטע איינער צום צווייטן מיט די זייטן, צוזאַמענגעפּעסטיקטע אין דער ברייט מיט לייסטן און אין דער הייך פֿאַרשפּיצטע: דאָס איז די אויסערלעכע פֿאַרצוימונג פֿון דער טורמע. אין איינער פֿון די זייטן פֿון דער פֿאַרצוימונג זייגען אַריינגעזעצט שטאַר-

קע טויערן, שטענדיק פאַרמאַכטע, און שטענדיק, טאָג און נאַכט, געהיטענע דורך די וואַכן; זיי האָט מען געעפנט, ווען מען האָט געדאַרפט אַרויסלאָזן אויף אַרבעט. נאָך די דאָזיקע טויערן איז געווען אַ ליבליכע, פרייע וועלט, און עס האָבן געלעבט מענטשן, ווי אַלע מענטשן לעבן. נאָר אויף דער זייט פאַרצוימונג האָט מען וועגן יענער וועלט געהאַט אַ פאָרשטעלונג, ווי וועגן עפּעס אַן אומוואָרהאַפטיק מעשהלע. דאָ זיינען געווען גאַנץ באַזונדערע אייגענע געזעצן; אייגענע קליידער, אייגענע זיטן און מנהגים, אַ לעבעדיק-טויט הויז, אַ לעבן, — ווי נישט אין ערגעץ, און מענטשן גאַנץ באַזונדערע. אָט דאָס דאָזיקע אָפּגעזונדערטע ווינקל נעם איך מיך טאַקע באַשרייבן.

ווען איר קומט אַריין אין דער דאָזיקער פאַרצוימונג, זעט איר אין איר עטלעכע געביידעס. אין ביידע זייטן פון ברייטן אינעווייניקסטן הויף ציִען זיך צוויי לאַנגע איינשטאָקיקע הילצערנע געבייען, דאָס זיינען די קאַזאַרמעס. דאָ וווינען די אַרעסטאַנטן, איינגעטיילטע לויט די אָפּטיילונגען. דערנאָך, אין דער טיף פון דער פאַרצוימונג, נאָך אַזאַ געביידע: דאָס איז די קיך, צעטיילט אין צוויי אָרטעלן; ווייטער נאָך אַ געביידע, וווּ עס געפינען זיך אונטער איין דאַך די קעלערס, סקלאַדן און שאָפּעס. דער מיטן-הויף איז אַ ליידיקער און באַשטייט פון אַ גלייכן גאַנץ גרויסן פּלאַץ; דאָ שטעלן זיך אויס די אַרעסטאַנטן, עס קומט פאָר די פּראָווערקע און דאָס אויסרופן די נעמען אינדערפרי, אין מיטן טאָג און אין אָוונט, טיילמאָל אָבער אויך עטלעכע מאָל אין טאָג, — לויט דעם ווילן פון דער וואַך או איר קענען גיך ציילן. ווייטער, צווישן די געביידעס און דעם פּאַרקן, בלייבט נאָך איבער אַ גאַנץ גרויסער פרייער שטח. דאָ, הינטער די געביידעס, האָבן טייל פון די פאַרשיקטע, די אומגעזעלשאַפטלעכע און אומעטיקע לויטן כאַראַקטער, ליב אַרומצוגיין אין דער פרייער צייט פון אַרבעט, באַהאַלטן פון אַלעמענס אויגן,

און צו טראַכטן זייערע טראַכטונגען. באַגעגנענדיק זיך מיט זיי אין דער צייט פון אַזאַ אַרומגיין, האָב איך ליב געהאַט איינצוקוקן זיך אין זייערע אומעטיקע, געשטעמפּלטע געזיכטער און אָראָפּצולייענען וואָס זיי טראַכטן. עס איז געווען אַ פאַרשיקטער, וואָס זיין ליבסטע באַשעפטיקונג, אין דער פרייער צייט, איז געווען דאָס ציילן די סלופּעס, זיי זיינען געווען טויזנט פינף הונדערט, און ער האָט זיי געהאַט אויפן רעכנונג, יעדן מיט זיין סימן, יעדער סלופּ האָט געהאַט פאַר אים די באַדייטונג פון אַ טאָג. יעדן טאָג האָט ער אָפּגערעכנט צו איין סלופּ און אויף אַזאַ אופן האָט ער, לויט דער איבערגעבליבענער צאָל נישט אָראָפּגערעכנטע סלופּעס, געקענט דייטלעך זען וויפיל טעג עס בלייבן אים נאָך איבער צו זיין אין טורמע ביזן טערמין פון פאַרענדיקן זיין קאַזאָרגע. ער איז באמת געווען צופרידן, ווען ער האָט פאַרענדיקט וועלכע-עס-איז זייט פון דעם זעקס-עק. אַ סך יאָרן איז אים נאָך אויסגעקומען צו וואַרטן. נאָר אין טורמע האָט מען געהאַט צייט זיך אויסצולערנען געדולד. איך האָב געזען אַמאָל, ווי עס האָט זיך געזעגנט מיט די חברים איין אַרעסטאַנט, וועלכער איז אָפּגעווען אויף קאַטאָרגע צוואַנציק יאָר און איז, ענדלעך, אַרויס אויף דער פריי. עס זיינען געווען מענטשן, וועלכע האָבן געדענקט, ווי ער איז אַריין אין טורמע דאָס ערשטע מאָל, אַ יונגער, אַ זאָרגלאָזער, נישט טראַכטנדיק נישט וועגן זיין פאַרברעך און נישט וועגן זיין שטראָף. ער איז אַרויס אַ גרויער אַלטער מאַן, מיט אַן אומעטיקן און פינסטערן פנים. שווייגנדיק איז ער אַרומגעגאַנגען אונדזערע אַלע זעקס קאַזאַרמעס. אַריינגייענדיק אין יעדער קאַזאַרמע, האָט ער אָפּגעגעבן אַ געבעט פאַר יעדן הייליקן בילד, און דערנאָך נידעריק, ביזן גאַרטל, זיך פאַרנייגט פאַר זיינע חברים, בעטנדיק, זיי זאָלן אים נישט געדענקען צום שלעכטן. איך געדענק אויך, ווי מען האָט איינמאָל איין אַרעסטאַנט, וואָס איז פריער געווען אַ באַוואוסטער סיבירער פּויער, צוגערופן אין

אָוונט צום טויער. מיט אַ האַלב יאָר פֿאַר דעם האָט ער געהאַט דערהאַלטן אַ ידיעה, אַז זיין געוועזענע פֿרוי האָט חתונה געהאַט, און ער האָט דאָס זיך שטאַרק צום האַרץ גענומען. אַצינד איז זי אַליין געקומען צו דער טורמע, אַרויסגערופֿן אים און דערלאַנגט אים אַ נדבה. זיי האָבן גערעדט אַ מינוט צוויי, ביידע זיך צעוויינט און זיך געזעגנט אויף אייביק. איך האָב געזען זיין פּנים, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אין קאַזאַרמע... יאָ, דאָ האָט מען געקענט זיך אויסלערנען געדולד.

ווען עס האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, האָט מען אונדז אַלע אַריינגעפֿירט אין די קאַזאַרמעס, וווּ מען האָט אונדז פֿאַרמאַכט אויף אַ גאַנצע נאַכט. מיר איז שטענדיק שווער געווען זיך צוריקצוקערן פֿון הויף אין אונדזער קאַזאַרמע אַריין. דאָס איז געווען אַ לאַנג, נידעריק און שטיקנדיק צימער, וואָס איז טונקל באַלויכטן געוואָרן דורך חלבנע ליכט. וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אַ שווערן, שטיקנדיקן געשטאַנק. איך פֿאַרשטיי נישט אַצינד, ווי איך האָב אויסגעהאַלטן דאָרט צען יאָר. אויף די נאַרעס האָב איך געהאַט דריי ברעטער; דאָס איז געווען מיין גאַנץ אָרט. אויף די דאָזיקע נאַרעס טאַקע האָבן געהאַט זייער פּלאַץ, בלויז אין אונדזער צימער, אַ פּערזאָן דרייסיק. ווינטער האָט מען אונדז פֿרי איינגעשלאָסן; אַ שעה פֿיר האָט מען געדאַרפֿט וואַרטן, ביז אַלע זיינען איינגעשלאָפֿן. און ביז דאַמאָלס איז געווען — אַ גערויש, אַ געפּילדער, אַ געלאַכעריי, אַ זידלעריי, אַ געקלינגעריי פֿון די קייטן, אַ כוואַנט און אַ רויך; געגאָלטע קעפּ, געשטעמפּלטע פּנימער, געלאַטעטע קליידער, אַלץ — באַשריגן, באַזידלט... יאָ, דער מענטש איז שטאַרק אויף אַלעם! דער מענטש איז אַ באַשעפֿעניש, וואָס ווערט צו אַלעם צוגעוויינט און איך מיין, אַז דאָס איז זיין בעסטע באַשטימונג

אינגאַנצן האָבן מיר זיך געפֿונען אין טורמע אַ מאַן צוויי הונדערט און פֿופֿציק, — אַ ציפֿער, כמעט אַ שטענדיקער. טייל זיי-

נעז געקומען, אַנדערע האָבן געענדיקט זייערע טערמינען און אוועק־
געגאַנגען, דריטע זיינען געשטאָרבן. און וואָס פאַר אַ פאַרשידענע
מענטשן עס זיינען דאָ אַלץ נישט געווען! איך מיין, יעדע גובער־
ניע, יעדער קאַנט פון רוסלאַנד האָט דאָ געהאַט זיינע פאַרשטייער.
עס זיינען געווען אויך פון פרעמדע לענדער, עס זיינען געווען
עטלעכע פאַרשיקטע אַפילו פון די קאַווקאַזער בערג־לייט. דאָס אַלץ
איז צעטיילט געוואָרן לויט דער מדרגה פון די פאַרברעכנס, און
פאָלגלעך, לויט דער צאָל יאָרן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר
אַ פאַברעך. מען קען רעכענען, אַז עס איז נישט געווען קיין איין
פאַרברעך, וואָס זאָל נישט געווען האָבן דאָ זיין פאַרשטייער. דער
הויפּט־טייל פון דער גאַנצער טורמע־באַפעלקערונג איז באַשטאַנען
פון פאַרשיקטע קאַטאָרזשניקעס פון בעל־הבתישן שטאַנד. (פעסטע
קאַטאָרזשניקעס, ווי עס האָבן באַזוו אַרויסגערעדט די אַרעסטאַנטן
אַליין). דאָס זיינען געווען פאַרברעכער, בא וועלכע עס זיינען אינ־
גאַנצן צוגענומען געוואָרן אַלע מענטשלעכע רעכט, אָפּגעשניטענע
שטיקער פון דער געזעלשאַפט, מיט אַ געשטעמפּלטן פנים אַלס איי־
ביקער צייכן פון זייער פאַרשוויסנקייט. זיי זיינען פאַרשיקט גע־
וואָרן אויף אַרבעט אויף טערמינען פון אַכט ביז צוועלף יאָר, און
דערנאָך האָט מען זיי צעשיקט, ווו עס איז, איבער די סיבירער
דערפער אַלס פאַרשיקטע. עס זיינען געווען פאַרברעכער אויך פון
מיליטערישן שטאַנד, בא וועלכע מען האָט נישט געהאַט צוגענומען
אַלע רעכט, ווי בכלל אין די רוסישע מיליטערישע אַרעסטאַנטן־
ראָטעס. זיי פלעגט מען פאַרשיקן אויף קורצע טערמינען; נאָכן
ענדיקן אָבער די דאָזיקע טערמינען, האָבן זיי זיך צוריקגעקערט
דאָרט אַהין, פון וואַנען זיי זיינען געקומען, אין מיליטער, אין די
סיבירער ליניע־באַטאַליאָנען. אַ סך פון זיי האָבן זיך כמעט באַלד
ווידער אומגעקערט אין טורמע פאַר צווייטע וויכטיקע פאַרברעכנס,
אָבער שוין נישט אויף קורצע טערמינען, נאָר אויף צוואַנציק יאָר;

דער מין האָט זיך גערופן „שטענדיקער". נאָר די „שטענדיקע" האָבן דאָך נאָך אַלץ נישט געהאַט אָנגעווירן אינגאַנצן אַלע זייערע רעכט. צום סוף, איז געווע' נאָך איין באַזונדערע אָפּטיילונג פון די שרעקלעכסטע פאַרברעכער, איבערהויפּט מיליטערישע, אַ גאַנץ גרויסע. זי האָט געהייסן „די באַזונדערע אָפּטיילונג". פון גאַנץ רוסלאַנד זיינען געשיקט געוואָרן דאָ אַהער פאַרברעכער. זיי האָבן זיך אַליין געהאַלטן פאַר „אייביקע", און האָבן דעם טערמין פון זייער קאַטאָרגע-אַרבעט נישט געוווּסט. לויטן געזעץ, האָט מען זיי געדאַרפט פאַרטאָפּלען און פאַרדריטלען זייער אַרבעט. זיי זיינען אויפגעהאַלטן געוואָרן אין טורמע ביז עס זיינען געעפנט געוואָרן אין סיביר די סאַמע שווערסטע קאַטאָרגע-אַרבעטן. „איר האָט אַ טערמין, און מיר זיינען אָן אַ סוף אויף קאַטאָרגע" — האָבן זיי געזאָגט צו אַנדערע אַרעסטאַנטן. איך האָב דערנאָך געהערט, אַז די אָפּטיילונג איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. אַחוץ דעם, איז אויך אָפּגעשאַפט געוואָרן אי, אונדזער פעסטונג די ציווילע אָרדנונג, און עס איז איינגעפירט געוואָרן איין אַלגעמיינע מיליטער-אַרעסטאַנטישע ראָטע. עס פאַרשטייט זיך, אַז צוזאַמען מיט דעם איז אויך געביטן געוואָרן די נאַטשאַלסטווע. איך באַשרייב, אַלזאָ, די פאַרגאַנגענהייט, זאַכן, וואָס זיינען שוין לאַנג פאַרשוווּנדן און פאַרגאַנגען...

דאָס איז געווען שוין גאַנץ לאַנג; דאָס אַלץ חלומט זיך מיר אַצינד ווי אין שלאָף. איך געדענק, איך בין נאָר וואָס אָנגעקומען אין טורמע. דאָס איז געווען אין אָוונט, אין חודש דעצעמבער. עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקל צו ווערן; דער עולם האָט זיך צוריקגעקערט פון דער אַרבעט: מען האָט זיך געגרייט צו דער פּאָווערקע. אַן אונטעראָפיציר מיט וואָנסעס, האָט מיר, ענדלעך, געעפנט די טיר אין דעם דאָזיקן מערקווירדיקן הויז אַריין, אין וועלכן איך האָב באַדאַרפט פאַרברענגען אַזוי פיל יאָרן, אַריבערטראָגן אַזוי פיל איבערלעבונגען, וועגן וועלכע איך וואָלט נישט געקענט האָבן דעם

מינדסטן באַגריף, ווען איך וואָלט זיי נישט געווען באמת דורכגעלעבט. איך וואָלט מיר, צום ביישפּיל, אויף קיין פאַל נישט געווען געקענט פאָרשטעלן, אַז דאָס שרעקלעכסטע און פיינלעכסטע וועט באַשטיין אין דעם, וואָס איך וועל אין די גאַנצע צען יאָר פון מיין קאַטאָרגע, קיין איין מאָל, קיין איין מינוט נישט זיין אַליין? אויף דער אַרבעט אונטערן קאָנוואָי, אינדערהיים מיט צוויי הונדערט חברים און קיין איין מאָל, קיין איין מאָל נישט — אַליין! איבעריקנס, נאָר צו דעם אַליין האָב איך מיך געדאַרפט צוגעוויינען!?

עס זיינען דאָ געווען מערדער, וואָס זיינען עס געוואָרן נישט מיט זייער ווילן, און מערדער לויטן פאַך, רוצחים און אַטאַמאַנען פון רוצחים. עס זיינען געווען פּשוטע שווינדלער און בראָדיאַגעס, — מאַכערס פון פאַלש געלט און אַנדערע אַזעלכע לייט. עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וועגן וועלכע עס איז שווער געווען צו באַשליסן: פאַרוואָס זיי האָבן, אַ שטייגער, געקענט קומען אַהער? — און דאָך, האָט זיך יעדערער געהאַט זיין דערציילונג, אַ שווערע און אַ טרויעריקע, ווי אַ סוואָנט נאָך אַ נעכטיקער שיכּרות. בכלל, האָבן זיי וועגן זייער פאַרגאַנגענהייט גערעדט ווייניק, נישט ליב געהאַט צו דערציילן און אַפּנים זיך באַמיט נישט צו טראַכטן וועגן דער פאַרגאַנגענהייט. איך האָב געקענט צווישן זיי אַפילו מערדער, אַזעלכע פריילעכע, וועלכע האָבן אַזוי קיינמאָל וועגן גאָרנישט זיך פאַרטראַכט, אַז מען האָט זיך געקענט געוועטן, אַז דאָס געוויסן האָט זיי נאָך קיינמאָל נישט געמאַכט קיין שום פאָרוואורף. עס זיינען אויך געווען אומעטיקע, כּמעט שטענדיק שווייגנדיקע. בכלל, האָט וועגן זיין לעבן זעלטן ווער אַמאָל דערציילט און אויך איז נייגעריקייט נישט געווען אין דער מאָדע, עפּעס נישט לויט די מנהגים, נישט אָנגענומען. אַזוי אפשר, פלעגט זיך טייל מאָל עמעצער, נישט האָבנדיק וואָס צו טון, גלאַט אַזוי צערעדן און דער צווייטער הערט אים קאַלטבלוטיק און אומעטיק אויס. דאָ האָט קיינער קיינעם נישט גע-

קינדס פאַרוואונדערן. „מיר — זיינען קינדער!“ — האָבן זיי אָפט גערעדט, מיט עפּעס אַ מערקווירדיקער זעלבסטצופרידנהייט. איך געדענק, ווי איינמאָל האָט איין מערדער, אַ שיכּורער (אויף קאַטאָרגע האָט מען זיך טיילמאָל געקענט אָנשיכּורן), אָנגעהויבן דערציילן, ווי אַזוי ער האָט געשאָכטן אַ פינף-יעריק יינגל, ווי אַזוי ער האָט אים פריער פאַרנאַרט מיט אַ שפּילעכל, אַוועקגעפירט ערגעץ אין אַ ליידיקן שייער, און דאָרט אים דערשאָכטן. די גאַנצע קאַזאַרמע, וועלכע האָט ביז אַצינד שטענדיק געלאַכט פון זיינע וויצן, האָט אַ געשריי געטון, ווי איין מענטש, און דער מערדער איז געצוווּנגען געווען שטיל צו בלייבן. נישט פון פאַרדרוס האָט די קאַזאַרמע אַ געשריי געטון, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל מען האָט נישט געדאַרפט רעדן וועגן דעם, ווייל עס איז נישט אָנגענומען וועגן אַזעלכע זאַכן צו רעדן. איך פלעג אגב באַמערקן, אַז זיי זיינען ווירקלעך געווען נישט קיין פאַרגרעבטע, נישט אין פאַרקערטן זין געמיינט, נאָר טאַקע אין בוכשטעבלעכן. געוויס, אַ העלפט פון זיי האָט זיכער געקענט לייענען און שרייבן. טייל אָפּ ערגעץ אין אַן אָרט, ווי רוסישע נעמען זיך צונויף, אַ קופּע פון צוויי הונדערט און פופציק מענטשן, פון וועלכע אַ העלפט זאָל קענען לייענען און שרייבן? איך האָב געהערט דערנאָך, אַז מען האָט אָנגעהויבן אַרויסדרינגען פון אַזעלכע עהנלעכע פאַקטן, אַז די בילדונג פירט איבער דאָס פאָלק. דאָס איז אַ טעות: דאָ זיינען דאָ אינגאַנצן אַנדערע סיבות, כאָטש מען קען אויך נישט זיין איינשטימיק, אַז די בילדונג אַנטוויקלט אין פאָלק אַ געפיל פון זעלבסטזיכערקייט. נאָר דאָס איז דאָך גאָרנישט קיין חסרון. עס האָבן זיך אונטערגעשיידט די אַלע אָפּטיילונגען לויט זייער קליידונג: ביי אַ טייל איז אַ האַלבע קורטקע געווען טונקל-ברוין און די צווייטע גרוי, אויך לויט די הויזן, איין פוס אַ גרויער און דער צווייטער אַ טונקל-ברוינער. איינמאָל, אויף דער אַרבעט, האָט אַ מיידל, אַ

זעמל-פאַרקויפערין, וועלכע איז צוגעקומען צו די אַרעסטאַנטן, זיך לאַנג איינגעקוקט אין מיר און דערנאָך זיך פּלוצלינג צעלאַכט. — „פו, ווי נישט שיין! — האָט זי אַ געשריי געטון — אַ גרוי געוואַנט האָט צוגעפעלט, אַ שוואַרץ געוואַנט האָט אויסגעפעלט!“ עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, בײַ וועלכע די גאַנצע קורטקע איז געווען פון איין גרויען געוואַנט, נאָר בלויז די אַרבל זיינען געווען טונקל-ברוין. די קעפּ האָט מען אויך געגאָלט פאַרשידן; בײַ טייל איז אַ האַלבער קאָפּ געווען אָפּגעגאָלט אין דער לענג שאַרבן, בײַ די אַנדערע ווידער אין דער ברייט.

פון ערשטן בליק האָט מען באַלד געקענט באַמערקן אַ געוויסע שאַרפע געמיינזאַמקייט אין דער דאָזיקער גאַנצער מערקווירדיקער משפּחה; אַפילו די סאַמע שאַרפסטע, סאַמע אָריגינעלסטע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אומווילנדיק געהערשט איבער די אַנדערע, אויך די האָבן זיך באַמיט צו כאַפּן דעם אַלגעמיינעם טאָן פון דער גאַנצער טורמע. בכלל אָבער, וועל איך זאָגן, אַז דער דאָזיקער גאַנצער עולם, אַ חוץ עטלעכע אויסנאַמען פון אומערשעפּלעך-פריילעכע מענטשן, וואָס זיינען דערפאַר פאַראַכטעט געווען פון אַלע — איז אַן אומעטיקער, קנאַהדיקער, וואָס האָט זיך שרעקלעך ליב צו באַרימען, אַ שטאָלצער, וואָס באַליידיקט זיך באַלד און אויף דער העכסטער שטופע אַ פאָרמאַליסט. די אייגנשאַפט זיך פון גאָרנישט צו וווּנדערן האָט מען געהאַלטן פאַר דער גרעסטער מעלה. אַלע זיינען געווען פאַרכאַפּט, פשוט, ביז משוגעת, ווי אַזוי זיך אויסערלעך צו האַלטן. נאָר נישט זעלטן האָט די סאַמע שטאָלצסטע האַלטונג, מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ, זיך געביטן אויף דער סאַמע אונטערטעניקסטער. עס זיינען געווען עטלעכע באמת-שטאַרקע; די זיינען געווען פשוט בײַ זיך און האָבן נישט געמאַכט קיין אָנשטעלן. נאָר אַ מאָדנע זאַך, צווישן די דאָזיקע באמת-שטאַרקע מענטשן זיינען געווען עטלעכע באַרימער ביז דער העכסטער שטופע, כמעט ביז

קרענקלעכקייט. בכלל איז בארימעריי און די אויסערלעכע זייט
געווען אויפן ערשטן פלאן. די מערהייט איז געווען צעלאזט און
שרעקלעך געמיין. רכילות און איבערטרייבונגען האבן זיך געשיט
אן אן אויפהער: דאס איז געווען א גיהנום, א שרעקלעכע פינ-
סטערניש. נאר קעגן די אינערלעכע געזעצן און אנגענומענע מנהגים
פון טורמע, האט קיינער זיך נישט אונטערגעשטעלט ארויסצוטרעטן;
אלע האבן זיך אונטערגעווארפן. עס זיינען געווען כאראקטערן שטארק
זיך אנזענדיקע, וועלכע האבן שווער און מיט אנשטרענגונג זיך אונ-
טערגעווארפן, אבער דאך זיך אונטערגעווארפן. עס זיינען געקומען
אין טורמע אריין אזעלכע, וועלכע האבן שוין צופיל געהאט איינ-
געריסן מיט דער וועלט, אינגאנצן ארויסגעשפרונגען פון דער גרענעץ
אויף דער פריי, אזוי, אז זיי האבן שוין אויך זייערע פארברעכנס
צום סוף אפגעטון, ווי נישט אליין, ווי אליין נישט וויסנדיק צוליב
וואס, ווי אין א היץ, אין א סוואנד, אפט אויס גאווה, וואס האט זיך
אויפגעכאפט אין זיי ביז דער העכסטער שטופע. נאר בא אונדז
האט מען זיי באלד אנידערגעזעצט, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואס
טייל פון זיי האבן ביזן אנקומען אין טורמע אנגעווארפן אן אימה
אויף גאנצע דערפער און שטעט. ארומקוקנדיק זיך ארום און ארום,
האט דער נייער גאסט באלד באמערקט, אז דא איז נישט זיין ארט,
אז דא איז שוין נישטא קיינעם מיט וואס צו פארוווּנדערן, און ער
האט זיך אומבאדינגט בארויקט און געכאפט דעם אלגעמיינעם טאן.
דער דאזיקער אלגעמיינער טאן איז באשטאנען אויסערלעך אין עפעס
א באזונדערן אייגנטלעכן שטאלץ, מיט וועלכן עס איז געווען דורכגע-
דרונגען כמעט יעדער איינוווינער פון טורמע. פונקט ווי דער נאמען קא-
טארזשניק, פאראורטיילטער, וואלט באמת געווען א טיטל, און נאך
א בכבודיקער, נישט קיין סימן פון שאנד און חרפה! איבעריקנס,
עס איז אויך געווען עפעס אן אויסערלעכע הכנעה, אזוי צו זאגן,
אן אפיציעלע, א מין רויקער יאוש: „מיר זיינען מענטשן פאר־

לוירענע, — האָבן זיי געזאָגט — האָסט נישט געקענט אויף דער פריי לעבן, מוזסטו אַצינד דורך דער גרינער גאַס לויפן, די רייען ציילן". „נישט געוואָלט טאַטע-מאַמעס האָרכן, מוזסטו אַצינד די פויקן-פעל פּאַלגן". „נישט געוואָלט מיט קיין גאָלד גייען, מוזסטו אַצינד מיטן האַמער איבער די שטיינער דרייען". דאָס אַלץ איז אָפּט גערעדט געוואָרן, סיי אַלס מוסר-ווערטער און סיי אַלס געוויינטלעכע ווערט-לעך און שפּריך-ווערטער, נאָר קיינמאָל נישט ערנסט. דאָס אַלץ איז געווען בלויז ווערטער. איך בין מסופק, צי עס האָט זיך כאָטש איי-נער פון זיי אינערלעך מודה געווען אין זיין שולד. זאָל געווען פּרווון עמעצער, נישט פון די קאַטאָרזשניקעס פאַרוואַרפן אַן ערעסטאַנט זיין פאַרברעך, אָנזידלען אים (כאָטש, איבעריקנס, עס ליגט נישט אין רוסישן גייסט פאַרצוואַרפן אַ פאַרברעכער) — וואָלט שוין צו די זידלע-רייען קיין סוף נישט גענומען. און וואָס פאַר אַ מייסטערס זיי זיי-נען אַלע געווען צום זידלען! זיי האָבן זיך געזידלט פיין, קינסט-לעריש. דאָס זידלען זיך איז דערהויבן געוואָרן בא זיי ביז אַ לערע; זיי האָבן זיך באַמיט צו באַנוצן, נישט אַזוי פיל מיט דעם באַליידיקונגס-וואָרט, ווי מיט דעם זין, גייסט, אידעע, פון דער באַליידיקונג — און דאָס איז אַ סך שאַרפער, גיפטיקער. די אומאויפהערלעכע קריגערייען האָבן נאָך מער אַנטוויקלט צווישן זיי די־זאָזיקע לערע. די דאָזיקע גאַנ-צע מחנה מ נטשן האָט געאַרבעט אונטערן שטעקן, דעריבער איז זי געוואָרן פויל, דעריבער איז זי געוואָרן צעלאָזט. אויב איינער איז נאָך אַפילו פריער נישט געווען צעלאָזט, איז ער דאָ אויף קאַ-טאָרגע צעלאָזט געוואָרן. אַלע זיינען זיי זיך צונויפגעקומען דאָ אַהער נישט מיט זייער ווילן; אַלע זיינען זיי זיך געווען איינער דעם צווייטן פרעמד.

„דער טייוול האָט פריער דריי פּאָר שיך צעריסן, איידער ער האָט אונדז אויף איין קופּע צונויפגעקליבן!" — האָבן זיי אַליין געזאָגט וועגן זיך, און דעריבער זיינען רכילות, אינטריגעס, ווייבע-

רישע פּלוידערייען, קנאה, שנאה, קריג, כּעס, געווען שטענדיק אויפֿן ערשטן פּלאַן אין דעם דאָזיקן שרעקלעכן לעבן. קיין שום באַבע וואָלט נישט אומשטאַנד געווען צו זיין אַזאַ באַבע, ווי טייל פֿון די דאָזיקע מערדער. איך חזר איבער, עס זײַנען געווען צווישן זיי אויך מענטשן שטאַרקע, כאַראַקטערן, וואָס זײַנען געוווינט געווען זייער גאַנץ לעבן אַלץ דורכצוברעכן און צו באַפֿעלן, פֿאַרהאַרטעוועטע, דרייסטע. די דאָזיקע האָט מען אומווילנדיק געאַכטעט; זיי ווידער, פֿון זייער זײַט, כאָטש זיי האָבן זיך אָפּט אַפֿילו גאַנץ ערנסט באַצויגן צו זייער רום, נאָר בכלל האָבן זיי זיך באַמיט נישט צו פֿאַלן קיינעם צו לאַסט, אין קיין פּוסטע זידלערייען האָבן זיי נישט קיין אײַנטייל גענומען, האָבן זיך אויפֿגעפֿירט אומגעוויינטלעך בכּבֿודיק, זײַנען געווען באַרעכנט און כּמעט שטענדיק געהאָרכזאַם דער נאַטשאַלסטוואָ, — נישט צוליב דעם פּרינציפּ פֿון געהאָרכזאַמקייט; נישט צוליב דער אָנערקענונג פֿון די פֿליכטן, נאָר אַזוי גלאַט, ווי דורך עפּעס אַן אָפּמאַך, אָנערקענענדיק די קעגנזײַטיקע באַקוועמלעכקייטן. איבעריקנס, איז מען זיך מיט זיי אויך באַגאַנגען פֿאָרזיכטיק. איך געדענק, ווי מען האָט איינעם פֿון אַזעלכע אַרעסטאַנטן, אַ מענטש נישט קיין שרעקעוודיקן און אַנטשלאָסענעם, וואָס איז באַקאַנט געווען דער נאַטשאַלסטוואָ מיט זײַנע חיהשע נייגונגען, גערופֿן אַמאָל, פֿאַר עפּעס אַ פֿאַרברעך צום באַשטראָפֿן, דער טאָג איז געווען אַ זומערדיקער, די צײַט נישט קיין אַרבעט-צײַט. דער שטאַב-אָפֿיצער, דער נאָנטסטער און אומיטלבאַרער נאַטשאַלניק פֿון טורמע איז געקומען אַליין אין דער הויפּט-וואַך, וואָס האָט זיך געפֿונען האַרט לעבן אונדזער טויער, בײַצווווינען די באַשטראָפֿונג. דער מאַיאָר איז געווען עפּעס אַ פֿאַטאַלע בריאה פֿאַר די אַרעסטאַנטן; ער איז געווען ביז משוגעת שטרענג „זיך געוואָרפֿן אויף מענטשן,“ ווי די קאַטאָרזשניקעס האָבן געזאָגט. צום מײַנסט האָט זיי אָפּגעשראָקן אין אים זײַן דורכדרינגענדיקער, פֿלינקער בליק, פֿאַר וועלכן עס איז נישט מעגלעך גע-

ווען גאָרנישט צו באַהאַלטן. ער האָט געזען, עפּעס אַפילו נישט קוקנדיק, אַריינקומענדיק אין טורמע, האָט ער שוין געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אין איר צווייטן עק. די אַרעסטאַנטן האָבן אים גערופן דער אַכט-אויגיקער. זיין סיסטעם איז געווען אַ פאַלשער. ער האָט נאָר אין כעס אַריינגעבראַכט די שוין אַזוי אויך צערייצטע מענטשן מיט זיינע משוגענע איינפאַלן, און ווען ער וואָלט נישט געהאַט איבער זיך דעם קאָמענדאַנט, אַ מענטש אַן איידעלן, באַרעכנטן, וואָס האָט איינגעהאַלטן טיילמאָל זיינע ווילדע איינפאַלן, וואָלט ער גע-ווען אָנגעמאַכט גרויסע אומגליקן מיט זיין רעגירן. איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי ער האָט געקענט ענדיקן גליקלעך: ער איז אַרויס פון זיין דינסט לעבעדיק און געזונט, כאָטש איבעריקנס, ער איז אויך אָפּגעגעבן געוואָרן אין געריכט.

דער אַרעסטאַנט איז בלייך געוואָרן, ווען מען האָט אים אַ רוף געטון. געוויינטלעך האָט ער זיך שווייגנדיק און צעשלאָסן געלייגט אונטער די ריטער, שווייגנדיק געליטן די שטראָף און זיך אויפגעהויבן נאָך דער באַשטראָפונג ווי אַן אויפגעטרייסלטער, קאַלט-בלוטיק און פילאָזאָפיש קוקנדיק אויף זיין פאַרגעקומענעם דורכ-פאַל. מיט אים איז מען זיך, איבעריקנס, באַגאַנגען שטענדיק פאָר-זיכטיק. נאָר דאָס מאָל האָט ער זיך געהאַלטן צוליב עפּעס-וואָס פאַר גערעכט. ער איז בלאַס געוואָרן און זייער געהיים פון דער וואַך באַוויזן אַריינצוריקן אין אַרבל אַ שאַרף, ענגליש שוסטער-מעסער. מעסערס און אַלע אַנדערע שאַרפע אינסטרומענטן זיינען שטאַרק פאַרווערט געווען אין טורמע. אונטערזוכונגען זיינען פאָרגעקומען אָפט, אומדערוואַרטע, און נישט קיין שפּאַסיקע, די באַשטראָפונגען אכזריותדיקע. נאָר אַזוי ווי עס איז שווער צו געפינען עפּעס בײַ אַ גנב, ווען ער אַנטשליסט זיך עס באַזונדערס גוט צו באַהאַלטן, און אַזוי ווי מעסערס און אינסטרומענטן זיינען געווען אַ שטענדיקע נויטווענדיקייט אין טורמע, האָבן זיי, נישט קוקנדיק אויף די אַלע

אונטערזוכונגען, קיינמאָל נישט אויסגעפעלט. און אויב מען האָט זיי צוגענומען, האָט מען זיך גלייך פאַרשאַפט אַנדערע. די גאַנצע קאַטאָרגע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום פּאַרקן און מיט אַן אָפּגעשטאָרבן האַרץ געקוקט דורך די שפּאַרעס פון די סלופּעס. אַלע האָבן געוווּסט, אַז פּעטראָוו וועט זיך דאָס מאָל נישט וועלן לייגן אונטער די ריטער אַן, אַז צום מאַיאָר איז געקומען אַ סוף. נאָר אין דער סאַמער אַנטשלאָסענער מינוט, איז אונדזער מאַיאָר אויפגעזעסן אויף דער דראָזשקע און אַוועקגעפאָרן, איבערגעבנדיק דאָס אויספירן פון דער עקזעקוציע אַ צווייטן אָפיצער. „גאָט אַליין האָט אים מציל געווען!" — האָבן דערנאָך גערעדט צווישן זיך די אַרעסטאַנטן. וואָס שייך פּעטראָוו, האָט ער די שטראָף איבערגעטראָגן זייער רויק. זיין כּעס איז אַריבער מיטן אַוועקפאָרן פון מאַיאָר. דער אַרעסטאַנט איז געהאַט כּוח און נאַכגיביק ביז אַ געוויסער מאָס; נאָר עס איז דאָ אַ גרענעץ, וועלכע מען דאַרף נישט אַריבערטרעטן. באמת: קיין שום זאַך קען נישט זיין בייגעריקער פאַר די דאָזיקע מערקווירדיקע אויסברוכן פון אומגעדולד און עזות. אָפט ליידט דער מענטש עטלעכע יאָר, גיט זיך אונטער, האַלט אויס די אַכזריותדיקסטע באַשטראָפונגען און פּלוצלינג רייסט ער זיך אָפּ צוליב עפּעס אַ קלייניקייט, צוליב עפּעס אַ נאַרישקייט, כּמעט פאַר גאָרנישט. בײַ אַ טייל קען אַזעלכער אָנגערופן ווערן פּשוט משוגענער; און אַזוי ווערט ער טאַקע אָנגערופן.

איך האָב שוין געזאָגט, אַז אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר, האָב איך נישט באַמערקט בײַ די דאָזיקע מענטשן קיין איינציקן סימן פון חרטה, קיין מינדסטן פיינלעכן געדאַנק וועגן זייער פאַרברעך, און אַז אַ גרויסער טייל פון זיי האַלט זיך אינערלעך אינגאַנצן פאַר גערעכט. דאָס איז אַ פאַקט. פאַרשטייט זיך, אַז דער שטאָלץ, די שלעכטע ביישפּילן, די ווילינגערישקייט, די פאַלשע שעמעוודיקייט — זיינען אין אַ סך פאַלן די סיבה צו דעם. פון

דער צווייטער זייט אָבער, ווער קען זאָגן, אַז ער האָט שוין דערפֿאָרשט די טיפֿקייט פֿון די דאָזיקע פֿאַרלוירענע הערצער און איבערגעלייענט אין זיי דאָס, וואָס איז באַהאַלטן פֿון דער גאַנצער וועלט? נאָר עס איז דאָך פֿאָרט מעגלעך געווען, אין אַזוי פֿיל יאָרן, כאָטש עפּעס־וואָס צו באַמערקן, צו פֿאַרשטיין, אויפֿצוכאַפּן אין די דאָזיקע הערצער כאָטש אַ וואָסער נישט איז שטריך, וועלכער וואָלט עדות־געזאָגט אויף אַן אינערלעכער בענקשאַפֿט, אויף ליידן. נאָר דאָס איז נישט געווען, לחלוטין נישט געווען. יאָ, אַ פֿאַרברעך, דאַכט זיך, קען נישט באַטראַכט ווערן לויט די געוויינטלעכע, אָנגענומענע שטאַנדפּונקטן, און זיין פֿילאָזאָפֿיע איז אַ ביסל שווערער, ווי מען מיינט. פֿאַרשטייט זיך, אַז די טורמעס און דער סיסטעם פֿון די געצוווּנגענע אַרבעטן מאַכן דעם פֿאַרברעכער נישט בעסער; זיי באַשטראָפֿן אים נאָר און פֿאַרהיטן די געזעלשאַפֿט פֿון די ווייטערע פֿאַרזוכן פֿון דעם מערדער צו שטערן איר רו. אין דעם פֿאַרברעכער אָבער אַנטוויקלען די טורמע און די סאַמע שווערסטע קאַטאָרגע־אַרבעט נאָר אַ שׂנאה, אַ דורשט נאָך די פֿאַרבאָטענע פֿאַרגעניגנס און אַ שרעקלעכע לייכטזיניקייט. נאָר איך בין פֿעסט איבערצייגט, אַז דער באַרימטער תּפֿיסה־סיסטעם דערגרייכט נאָר בלויז אַ פֿאַלשן, גענאַרטן, אויסערלעכן ציל. ער זויגט אויס דעם לעבנסזאַפֿט פֿון מענטש, צערודערט זיין נשמה, שוואַכט זי אָפּ, שרעקט זי אָן און שטעלט דערנאָך אַרויס אַ מאָראַליש־אויסגעטרוקנטע מומיע, אַ האַלב־משוגענעם, אַלס מוסטער פֿון אויסבעסערונג און חרטה. פֿאַרשטייט זיך, אַז דער פֿאַרברעכער, וועלכער איז אויפֿגעשטאַנען קעגן דער געזעלשאַפֿט, פֿאַראַכטעט זי און האַלט זיך כּמעט שטענדיק פֿאַר גערעכט און זי — פֿאַר שולדיק. דערצו נאָך, האָט ער דאָך שוין באַקומען פֿון איר אַ שטראָף, און האַלט זיך שוין צוליב דעם כּמעט פֿאַר ריין, פֿאַר אָפּגערעכנט. מען קען, ענדלעך, קומען צו דער מיינונג, פֿון אַזאַ שטאַנדפּונקט, אַז מען וועט שוין באַלד

דאַרפן דעם פאַרברעכער אַליין, כמעט, פאַר גערעכט האַלטן. נאָר נישט קוקנדיק אויף אַלע מעגלעכסטע שטאַנדפונקטן, וועט דאָך יעדער איינשטימען, אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע פאַרברעכנס, וועלכע רעכענען זיך שטענדיק און אומעטום, לויט אַלע מעגלעכסטע געזעצן, פון אָנהייב וועלט אָן, פאַר זיכערע פאַרברעכנס און וועלן זיך אַלס אַזעלכע רעכענען אַזוי לאַנג, ווי לאַנג מענטש וועט נאָר בלייבן מענטש. נאָר אין טורמע האָב איך געהערט דערציילונגען וועגן די שרעקלעכסטע, וועגן די אומנאַטירלעכסטע טאַטן, וועגן די שרעקלעכסטע, ווונדערלעכסטע מאָרדן, וואָס זיינען דערציילט געוואָרן מיט דעם הילכסט-פרייען און קינדעריש-זאָרגלאָזן געלעכטער. באַזונדערס גייט מיר נישט אַרויס פון זכרון איין פאָטער-מערדער. ער האָט געשטאַמט פון אַדל, האָט געדינט, און זיין זעכציק-יעריקער פאָטער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ פאַרשווענדערישן זון. ער האָט זיך אויפגעפירט זייער אויסגעלאַסן, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין חובות. דער פאָטער האָט אים באַגרענעצט, האָט אַריינגערעדט אין אים; נאָר דער פאָטער האָט אָבער געהאַט אַ הויז, אַ גוט, מען האָט גערעכנט, אַז ער האָט געלט, און — דער זון האָט אים דערהרגעט, וועלנדיק באַקומען די ירושה. דער פאַרברעך איז אַנטדעקט געוואָרן ערשט אין אַ חודש אַרום. דער מערדער אַליין האָט געמאָלדן אין פאָליציי, אַז דער פאָטער זיינער איז פאַרשווונדן געוואָרן, און מען קען נישט וויסן וווהין. דעם גאַנצן חודש האָט ער פאַרברענגט אויף דעם אויסגעלאַסנסטן אופן. ענדלעך האָט די פאָליציי אין זיין געגנוואַרט געפונען דעם קערפער. אויפן הויף, אין זיין גאַנצער לענג, האָט זיך געצויגן אַ קאַנאַלעכל, דורך וועלכן עס איז אָפגערונען דאָס אומריינקייט און וועלכעס איז געווען באַדעקט מיט ברעטער. דער קערפער איז געלעגן אין דעם קאַנאַלעכל. ער איז געווען אָנגעטאָן, אויסגעפוצט, דער גרויער קאָפ איז געווען אָפגעשניטן, צוגעלייגט צום גוף, און אונטער דעם קאָפ האָט דער מערדער אונטערגעלייגט

אַ קישן. ער האָט זיך נישט מודה געווען. מען האָט אים צוגענומען דעם נאָמען דוואָריאַנין, זיין ראנג און פאַרשיקט אויף צוואַנציק יאָר קאטאָרגע. די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב געלעבט מיט אים, איז ער געווען אין דער אויסגעצייכנטער, פרייליכסטער שטימונג. דאָס איז געווען אַ נאַרישער, לייכטזיניקער, אויף דער העכסטער שטופע נישט באַרעכנטער מענטש, כאָטש גאָרנישט קיין נאַר. איך האָב קיינמאָל נישט באַמערקט אין אים קיין שום באַזונדער אכזריותדיקייט. די אַרעסטאַנטן האָבן אים פיינט געהאַט, נישט פאַר זיין פאַרברעך, וועגן וועלכן מען האָט אפילו קיינמאָל נישט דערמאָנט, נאָר פאַר זיין אידיאָטישקייט, פאַר דעם, וואָס ער האָט זיך נישט געקענט האַלטן. שמועסנדיק, האָט ער טייל מאָל דערמאָנט וועגן זיין פאָטער. איינמאָל, רעדנדיק מיט מיר וועגן זיין געזונטער געבויטקייט, וואָס איז איבערגעגאַנגען בירושה בא זיי אין דער משפחה, האָט ער צוגעגעבן: „אָט, מיין פאָטער, האָט זיך קיינמאָל נישט, ביז זיין סאַמע טויט, געקלאָגט אויף קיין שום קראַנקהייט". אַזאַ חיהשע טעמפּקייט איז, פאַרשטייט זיך, שוין איבער דער גרענעץ. דאָ האָבן מיר שוין צו טון עפּעס מיט אַ פעלער, עפּעס מיט אַ קערפּערלעכן און מאָראַלישן מום, וואָס איז נאָך נישט באַקאַנט דער וויסנשאַפט, און נישט מיט קיין געוויינטלעכן פאַרברעך. פאַרשטייט זיך, איך האָב נישט געגלויבט אין דעם. נאָר מענטשן פון זיין שטאָט, וועלכע האָבן באַדאַרפט וויסן אַלע איינצלהייטן פון זיין געשיכטע, האָבן מיר דערציילט די דאָזיקע גאַנצע זאַך זיינע. די פאַקטן זיינען געווען אויף אַזוי פיל קלאָר, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען נישט צו גלייבן.

די אַרעסטאַנטן האָבן געהערט ווי ער האָט געשריגן איינמאָל באַנאַכט פון שלאָף: „האַלט אים, האַלט! דעם קאָפּ האַק אים, דעם קאָפּ, דעם קאָפּ!..."

כמעט אַלע אַרעסטאַנטן האָבן גערעדט באַנאַכט פון שלאָף.

זידל-וועבער, גנבישע רייד, מעסערס, העק זיינען זיי מער פאַראַלץ געקומען אין שלאָף אויף דער צונג „מיר זיינען מענטשן געשלאָגענע, — האָבן זיי געזאָגט — באַ אונדז זיינען די קעשקעס אָפּגעהאַקט, דערפאַר שרייען מיר באַנאַכט.“

די קאַזשאַנע, קאַטאָרזשנע אַרבעט אין פעסטונג איז געווען נישט קיין פרייע באַשעפטיקונג, נאָר אַ פליכט: דער אַרעסטאַנט האָט אָפּגעאַרבעט זיין טייל אַרבעט אָדער איז איבערגעקומען די געזעצלעכע שטראָף פון דער אַרבעט און איז צוריקגעגאַנגען אין טורמע אַריין. אויף דער אַרבעט האָבן זיי געקוקט מיט שנאה. אָן זיין באַזונדערער, פריוואַטער באַשעפטיקונג, צו וועלכער ער איז איבערגעגעבן געווען מיט זיין גאַנצן פאַרשטאַנד, מיט זיין גאַנצער אויסגערעכנטקייט, וואָלט דער מענטש אין טורמע נישט געקענט לעבן. וואָרים ווי אַזוי וואָלט דער דאָזיקער גאַנצער געזונטער עולם מענטשן, וועלכער האָט אַמאָל אַזוי שטאַרק אַ לעבן געטון, און אַצינד געוואָלט לעבן, וועלכער איז מיט געוואַלט צונויפגעבראַכט געוואָרן דאָ אַהער אויף איין קופּע, מיט געוואַלט אָפּגעריסן געוואָרן פון דער געזעלשאַפט און פון נאָרמאַלן לעבן, געקענט זיך דאָ נאָרמאַל און געזעצלעך איינלעבן, מיט זיין אייגענעם ווילן און חשק? פון בלויזן ליידיקגיין וואָלטן זיך דאָ אַנטוויקלט אַזעלכע פאַרברעכערישע אייגנשאַפטן, וועגן וועלכע ער האָט פריער אפילו דעם מינדסטן באַגריף נישט געהאַט. אָן אַרבעט און געזעצלעך-נאָרמאַלן אייגנטום קען דער מענטש נישט לעבן, ער ווערט צעלאָזט און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ חיה. און דערפאַר האָט זיך יעדערער אין טורמע, צוליב דער נאַטירלעכער באַדערפעניש און עפּעס אַ געפיל פון זעלבסטפאַרהיטונג, געהאַט זיין אייגענע מלאכה און באַשעפטיקונג. דער לאַנגער זומערדיקער טאָג איז כמעט אינגאַנצן פאַרגאַנגען באַ דער קאַזשאָנע אַרבעט; אין דער קורצער נאַכט איז קוים צייט געווען זיך אויסצושלאָפן. נאָר ווינטער האָט דער אַרעסטאַנט, ווי נאָר עס האָט

אָנגעהויבן טונקל ווערן, לויטן געזעץ, שוין געדאַרפט זיין איינגע־שלאָסן אין טורמע. וואָס־זשע איז פאַרבליבן צו טון אין די לאַנגע, אומעטיקע שעהן פון דעם ווינטערדיקן אָוונט? דעריבער, איז כמעט יעדע קאַזאַרמע, נישט קוקנדיק או פן פאַרבאָט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן ווערקשטאַט. אייגנטלעך, איז אַרבעט, באַשעפטיקונג נישט פאַרבאָטן געווען; נאָר עס איז שטרענג פאַרווערט געווען צו האָבן באַ זיך אין טורמע אינסטרומענטן, און אָן דעם איז די אַר־בעט אוממעגלעך געווען. נאָר מען האָט געאַרבעט שטילעטשקע און, דאַכט זיך, אַז די נאַטשאַלסטוואָ האָט טיילמאָל געקוקט אויף דעם דורך די פינגער. אַ סך אַרעסטאַנטן זיינען אָנגעקומען אין טורמע גאָרנישט קענענדיק, נאָר זיי האָבן זיך געלערנט באַ די אַנדערע און דערנאָך אַרויס אויף דער פריי אַליין גוטע בעלי־מלאכות. דאָ זיינען געווען אי שוסטער, אי קאַמאַשנמאַכער, אי שניידער, אי סטאָליערס, אי שלאָסער, אי שניצער, אי גאָלדשמידן. עס איז געווען איין ייִד, ישעיהו בלומשטיין, אַ יובעליר, וועלכער איז אויך געווען אַ פראָצענטניק. זיי אַלע האָבן געאַרבעט און געזאַמלט דעם גראָשן. באַשטעלונגען אויף דער אַרבעט האָט מען באַקומען פון שטאָט. געלט פאַרגרעסערט די פרייהייט, און דעריבער איז עס פאַר דעם מענטש, וואָס האָט אינגאַנצן אָנגעווירן די פרייהייט צען מאָל אַזוי טייער. אויב עס קלינגט נאָר באַ אים אין קעשענע, איז ער שוין האַלב געטרייסט, אויב ער זאָל עס אפילו נישט קענען אויסגעבן, נאָר געלט קען מען שטענדיק און אומעטום אויסגעבן, בפרט, ווען פאַרבאָטענע פרוכט איז צוויי מאָל אַזוי פיל זיסער. און אויף קאַ־טאָרגע איז מעגלעך געווען צו באַקומען אפילו בראָנפן. אויך ליול־קעלעך זיינען געווען שטרענג פאַרבאָטן, נאָר אַלע האָבן זיי געריי־כערט. דאָס געלט און דער טיטון האָבן אָפגעהיטן פון סקאָרבוט און אַנדערע פאַרשידענע קראַנקהייטן. די אַרבעט ווידער האָט אָפּ־געהיטן פון פאַרברעכנס; אָן אַרבעט וואָלטן זיך די אַרעסטאַנטן אויפ־

געגעסן איינער דעם אנדערן, ווי שפינען אין אַ גלאָז. נישט קוקנדיק אויף דעם זיינען אי אַרבעט, אי געלט פאַרווערט געווען. אין די נעכט פלעגן נישט זעלטן געמאַכט ווערן פלוצלינגדיקע אונטערזוכונגען, עס איז צוגענומען געוואָרן אַלץ, וואָס עס איז נאָר פאַרבאָטן געווען און — ווי שטאַרק מען זאָל נישט געווען באַהאַלטן דאָס געלט, פלעגט עס דאָך טיילמאָל אַריינפאַלן די אונטערזוכער אין די הענט אַריין. אָט צוליב וואָס, טיילווייז, עס איז געזאַמלט געוואָרן, נאָר גאַנץ שנעל פאַרטרונקען געוואָרן. דאָט פאַרוואָס עס איז איינגעפירט געוואָרן אין טורמע דאָס בראָנפן-טרינקען. נאָך יעדער אונטערזוכונג, איז דער שולדיקער, אַ חוץ דעם וואָס ער האָט אָנגעווירן זיין גאַנץ פאַרמעגן, געוויינטלעך גאַנץ גוט באַשטראָפט געוואָרן. נאָר נאָך יעדער אונטערזוכונג זיינען באַלד צוריק פאַרפולט געוואָרן די געמאַכטע בלייזן, עס זיינען באַלד געבראַכט געוואָרן נייע זאַכן און אַלץ איז זיך געגאַנגען, ווי פריער. אויך די נאַטשאַלסטוואָ האָט געוווּסט וועגן דעם, און די אַרעסטאַנטן זיינען נישט בייז געווען אויף די באַשטראָפונגען, כאָטש אַזאַ לעבן איז ענלעך געווען צו דעם לעבן פון אַזעלכע, וואָס וואָלטן זיך באַזעצט אויפן באַרג וועזוווי.

ווער עס האָט נישט געקענט קיין מלאכה, האָט זיך באַשעפטיקט אויף אַן אַנדערן אופן. עס זיינען געווען מיטלען גאַנץ אָריגינעלע. טייל, צום ביישפיל, האָבן זיך פאַרנומען בלויז מיט אויפקויפן, און עס האָבן זיך פאַרקויפט טיילמאָל אַזעלכע זאַכן, וואָס עס וואָלט נישט געקענט קיינעם אפילו אין קאָפּ איינפאַלן אויף יענע זייט ווענט פון טורמע, נישט נאָר זיי נישט צו קויפן אָדער פאַרקויפן, נאָר אַפילו פאַר זאַכן זיי צו רעכענען. נאָר די קאַטאָרגע איז געווען זייער אָרים און אויסערגעוויינטלעך האַנדלספעיִק. די ערגסטע שמאַטע האָט געהאַט אַ ווערט און עס איז מיט איר געמאַכט געוואָרן אַ חאָסער נישט איז האַנדל. צוליב דער אָרימקייט אָבער האָט אויף

דאָס געלט געהאַט גאָר אַן אַנדערן ווערט, ווי אויף דער פריי. פאַר אַ גרויסער און קאָמפּליצירטער אַרבעט האָט מען געצאָלט מיט גראָשנס. טייל האָבן מיט ערפאָלג זיך באַשעפטיקט מיט געבן געלט אויף פּראָצענט. דער אַרעסטאַנט, וועלכער האָט זיך שטאַרק איינגעשולדיקט אָדער אַלץ פאַרשווענדט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט אַוועקגעטראָגן זיינע לעצטע זאַכן צום פּראָצענטניק און געקריגן באַ אים עטלעכע קופּערנע מטבעות פאַר שרעקלעכע פּראָצענטער. אויב ער האָט די זאַכן נישט אויסגעקויפט צו דער באַשטימטער צייט, זיינען זיי גלייך אָן רחמנות פאַרקויפט געוואָרן. דער האַנדל מיט פּראָצענט האָט זיך אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט, אַז עס זיינען גענומען געוואָרן אַלס משכּון אַפילו מיליטערישע סמאַטער-זאַכן, דהיינו: קאַזשאָנע וועש, שוסטער-סחורה און אַז. וו. — זאַכן, וואָס זיינען נייטיק יעדן אַרעסטאַנט יעדער רגע. נאָר באַ אַזעלכע משכּנות פלעגט זיך אַמאָל דאָס געשעפט פאַרענדיקן אויף אַנדערש, נישט אינגאַנצן, איבעריקענס, אומדערוואַרטעט: דער, וואָס האָט איינגעלייגט און באַקומען דאָס געלט, פלעגט גלייך אָן איבעריקע טענות אַוועקגיין צום עלטסטן אונטער-אָפיציר, צום נאָענטסטן נאַטשאַלניק פון טורמע, מעלדן וועגן די פאַרזעצטע סמאַטער-זאַכן, און זיי זיינען באַלד אָפּגענומען געוואָרן באַם פּראָצענטניק צוריק, אַפילו אָן אַ מעלדונג צו דער העכערער נאַטשאַלסטוואָ. עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין אַזאַ פאַל איז אַפילו טיילמאָל נישט פאָרגעקומען קיין קריג דערנאָך: דער פּראָצענטניק האָט שווייגנדיק און אומעטיק אָפּגעגעבן, וואָס מען האָט געדאַרפט, און ווי ער וואָלט זיך אַפילו אַליין געהאַט געריכט, אַז עס וועט אַזוי זיין. עס קען זיין, אַז ער האָט נישט געקענט נישט מודה זיין זיך אַליין, אַז ער, אויפן אָרט פון יענעם, וואָלט אויך דאָס אייגענע געטון. און דעריבער, אויב ער האָט זיך אַפילו אַמאָל געבייזערט דערנאָך, איז עס אויך געווען גאָר אָן כּעס, נאָר אַזוי זיך, אַבי זיך פון האַרץ אָפּצורעדן.

בכלל, האָבן אַלע שרעקלעך געגנבעט איינער באַם אַנדערן. במעט יעדערער האָט זיך געהאַט זיין קאַסטן, מיט אַ שלאָס, אויף אָפּצוהיטן די קאַזאַרמע־זאַכן. דאָס איז דערלויבט געווען; נאָר די קעסטלעך האָבן נישט געהאָלפן. איך רעכן, אַז מען קען זיך פאָר־שטעלן, וואָס פאַר אַ קינסטלער־גנבים דאָרט זיינען געווען. מיר האָט איין אַרעסטאַנט, אַן אמת מיר איבערגעגעבענער מענטש (איך זאָג דאָס אָן שום פאַרקערטן מיין), צוגעגנבעט אַ ביבל, דאָס איינציקע בוך, וואָס איז מיר דערלויבט געווען צו האָבן אויף קאַטאָרגע; ער האָט דאָס מיר דעם זעלבן טאָג אַליין מודה געווען, נישט צוליב חרטה, נאָר האָבנדיק רחמנות אויף מיר, ווייל איך האָב עס לאַנג געזוכט. עס זיינען געווען שענקערס, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט בראָנפן און וואָס זיינען שנעל רייך געוואָרן. וועגן דעם האַנדל, וועל איך אַמאָל דערציילן גאַנץ באַזונדער; ער איז גאַנץ אינטערעסאַנט. אין טורמע זיינען געווען אַ סך, וואָס זיינען פאַרשיקט געוואָרן פאַר קאָנטראַבאַנד, און דעריבער איז זיך נישטאָ וואָס צו וווּנדערן, ווי אַזוי עס איז דאָך, ביי אַזעלכע אונטערזוכונגען און אַזעלכע שטרענגע וואַכן, אַריינגעבראַכט געוואָרן אין טורמע בראָנפן. אַגב איז צו באַמערקן, אַז קאָנטראַבאַנד איז, לויט זיין כאַראַקטער, גאָר עפּעס אַ באַזונדערער פאַרברעך. צי קען מען זיך דען גאָר, למשל, פאָר־שטעלן, אַז דאָס געלט, וואָס ברענגט אַזוי פיל נוצן, שפּילט ביי אַ טייל קאָנטראַבאַנדיסטן נאָר די צווייטע ראָלע, שטייט אויפן צווייטן פּלאַן? און דאָך איז עס פּונקט אַזוי. דער קאָנטראַבאַנדיסט אַרבעט אויס ליידנשאַפט, אויס באַרוף. דאָס איז טיילווייז אַ פּאָעט. ער רי־זיקירט אַלץ, שטעלט זיך אין אַ שרעקלעכן געפאַר, כיטרעוועט, קאָמ־בינירט, דרייט זיך אַרויס. טיילמאָל אַרבעט ער מיט אַ געוויסער באַגייסטערונג. דאָס איז אַ געוויסע ליידנשאַפט, וועלכע איז פּונקט אַזוי שטאַרק אַפּ לג, ווי קאָרטן־שפּיל. איך האָב געקענט אין טורמע איין אַרעסטאַנט, מיט אַן אויסזען פון אַ קאָלאָסאַלן פאַרנעם, נאָר

אָבער אַזאַ הכנעהדיקער, שטילער, רויִקער, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען זיך פאָרצושטעלן, ווי אַזוי ער איז אַריינגעפאַלן אין טורמע. ער איז געווען אַזוי גוט און פּינקטלעך, אַז ער האָט, די גאַנצע צייט פון זיין פאַרברענגען אין טורמע, זיך מיט קיינעם נישט צעקריגט. נאָר ער איז געווען פון דער מערב-גרענעץ, איז פאַרשיקט געווען פאַר קאָנטראַבאַנד, און פאַרשטייט זיך, זיך נישט געקענט איינהאַלטן און אָנגעהויבן דורכטראָגן בראָנפן, וויפיל מאָל מען זאָל אים דערפאַר נישט געווען באַשטראָפן און ווי מורא ער זאָל נישט געווען האָבן פאַר די ריטער! און אויך האָט אים דאָס דורכטראָגן בראָנפן געגעבן דעם קלענסטן פאַרדינסט. פון בראָנפן איז נאָר רייך געוואָרן דער אַנטרעפּרענער אַליין. דער מאָדנער מענטש האָט ליב געהאַט די קונסט נאָר דער קונסט. ער איז געווען אַ וויינער ווי אַ באַבע, און וויפיל מאָל האָט ער, נאָכן באַקומען אַ שטראָף, זיך צוגעשווירן און צוגעזאָגט שוין מער קיין קאָנטראַבאַנד נישט צו טראָגן. מיט העלדישקייט פלעגט ער זיך גובר זיין אַמאָל אַ גאַנצן חודש. נאָר, ענדלעך, נישט אויסגעהאַלטן... אַ דאַנק אָט די פּערזענלעכקייטן, האָט קיין בראָנפן אין טורמע קיינמאָל נישט פאַרפעלט...

ענדלעך, איז געווען נאָך איין אייגנקונפט, וועלכער, כאָטש ער האָט נישט רייך געמאַכט די אַרעסטאַנטן, איז ער אָבער געווען אַ שטענדיקער און ווילטעטיקער. דאָס איז די נדבות. די העכערע קלאַס פון אונדזער געזעלשאַפט האָט גאָרנישט קיין באַגריף, ווי עס זאָרגן פאַר די „אומגליקלעכע" די כוחרים, פּשוטע שטאָטמענטשן, און דאָס גאַנצע נידעריקערע פאָלק אונדזערס. די נדבות זענען כמעט קיינמאָל נישט אויף און באַשטייען פון ברויט, זעמל און שטריצל, אַ סך זעלטענער — פון געלט. אָן די דאָזיקע נדבות וואָלט אין אַ סך ערטער די אַרעסטאַנטן, באַזונדערס די, וועלכע זיינען נאָך פאַרן אורטייל, און וועלכע ווערן געהאַלטן אַ סך שטרענגער, ווי די, וואָס זיינען שוין נאָכן אורטייל — געווען זייער שווער.

יעדע נדבה װערט רעליגיעז אײנגעטײלט דורך די אַרעסטאַנטן יעדן גלײך. אויב עס איז נישט גענוג פאַר אַלע, װערן די שטריצן צעשניטן אויף גלײך, טײלמאָל אַפילו אויף זעקס חלקים, און יעדער אַרעסטאַנט באַקומט זיך אומבאַדינגט זײן חלק. איך געדענק, װי איך האָב דאָס ערשטע מאָל געקריגן אַ נדבה אין געלט. דאָס איז געװען באַלד נאָך מײן אָנקומען אין טורמע. איך האָב זיך צוריקגעקערט פון דער אינדערפריִעדיקער אַרבעט אײנער אַלײן, מיטן קאָנװאָי. אַנטקעגן מיר איז אָנגעקומען אַ מוטער מיט אַ טאָכטער, אַ מײדעלע פון אַ יאָר צען, אַ שײנענקעס, װי אַ מלאָכל. איך האָב זײ שוין געהאַט געזען אַמאָל. די מוטער איז געװען אַ זעלנערס אַ װײב, אַן אַלמנה. איר מאַן, אַ יונגער זעלנער, האָט געהאַט אויף זיך אַ געריכט און איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל, אין דער אַרעסטאַנטן-פּאַלאַטע, אין דער צײט, װען איך בין דאָרט געלעגן קראַנק. די פרוי און די טאָכטער זײנען געקומען צו אים זיך געזעגענען; בײדע האָבן שרעקלעך געװײנט. דערזעענדיק מיך האָט זיך דאָס מײדעלע פאַררויטלט, עפּעס אַ שעפּטש געטון דער מוטער; יענע האָט זיך באַלד אָפּגעשטעלט, אָפּגעזוכט אין קניפּל אַ פערטל קאָפּעקע און זי געגעבן דעם מײדעלע. דאָס מײדעלע האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך מיר... — נאַדיר, „אומגליקלעכער,״ נעם, קריסטוסן צוליב, דאָס קאָפּעקעלע! — האָט זי געשריגן, פאַרלויפנדיק מיר דעם װעג פאָרויס און אַרײנרוקנדיק מיר אין דער האַנט דאָס מטבעלע. איך האָב גענומען איר קאָפּעקעלע, און דאָס מײדעלע האָט זיך אומגעקערט צו דער מוטער זײער אַ צופרידענע. דאָס קאָפּעקעלע האָב איך מיר לאַנג געהיטן.

I.

## די ערשטע איינדריקן.

דער ערשטער חודש און בכלל דער אָנהייב פֿון מיין טורמע־לעבן שטייען אויף אַצינד לעבעדיק אין מיין פֿאַנטאַזיע. די שפּעטערדיקע יאָרן מיינע אין טורמע שימערן שוין אַ סך טונקעלער אין מיין זכרון. טייל זיינען אינגאַנצן שוין ווי פֿאַרווישט געוואָרן, זיך צונויפֿגעגאָסן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך איין אַלגעמיינעם איינדרוק: אַ שווערן, איינאַרטיקן, שטיקנדיק.

נאָר אַלץ, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין די ערשטע טעג פֿון מיין קאַטאָרגע, שטעלט זיך מיר אַצינד פֿאָר, ווי עס וואָלט ערשט נעכטן פֿאָרגעקומען. און אַזוי דאַרף טאַקע זיין.

איך געדענק דייטלעך, אַז ביים ערשטן טריט אין דעם דאָזיקן לעבן אַריין, האָט מיך איבעראַשט דאָס, וואָס איך האָב עפּעס ווי נישט געפֿונען אין דעם קיין באַזונדער איבעראַשנדיקעס, אומגעוויינטלעכעס, אָדער, בעסער געזאָגט, אומדערוואַרטעטס. דאָס אַלץ האָב איך ווי פֿריִער נאָך געזען אין מיין פֿאַנטאַזיע, ווען איך האָב, גייענדיק קיין סיביר, מיך באַמיט זיך פֿאָרצושטעלן פֿריִער מיין גורל. נאָר באַלד האָט אַ תהום פֿון די משונהדיקסטע אומדערוואַרטעטקייט, פֿון די שרעקלעכסטע פֿאַקטן אָנגעהויבן מיך אָפּשטעלן אויף יעדן טריט. און נאָר ערשט שפּעטער שוין, האָבנדיק שוין אַ לענגערע צייט געלעבט אין טורמע, האָב איך פֿאָלקאָם פֿאַרשטאַנען די גאַנצע אויסנעמלעכקייט, די גאַנצע אומדערוואַרטעטקייט פֿון

אזא עקזיסטענץ, און אַלץ מער און מער זיך געוואונדערט אויף איר. איך בין מודה, אַז די דאָזיקע פאַרוואונדערונג האָט מיך באַגלייט דעם גאַנצן לאַנגן טערמין פון מיין קאַטאָרגע; איך האָב קיינמאָל נישט געקענט שלום שליסן מיט איר.

מיין ערשטער איינדרוק באַם אַריינקומען אין טורמע איז בכלל געווען זייער אַן עקלהאַפטער; נאָר — אַ מאָדנע זאַך — נישט קוקנדיק אויף דעם, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אין טורמע איז אַ סך לייכטער צו לעבן, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט אויפן וועג. די אַרעסטאַנטן, כאָטש אין די קייטן, האָבן זיך אַרומגעדרייט פריי איבער דער גאַנצער טורמע, האָבן זיך געזידלט, געזונגען לידער, געאַרבעט פאַר זיך, געררויכערט ליולקעלעך, אַפילו געטרונקען בראָנפן (כאָטש נישט קיין סך פון זיי), און די נעכט פלעגן זיי שפּילן אין קאָרטן. די בלויזע אַרבעט, למשל, האָט מיר אויסגעזען גאָרנישט אַזוי שווער, אַזוי קאַטאָרזשנע, און אַ סך שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרן, אַז די שווערקייט און קאַטאָרזשנעקייט פון דער דאָזיקער אַרבעט — איז באַשטאַנען נישט אַזוי אין איר שווערקייט און דויערהאַפטיקייט, וויפיל אין דעם, וואָס זי איז אַ געצוווּנגענע, אומאויסמיידלעכע, אונטערן שטעקן. אַ פּויער אויף דער פרייהייט אַרבעט זיכער, אפשר אומפאַרגלייכלעך מער, טיילמאָל אַפילו אויך אין די נעכט, באַזונדערס זומער; נאָר ער אַרבעט פאַר זיך אַליין, אַרבעט מיט אַ פאַרשטענדלעכן ציל, און אים איז אומפאַרגלייכלעך גרינגער, ווי דעם קאַטאָרזשנעם, וואָס אַרבעט אַ געצוווּנגענע און אים אינגאַנצן אומנוצלעכע אַרבעט. איינמאָל איז מיר איינגעפאַלן, אַז ווען מען וואָלט געוואָלט אינגאַנצן אונטערדריקן, אַ תּל מאַכן פון אַ מענטש, באַשטראָפן אים מיט דער שרעקלעכסטער שטראָף, אַזוי, אַז דער שרעקלעכסטער מערדער זאָל אויפגעציטערט ווערן פאַר דער דאָזיקער שטראָף און זיך שרעקן פאַר איר נאָך פריִער, וואָלט מען נאָר געדאַרפט צוגעבן דער אַרבעט אַ כאַראַקטער פון גענצלעכער,

פֿאָלשטענדיקער אומווצלעכקייט און אומזין. אויב די איצטיקע קאַטאָרגע־אַרבעט איז אָן אינטערעס און לאַנגווייליג פאַרן קאַטאָרגע־מענטש, איז זי אָבער אַליין פאַר זיך אַן אַרבעט, אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע: דער אַרעסטאַנט מאַכט ציגל, גראָבט ערד, טונקעוועט, בויט; די דאָזיקע אַרבעט האָט אַ זין און אַ ציל. דער קאַטאָרגע־אַרבעטער ווערט אַפילו טיילמאָל אויך מיטגעריסן פון איר, ער וויל זי אָפּאַרבעטן פיינער, שענער, נאָר אויב מען וואָלט אים גענייט, למשל, איבערגיסן וואַסער פון איין צעבער אין צווייטן, און פון צווייטן צוריק אין ערשטן, שטויסן זאַמד, איבערטראָגן אַ קופּע ערד פון איין אָרט אויפן צווייטן און צוריק — מיין איך, אַז דער אַרעסטאַנט וואָלט זיך דאָס לעבן גענומען אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג, אָדער ער וואָלט טויזנט פאַרברעכנס אָפּגעטון, באַדיי צו שטאַרבן, אַבי זיך אַרויסצודרייען פון אַזאַ דערנידערונג, שאַנד און פּיין. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ שטראָף וואָלט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּיין, אין נקמה, און וואָלט געווען אָן אומזין, ווייל זי וואָלט נישט דערגרייכט קיין שום נוצלעכן ציל. נאָר אַזוי ווי אַ טייל פון אַזאַ פּיין, אומזין, דערנידערונג און שאַנד איז דאָ אומבאַדינגט אויך אין יעדער געצוווּנגענער אַרבעט, איז דעריבער די קאַטאָרגע־אַרבעט אויך אומפאַרגלייכלעך פּיינלעכער פון אַ פרייער אַרבעט, טאַקע דערפאַר, וואָס זי איז אַ געצוווּנגענע.

איבעריקנס, איך בין אָנגעקומען אין טורמע ווינטער, אין חודש דעצעמבער, איך האָב נאָך נישט געהאַט קיין באַגריף וועגן דער זומערדיקער אַרבעט, וואָס איז פינף מאָל אַזוי שווערער. ווינטער אָבער איז אין אונדזער פעסטונג רעגירונגס־אַרבעט בכלל געווען ווייניק. די אַרעסטאַנטן זיינען געגאַנגען צו דעם אירטיש, צעהאַקן אַלטע רעגירונגס־שיפלעך. זיי האָבן געאַרבעט אין די ווערקשטעלן, אַוועקגעשאַרט פון די רעגירונגס־געביידעס דעם שניי, וואָס איז אָנגעטראָגן געוואָרן דורך די זאַווערוכעס, זיי האָבן איבערגע־

ברענט און געשטויסן אַלאַבאַסטער*) און אַזוי ווייטער און ווייטער. דער ווינטערדיקער טאָג איז געווען קורץ; די אַרבעט איז פאַרענדיקט געוואָרן שנעל און די גאַנצע חברה האָט זיך צוריקגעקערט אין טורמע פרי, ווי זי וואָלט כמעט גאָרנישט געווען געהאַט וואָס צו טון, ווען עס וואָלט זיך איר נישט געמאַכט עפּעס אייגענע אַרבעט. אָבער מיט אייגענער אַרבעט האָט זיך באַשעפטיקט נאָר אפשר א דריט חלק פון די אַרעסטאַנטן; די איבעריקע אָבער זיינען אַרומגעגאַנגען ליידיק, האָבן זיך אַרומגעשלעפּט אָן אַ באַדערפעניש איבער אַלע קאַזאַרמעס פון טורמע, האָבן זיך געזידלט, האָבן געפירט צווישן זיך אינטריגעס, געשיכטעס, האָבן זיך אָנגעשיכורט, אויב זיי האָבן נאָר באַקומען עפּעס געלט; אין די נעכט האָבן זיי פאַרשפּילט אין די קאָרטן דאָס לעצטע העמד, און דאָס איז אַלץ געווען אויס לאַנגווייליקייט, פון ליידיק-אַרומגיין, פון נישט האָבן וואָס צו טון. שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז אַ חוץ דער אָנגעווירענער פרייהייט, אַ חוץ דער געצוווּנגענער אַרבעט, איז דאָ אינם קאַטאָרגע-לעבן נאָך איין אַרט ליידן, וואָס איז אפשר אַ סך שטאַרקער פאַר אַלע אַנדערע. דאָס איז דאָס געצוווּנגענע אַלגעמיינע צוזאַמענלעבן. מען לעבט צוזאַמען, פאַרשטייט זיך, אויך אין אַנדערע ערטער, נאָר אין טורמע אָבער קומען אָן אַזעלכע מענטשן, וואָס נישט יעדערן וואָלט זיך געגלוסט צוזאַמען לעבן מיט זיי, און איך בין איבערצייגט, אַז יעדער קאַטאָרזשניק האָט געפילט די דאָזיקע פּיין, כאָטש, פאַרשטייט זיך, מערסטנטיילס, אומבאַוווּסטזיניק.

אויך דאָס עסן האָט מיר אויסגעזען גאַנץ גענוגנד. די אַרעסטאַנטן האָבן פאַרזיכערט, אַז אין די אַרעסטאַנטן-ראָטעס פון אייראָפּעיש רוסלאַנד באַקומט מען נישט אַזוינס. וועגן דעם קען איך נישט אורטיילן: איך בין דאָרט נישט געווען. דערצו נאָך האָבן אַ סך געהאַט

*) אַזאַ מין שטיין.

די מעגלעכקייט צו האָבן אייגן עסן. רינדערן־פלייש האָט בײַ אונדז געקאָסט אַ גראָשן אַ פונט, זומער דרײַ קאָפּיקעס. נאָר אייגן עסן האָבן זיך אײַנגעפירט נאָר די, וועלכע האָבן שטענדיק געהאַט געלט; די מערהייט אָבער פון דער קאַטאָרגע האָט געגעסן קאַזשאָנע. איבעריקנס, האָבן די אַרעסטאַנטן, באַרימענדיק זיך מיט זייער עסן, גערעדט נאָר בלויז וועגן דעם ברויט און געריימט הויפּטזעכלעך דאָס, וואָס דאָס ברויט איז בײַ אונדז אַ בשותּפֿותדיקס, און ווערט נישט אַרויסגעגעבן אויף דער וואָג. דאָס לעצטע האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַן אימה. בײַם אַרויסגעבן אויף דער וואָג, וואָלט אַ דריט־חלק מענטשן געווען הונגעריק; צוזאַמען אָבער, איז פאַר אַלע גענוג געווען. אונדזער ברויט איז געווען עפּעס באַזונדערס באַטעמט און צוליב דעם באַרימט אין דער גאַנצער שטאָט. מען האָט דאָס צוגעשריבן דער גוטער אײַנריכטונג פון די טורמע־אויוונס. דער באָרשטש אָבער איז געווען זייער נישט קיין לײַטישער. ער איז געקאָכט געוואָרן אין אַלגעמיינעם קעסל, אַ ביסל אונטערגעשלאָגן מיט גרויפּן און, באַזונדערס, אין די וואָכנס־טעג געווען זייער שיטער און מאָגער. מיך האָט אָפּגעשראָקן אין אים די גרויסע צאָל טאַראַקאַנעס, די אַרעסטאַנטן אָבער האָבן נישט געלייגט אויף דעם קיין שום אַכט.

די ערשטע דרײַ טעג בין איך נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט; אַזוי איז מען זיך באַגאַנגען מיט יעדן נײַ־געקומענעם: מען האָט געלאָזט זיך אָפּרוען פון וועג. נאָר אויפן צווייטן טאָג איז מיר שוין אויסגעקומען אַרויסצוגיין פון טורמע, כּדי זיך איבערצושמידן, מײַנע קייטן זײַנען געווען פאַרמלאָזע, געריינגלטע, „קלאַנג־שוואַכע", ווי עס האָבן זיי גערופן די אַרעסטאַנטן. געטראָגן האָט מען זיי פון פאַרנט. די פאָרמיקע טורמע־קייטן אָבער, וואָס זײַנען געווען צוגעפּאַסט צו דער אַרבעט, זײַנען באַשטאַנען נישט פון קיין רינגען, נאָר פון פיר אײַזערנע פּרענטלעך, כּמעט אַ פינגער די דיק, וואָס זײַנען

פאַרייניקט געווען צווישן זיך מיט דריי רינגען. זיי האָט מען געמוזט אָנטאָן אונטער די הויזן. צום מיטלסטן רינג האָט מען צוגעבונדן אַ רעמעט, וועלכן מען האָט ווייטער צוגעבונדן צום פּאַס-רעמעט, וואָס איז שוין געווען אָנגעטאָן גלייך אויפן העמד.

איך געדענק מיין ערשטן פרימאָרגן אין קאַזאַרמע. אין דער הויפּט-וואַך בײַ די טורמע-טויערן האָט די פּויק אָנגעהויבן קלאַפּן צום וועקן. אין אַ צען מינוט אַרום האָט דער אָפיציר פון דער וואַך אָנגעהויבן עפענען די קאַזאַרמעס. מען האָט זיך אָנגעהויבן וועקן. בײַ דעם טונקעלן ליכט פון אַ זעקסערנעם חלבן ליכט, האָבן זיך די אַרעסטאַנטן, ציטערנדיק פון קעלט, אויפגעהויבן פון זייערע נאַרעס. אַ גרויסער טייל איז געווען שווייגנדיק און אומעטיק פון שלאָף. זיי האָבן געגענעצט, זיך אויסגעצויגן און געקנייטשט זייערע געשטעמפּלטע שטערנס. טייל האָבן זיך געצלמט, אַנדערע ווידער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו קריגן. דאָס שטיקעניש איז געווען אַ שרעקלעכס. די פרישע ווינטערדיקע לופט האָט זיך באַלד אַרײַנגעריסן אין דער טיר, ווי נאָר מען האָט זי אויפגעעפנט, און די פּאַרע האָט זיך קנוילנווייז אַ טראָג געטאָן איבער דער קאַזאַרמע. בײַ די עמערס מיט וואַסער האָבן זיך די אַרעסטאַנטן צונויפגעקליבן; זיי האָבן אין אַ רייע גענומען די קריג, אָנגענומען אין מויל אַרײַן וואַסער, געגאָסן עס אויף די הענט און זיך געוואַשן דערמיט די הענט און דאָס פּנים. דאָס וואַסער איז צוגעגרייט געוואָרן בײַ נאַכט אין נעכטיקן אָוונט דורכן פּאַראַשניק *). אין דער קאַזאַרמע איז געווען איינגעפירט, אַז עס איז געווען איין אַרעסטאַנט, וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן דורכן גאַנצן עולם אויף צו באַדינען די קאַזאַרמע. ער האָט זיך גערופן פּאַראַשניק און איז נישט געגאַנגען אויף קיין אַרבעט. זיין באַשעפטיקונג איז באַשטאַנען אין אָפּהיטן די ריינקייט

*) דער רינשטאָק-רייניקע

פון קאַזאַרמע, אין וואַשן און קראַצן די נאַרעס און פּאָדלאָגעס, אין אַריינגרעגנעץ און אַרויסטראָגן דעם נאַכט-צעבער און אין צושטעלן פריש וואַסער אין די צוויי עמער — אינדערפרי אויף אָנצוואַשן זיך און באַטאָג אויף צום טרינקען. צו יב דער קרוג, ווייל עס איז נאָר געווען איינע, האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן קריגערייען.

— חוהין קריכסטו, פאַרשיווער שטערן! — האָט געוואָרטשעט איין אומעטיקער, הויכער אַרעסטאַנט, אַ דאַרער און שוואַרצער, מיט עפּעס אַזעלכע מאָדנע בולטקייטן אויף זיין געגאָלטן שאַרבן, שטופּנדיק אַ צווייטן, גראָבן און נידעריקן, מיט אַ פרייליכן און רויטן פּנים — וואַרט אַ ווײַלע!

— וואָס שרייסטו! פאַר וואַרטן ווערט באַ אונדז מיט געלט געצאָלט; טראָג דו דיך אָפּ! זע נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס ווי אַ מאָנומענט אויסגעצויגן. דאָס האָט ער, ברידער, אַפילו קיין פּיצל טורמע-לייטישקייט נישט אין זיך...

דאָס וואָרט טורמע-לייטישקייט האָט געמאַכט אַ געוויסן עפעקט: אַ סך האָבן זיך צעלאַכט. דאָס האָט נאָר געדאַרפט דער פרייליכער גראָבער, וועלכער איז, ווייזט אויס, געווען אין קאַזאַרמע ווי עפּעס אַ פרייוויליקער לץ. דער הויכער אַרעסטאַנט האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט דער טיפסטער פאַראַכטונג.

— דו וועלפישע קו! — האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי פאַר זיך — זעסט, ער האָט זיך איבערגעפרעסן מיט דעם טורמע-טשיסטיאַק!*), איז צופרידן, וואָס ער וועט זיך צום פאַרפאַסטן צוועלף הזירימלעך ברענגען.

— און דו, וואָס פאַר אַ פויגל ביסטו דאָס אַזעלכער? — האָט יענער אויסגעשריגן, פלוצלינג רויט ווערנדיק.

---

*) אַזוי האָבן זיי גערופן דאָס ברויט פון ריינעם נישט געמישטן מעל

— אַזוי טאַקע, אַ פויגל!

— אַ וואַסערער?

— אַזעלכער.

— וואָס פאַר אַזעלכער?

— מיט איין וואָרט שוין, אַזעלכער

— אָבער אַ וואָסערער?

ביידע האָבן זיך איינגעזויגן מיט די אויגן איינער אין צווייטן. דער גראָבער האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער און צוזאַמענגעדריקט די פויסטן, ווי ער וואָלט גרייט געווען גלייך זיך צו וואַרפן אין אַ געשלעג. איך האָב אין אמתן געמיינט, אַז עס וועט פאָרקומען אַ געשלעג. פאַר מיר איז דאָס אַלץ געווען ניי, און איך האָב מיך צוגעקוקט מיט נייגעריקייט. נאָר שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז די אַלע ענלעכע סצענעס זיינען פאָרגעקומען אינגאַנצן אומשולדיק און האָבן זיך אָפּגעשפּילט, ווי אין אַ קאָמעדיע, פאַר אַלעמענס פאַרגעניגן וועגן; צו קיין געשלעג אָבער איז עס כמעט קיינמאָל נישט דערגאַנגען. דאָס אַלץ איז געווען גאַנץ כאַראַקטעריסטיש און האָט דערציילט וועגן די מנהגים פון דער טורמע.

דער הויכער אַרעסטאַנט איז געשטאַנען רויִק און שטאָלץ. ער האָט געפילט, אַז מען קוקט אויף אים און מען וואַרט: צי וועט ער פאַרשעמט בלייבן מיט זיין ענטפער אָדער נישט; אַז מען מוז זיך שטאַרקן, דערווייזן, אַז ער איז טאַקע אַ פויגל און נאָך וואָס פאַר אַ פויגל. מיט אַן אומאויסדריקלעכער פאַראַכטונג האָט ער אַ וואָרף געטון אַ קרומען בליק אויף זיין געגנער, באַמיִענדיק זיך, כדי אים שטאַרקער צו באַליידיקן, אַ קוק צו טון אויף אים איבערן אַקסל, פון אויבן אַראָפּ, ווי ער וואָלט אים באַטראַכט, ווי עפּעס אַ ווערעמל, און באַמעלעך און דייטלעך גערויסגערעדט:

— קאַגאַן!...

דאָס הייסט, אַז ער איז אַזאַ פויגל, אַ קאַגאַן, אַ הויכער זאַלפּ פון געלעכטער האָט באַגריסט די דערפינדערישקייט פון דעם אַרעסטאַנט.

— און דו ביסט אַ פּאַדליעץ און נישט קיין קאַגאַן! — האָט אַ ברום געטאָן דער גראָבער, דערפילנדיק, אַז ער איז דורכגעפאַלן אויף אַלע פּונקטן, און אַרײַנקומענדיק אין גרעסטן צאָרן.

ווי נאָר אָבער די קריג האָט אָנגעהויבן ווערן ערנסט, האָט מען די צוויי לייט באַלד אײַנגעשטילט.

— וואָס האָבן זיי זיך דאָרט צעוואָרטשעט! — האָט אָנגעהויבן שרייען אויף זיי די גאַנצע קאַזאַרמע.

— קיילט זיך בעסער אָן, איידער זיך די העלדזער צו רייסן! — האָט אַ געשריי געטאָן עמעצער פון ווינקל אַרויס.

— וואַרט, זיי וועלן זיך נאָך אָנקיילן אויך! — האָט זיך דערהערט אַן ענטפער — אונדזער עולם איז אַ לעבעדיקער, אַ היציקער; זיבן — האָבן מיר פאַר איינעם נישט קיין מורא...

— זיי זײַנען אָבער ביידע וואַזשנע יונגען! איינער איז פאַר אַ פּונט ברויט אין טורמע אַרײַן אָנגעקומען און דער צווייטער — איז אַ טאָפּ־לעקער, ער האָט בײַ אַ באָבע אַ ביסל זויערמילך אויפגעפרעסן און דערפאַר ריטער געכאַפּט.

— נו, נו, נו! גענוג אײַך שוין, — האָט זיך צעשריגן דער אינוואַליד, וועלכער האָט דאָ געוווינט, כדי אויפצוהאַלטן די אָרדנונג אין קאַזאַרמע און געשלאָפן דערפאַר אויף אַ באַזונדער בעטל אין ווינקל.

— וואַסער, קינדער! דער נעוואַליד פּעטראָוויטש איז שוין אויפגעשטאַנען! דעם נעוואַליד פּעטראָוויטש, דעם לייבלעכן ברידערל!

— אַ ברודער... וואָס פאַר אַ ברודער בין איך עס דיר? קיין רעגל נאָך איינעם נישט פאַרטרונקען, און אַ ברודער! — האָט גע-

וואָרטשעט דער אינוואַליד, אַריינשטעקנדיק די הענט אין די אַרבל פון שינעל.

מען האָט זיך געגרייט צו דער פּאָוויערקע; עס האָט שוין אָנגעהויבן ליכטיק צו ווערן; אין קיך האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער עולם מענטשן, נישט דורכצוגיין. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך געשטופּט אין זייערע קורצע פּעלצלעך און קליינע היטעלעך באַם ברויט, וואָס עס האָט זיי געשניטן איינער פון די קיכערס. די קיכערס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דורכן גאַנצן אַרטעל, אין יעדער קיך צו צוויי. זיי האָבן אויך געהאַלטן דאָס קיך-מעסער צום שניידן דאָס ברויט און דאָס פלייש, אויף דער גאַנצער קיך איינס.

די אַרעסטאַנטן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַלע ווינקלען און אַרום די טישן, אין זייערע היטלען און קורצע פּעלצלעך, און אונטערגעגאַרטלטע, גרייט אַרויסצוגיין באַלד צו דער אַרבעט. פאַר טייל זיינען געשטאַנען הילצערנע טעפּלעך מיט קוואַס. אין דעם האָבן זיי איינגעבראָקט זייער ברויט און צוגעזופּט. אַ רעש און אַ געפּילדער איז געווען אַן אומדערטרעגלעכער; נאָר עטלעכע האָבן ערנסט און שטיל גערעדט אין די ווינקלען.

— דעם אַלטיטשקן אַנטאָן ברויט מיט זאַלץ, גוט-מאָרגן! — האָט אַ זאָג געטאָן אַ יונגער אַרעסטאַנט, אַנידערזעצנדיק זיך לעבן אַן אָנגעבראָגזטן און אָן ציינער אַרעסטאַנט.

— נו, גוט-מאָרגן, אויב דו שפּאַסט נישט, — האָט יענער געענטפערט, נישט אויפהייבנדיק די אויגן און באַמיענדיק זיך צו קייען דאָס ברויט מיט זיינע אָנציינער דזשאָסלעס.

— און איך, אַנטאָניטש, האָב דאָך געמיינט, אַז דו ביסט שוין געשטאָרבן, באמת־נו.

— ניין, דו שטאַרב פריער, וועל איך דערנאָך...

איך האָב מיך אַנידערגעזעצט לעבן זיי. רעכטס פון מיר האָבן

צע־מועסט צווישן זיך צווי זיך לייטיש־האלטנדיקע ארעסטאנטן, אפנים באמ־ענדיק זיך איינער פארן צווייטן ארויסצווייזן זיין וויכ־טיקייט.

— נישקשה, בא מיר וועט מען נישט גנבענען, — האט איי־נער געזאגט — איך, ברודער, האב אליין מורא, איך זאל נישט בא עמעצן עפעס צוגנבענען.

— נו, און אויך מיך זאלסטו מיט קיין בלויזער האנט נישט אנרירן: איך וועל זי אפברי׳ען.

— ווי וועסטו דארט אפברי׳ען! אויך אזא פארשיקטער ווי דו. קיין אנדערע נעמען האבן מיר דאך נישט... זי וועט דיר אלץ צו־נעמען און דערנאך זיך אפילו נישט צוריק גריסן צו דיר, דא, ברו־דער, זיינען אויך מיינע פאר גראשן אפגעוואשן געווארן. פרי׳ער איז זי אליין געקומען. ווו כוט מען זיך אהין מיט איר? האב איך מיך אנגעהויבן בא פיעדקע דעם ת״לין בעטן, ער זאל מיך אריינלאזן, ער האט נאך אויף דער פארשטאט זיין הויז געהאט שטיין, בא סאלאמאנקצן דעם פארשיוון, באם י״ד עס געקויפט, דער, וואס איז דאס דערנאך דערשטיקט געווארן.

— איך ווייס. ער איז בא אונדז מיט דריי יאר צוריק אלס שענקער געזעסן, און א צונאמען האט ער געהאט גרישקע־קאבאק, דער שווארצער, איך ווייס.

— און אט זעסטו ווייסטו נישט; דאס איז גאר אן אנדע־דערער שווארצער קאבאק.

— וואס הייסט אן אנדערער! דו ווייסט דארט א סך! איך וועל דיר אזוי פיל סימנים ברענגען...

— וועסט ברענגען! דו פון וואנען ביסט, און איך ווער בין!

— ווער! איך האב דאך דיך נישט איינמאל שוין אפילו אנ־

געהרגעט, איך מיין דאָך נישט צו רימען זיך, און דו פרעגסט נאָך
ווער !

— דו מיך אָנגעהרגעט ! דער, ווער עס וועט מיך אָנהרגע־
נען איז דאָך נאָך אָבער נישט געבוירן געוואָרן ; און דער, וואָס
האָט מיך שוין אָנגעהרגעט, ליגט דאָך שוין לאַנג אין דער ערד
באַגראָבן.

— מגפה בענדערער

— אַ, די סיבירער פעסט זאָל דיך פאַרפּעכטן !

— עס זאָל זיך מיט דיר אַ טערקישע שווערד דורכ־
שמועסן !...

און עס איז אוועק אַ זידלעריי.

נו, נו, נו ! זיי האָבן זיך שוין צעשוואַרגאָטשעט ! — האָט
מען אָנגעהויבן שרייען אַרום — אויף דער פריי לעבן נישט געקענט ;
זיי זיינען צופרידן, וואָס זיי האָבן זיך דאָ צום טשיסטיאַק דערשלאָגן.

מען פלעגט אַזעלכע באַלד איינשטילן. זידלען זיך, „קלאַפּן"
מיט דער צונג איז דערלויבט. דאָס איז, טיילווייז, אויך אַ געוויסע
צעשטרייונג פאַר אַלע. נאָר צו קיין געשלעג וועט מען נישט שטע־
דיק דערלאָזן, און נאָר אַמאָל אין אַן אויסנאַמס־פאַל וועלן זיך די געגנער
צעשלאָגן. וועגן דעם געשלעג וועט מען מעלדן דעם מאַיאָר. עס
וועלן זיך אָנהייבן אונטערזוכונגען, עס וועט קומען צו פאָרן דער
מאַיאָר אַליין — מיט איין וואָרט, עס וועט זיין פאַר אַלע נישט גוט,
און דעריבער ווערט צו קיין געשלעג נישט דערלאָזט. און אויך
די געגנער אַליין זידלען זיך צוליב פאַרוויילונג, צוליב דעם ווילן זיך
צו איבן אין דער אויסשפּראַך. נישט זעלטן נאַרן זיי זיך אַליין אָפּ,
הייבן אָן מיט אַ שרעקלעכן ברען, מיט צאָרן... דו מיינסט : אָט
וועלן זיי זיך וואַרפן איינער אויפן צווייטן — עס הויבט זיך גאָר
נישט אָן : זיי וועלן צוקומען ביז אַ געוויסן פּונקט און באַלד זיך

צעגיין. דאָס אַלץ האָט מיך אין אָנהייב שרעקלעך געוווּנדערט. איך האָב זו.-ישנע געבערענגט דאָ אַ ביישפּיל פון די געווייַנטלעכסטע קאַטאַרזשנע געשפּרעכן. איך האָב מיר נישט געקענט פאָרשטעלן פריער, ווי אַזוי מען קען זיך דאָס זידלען פאַר פאַרגעניגן, געפינען אין דעם אַ פאַרווײַלונג, אַ ליבע באַשעפטיקונג, אַן אָנגענעמלעכקייט! איבעריקנס, מען דאַרף נישט פאַרגעסן אויך אָן כבוד. ד״ר זידלער, וואָס האָט געהאַט אַ רייכן דיאַלעקט איז געווען געאַכטעט. מען האָט אים שיער נישט אַפּלאָדירט, ווי אַן אַרטיסט.

נאָך אין ערשטן אָוונט האָב איך באַמערקט, אַז מען קוקט אויף מיר קרום.

איך האָב שוין געכאַפּט עטלעכע בייזע בליקן. פאַרקערט ווידער, אַנדערע אַרעסטאַנטן, האָבן זיך געדרייט אַרום מיר, חושד־זייענדיק, אַז איך האָב מיטגעבערענגט מיט זיך געלט. זיי האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן צוחנפענען צו מיר: זיי האָבן מיך אָנגעהויבן לערנען, ווי אַזוי צו טראָגן די נייע קייטן; זיי האָבן מיר געשאַפט, פאַרשטייט זיך, פאַר געלט, אַ קעסטל מיט אַ שלאָס, צו באַהאַלטן דערין די שוין מיר אַרויסגעגעבענע קאַזשאָנע זאַכן און אַ ביסל מיין אייגענע וועש, וואָס איך האָב מיטגעבערענגט מיט זיך אין טורמע. אויפן צווייטן טאָג אָבער, האָבן זיי עס בײַ מיר צוגעגנבעט און פאַרטרונקען. איינער פון זיי איז מיר דערנאָך געוואָרן דער איבערגעבנסטער מענטש, כאָטש ער האָט אויך נישט אויפגעהערט מיך צו באַגנבענען בײַ יעדער געלעגנהייט. ער האָט דאָס געטון אָן שום בושה, כמעט אומבאַוווּסט, ווי אַ חוב, און עס איז נישט מעגלעך געווען אויף אים זיך דערפאַר צו בייזערן.

צווישן אַנדערע זאַכן, האָבן זיי מיך אויך אויסגעלערנט, אַז מען דאַרף האָבן אייגענע טיי, אַז עס וואָלט נישט קרום געווען, איך זאָל מיר אויך מיין באַזונדערן טשייניק האָבן, און דערווייל האָבן זיי מיר געגעבן אויף אַ קורצער צייט אַ פרעמדן און מיר

רעקאָמענדירט אַ קיכער, זאָגנדיק מיר, אַז פֿאַר אַ דרייסיק קאָפּעקעס אַ חודש, וועט ער מיר קאָכן, וואָס איך וועל פֿאַרלאַנגען, אויב איך וועל וועלן עסן באַזונדער און זיך איינקויפֿן פּראָוויאַנט... פֿאַרשטייט זיך, זיי האָבן געבאָרגט בײַ מיר געלט און יעדער פֿון זיי איז געקומען בלויז אין ערשטן טאָג באָרגן בײַ מיר מינדעסטנס צו דריי מאָל.

בכלל, קוקט מען אויף געוועזענע אַדל-לייט אויף דער קאַטאָרגע קרום און מיט אַ ווידערגעפֿיל.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די דאָזיקע האָבן שוין אָנגעווירן אַלע זייערע רעכט פֿון אייגנטום און זיינען שוין פֿאָלשטענדיק אויסגעגלייכט מיט די איבעריקע אַרעסטאַנטן — אָנערקענען זיי דאָך די אַרעסטאַנטן קיינמאָל נישט פֿאַר זייערע חברים. דאָס טוט זיך אַפֿילו נישט לויט עפּעס אַ געוויסער איבערצייגונג, נאָר אַזוי פּשוט, אומבאַוווּסט. זיי האָבן אונדז דאָך געהאַלטן פֿאַר אַדל-לייט, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי אַליין האָבן ליב געהאַט זיך צו רייצן מיט אונדז צוליב אונדזער געפֿאַלנקייט.

— ניין, אַצינד איז אויס, וואַרט אַ ביסל! פּיאָטר פֿלעגט איבער מאָסקווע טרייבן, און היינט מוז פּיאָטר שטריקלעך קלייבן, און נאָך אַזעלכע אַן אַזעלכע ליבלעכקייטן.

זיי האָבן מיט צופֿרידנהייט געקוקט אויף אונדזערע ליידן, וועלכע מיר האָבן זיך באַמיט צו באַהאַלטן פֿאַר זיי, באַזונדערס האָבן מיר געליטן אין אָנהייב בײַ דער אַרבעט, דערפֿאַר, וואָס מיר האָבן נישט געהאַט אַזוי פֿיל כּח, ווי זיי, און זיי נישט געקענט צוהעלפֿן אַזוי ווי עס געהער צו זיין. עס איז נישטאָ קיין שווערערע זאַך, ווי צו געפֿינען זיך צוטרוי בײַם פּראָסטן פֿאָלק (און באַזונדערס בײַ אַזאַ פֿאָלק) און פֿאַרדינען זיך זיין ליבע.

אויף קאַטאָרגע זיינען געווען עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן געשטאַמט פֿון דוואָריאַנסטווע. צום ערשטן, אַ פֿינף מענטשן פּאָליאַקן. וועגן

זיי וועל איך נאָך רעדן אַמאָל באַזונדער. די קאַטאָרזשניקעס האָבן שרעקלעך נישט ליב געהאַט קיין פּאָליאַקן, נאָך מער אַפילו ווי די פאַרשיקטע, וואָס האָבן געשטאַמט פון די רוסישע דוואָריאַנעס. די פּאָליאַקן (איך רעד נאָר בלויז וועגן די פּאָליטישע פאַרברעכער) זיינען זיך באַגאַנגען מיט זיי עפּעס צו איידל, ביז באַליידיקונג העפלעך, זייער נישט אָפנהערציק און באַין אופן נישט געקענט באַהאַלטן פאַר די אַרעסטאַנטן זייער פאַראַכטונג צו זיי, און יענע האָבן דאָס פאַרשטאַנען גאַנץ גוט און זיי אָפּגעצאָלט מיט דער זעלבער מטבע.

איך האָב געדאַרפט כמעט צוויי יאָר דורכלעבן אין טורמע, כדי צו געווינען די פריינטשאַפט פון עטלעכע קאַטאָרזשניקעס; נאָר אַ גרויסער טייל פון זיי האָט מיך, ענדלעך, ליב געקריגן און מיך געהאַלטן פאַר אַ „גוטן" מענטש.

פון רוסישע דוואָריאַנעס זיינען, אַ חוץ מיר, געווען פיר. איינער — אַ נידעריק און זייער געמיין באַשעפעניש, אַ שרעקלעך אויסגעלאַסנס, אַ שפּיאָן און מוסר פון פאַך. איך האָב געהערט וועגן אים נאָך איידער איך בין אָנגעקומען אין טורמע און באַלד אין די ערשטע טעג איבערגעריסן מיט אים אַלע באַציונגען. דער צווייטער, — איז דער זעלבער פאָטער-מערדער טאַקע, וועגן וועלכן איך האָב שוין גערעדט אין מיינע נאָטיצן. דער דריטער איז געווען אַקים אַקימיטש. איך האָב זעלטן געזען אַזאַ מאָדנעם מענטש, ווי דער דאָזיקער אַקים אַקימיטש איז געווען. ער האָט זיך שאַרף אָפּגעדריקט אין מיין זכרון. ער איז געווען הויך, מאָגער, נאַריש, שרעקלעך פאַרגרעבט, זייער אויסגערעכנט און פּינקטלעך, ווי אַ דייטש. די קאַטאָרזשניקעס האָבן געלאַכט פון אים; נאָר עטלעכע האָבן אַפילו מורא געהאַט אָנצוהייבן מיט אים פאַר זיין עקשנותדיקן, שטרענגן און קריגערישן כאַראַקטער. ער איז באַלד פון ערשטן טריט געוואָרן מיט זיי גוטער ברודער, זיך געקריגט מיט זיי, אַפילו

זיך געשלאָגן. ערלעך איז ער געווען פענאָמענאַל. ווען ער פלעגט נאָר באַמערקן אַן אומגערעכטיקייט, האָט ער זיך באַלד אָנגענומען פאַר יענעם, כאָטש דאָס איז גאָרנישט געווען זיין זאַך. אַ נאַיווער איז ער געווען ביז גאָר; ער האָט, למשל, קריגנדיק זיך מיט די אַרעסטאַנטן, זיי פאַרגעוואָרפן, טיילמאָל, דאָס, וואָס זיי זיינען גנבים און ערנסט זיי געפרווט איבעראַרבעטן, זיי זאָלן נישט גנבענען. געדינט האָט ער אין קאַווקאַז אַלס פּראָפאָרשטשיק. מיר האָבן זיך באַפריינ־עט באַלד אין ערשטן טאָג, און ער האָט מיר גלייך דערציילט זיין געשיכטע. אָנגעהויבן האָט ער אין קאַווקאַז טאַקע אַלס יונקער אין אַ פיעכאָטנע־פאָלק, לאַנג זיך געמאַטערט, ענדלעך באַקומען אָפיציר און אַוועקגעשיקט געוואָרן ערגעץ אין אַ פעסטונג אַריין אַלס עלטסטער נאַטשאַלניק. איין שכניש פרידלעך פירשטל האָט אונטערגעצונדן זיין פעסטונג און געמאַכט אויף אים אַ נאַכט־אָ פאַל; דער אָנפאַל איז נישט געלונגען. אַקים אַקימיטש האָט עס אָפּגעאַרבעט גאַנץ כיטרע און זיך נישט אויסגעגעבן מיט דער מינדסטער זאַך, אַז ער ווייסט, ווער עס איז געווען דער אָנפאַלער. די זאַך האָט מען אַרויפגעוואָרפן אויף די נישט־פרידלעכע, און אין אַ חודש אַרום האָט אַקים אַקימיטש איינגעלאַדן צו זיך גאַנץ פריינטלעך דאָס פירשטל צו גאַסט. ער איז געקומען גאָרנישט חושד זייענדיק. אַקים אַקימיטש האָט אויסגעשטעלט זיין אָפּטיילונג סאָלדאַטן, דערציילט די גאַנצע זאַך און אויסגעזידלט דאָס פירשטל עפנטלעך; באַוויזן אים, אַז אונטערצינדן אַ פעסטונג איז אַ חרפה. באַלד האָט ער אים אויך איבערגעלייענט אַ זייער דייטלעכע אָנווייזונג, ווי אַזוי אַ פרידלעכער פירשט דאַרף זיך אויפפירן און, צום סוף, אים דערשאָסן, וועגן וואָס ער האָט אויך באַלד געמאָלדן דער נאַטשאַלס־טוואָ מיט אַלע איינצלהייטן פאַר דעם אַלעם האָט ער געהאַט אויף זיך אַ געריכט, מען האָט אים פאַרמשפּט צום טויט, נאָר מען האָט אים פאַרלייכטערט דעם אורטייל און אים פאַרשיקט קיין סיביר, אויף

קאַטאָרגע, פון דער צווייטער מדרגה, אין די פעסטונגען, אויף צוועלף יאָר. ער האָט אינגאַנצן מודה געווען, אַז ער האָט געהאַנדלט נישט געזעצלעך, געזאָגט, אַז ער האָט דאָס געוווסט אויף פאָרן דערשיסן דאָס פּירשטל, ער האָט געוווסט, אַז דעם פרידלעכן האָט מען געדאַרפט משפטן לויטן געזעץ; נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט דאָס געוווסט, האָט ער עפעס דאָך נישט געקענט פאַרשטיין זיין שולד ווי געהעריק

— אָבער, איך בעט אייך! ער האָט אונטערגעצונדן מיין פעסטונג! וואָס-זשע האָב איך געדאַרפט, דאַנקען אים דערפאַר, אָדער וואָס? — האָט ער געטענעט צו מיר, ענטפערנדיק אויף מיין ווידערשפּרעכן.

נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס די אַרעסטאַנטן האָבן אַ ביסל חוזק געמאַכט פון דער נאַרישקייט פון אַקים אַקימיטשן, האָבן זיי דאָך אים געאַכטעט פאַר זיין פּינקטלעכקייט און ווילקענעוודיקייט.

עס איז נישט געווען קיין איין אַרבעט, וואָס אַקים אַקימיטש זאָל זי נישט געווען קענען. ער איז געווען אַ סטאָליער, אַ שוסטער, אַ קאַמאַשנמאַכער, אַ מאָלער, אַ גאָלדשמיד, אַ שלאָסער, און דאָס אַלץ האָט ער זיך אויסגעלערנט שוין אויף קאַטאָרגע. ער האָט זיך אויסגעלערנט אַלץ אַליין: ער פלעגט נאָר אַ קוק טון איין מאָל און באַלד נאָכמאַכן. ער האָט געמאַכט אויך פאַרשידענע קעסטלעך, קיישלעך, לאַמטערלעך, קינדערישע שפּילעכלעך און זיי פאַרקויפט אין שטאָט. אויף אַזאַ אופן האָט ער שטענדיק געהאַט געלט, און עס באַלד אויסגעגעבן אויף איבעריקע וועש, אויף אַ קישן אַ ווייכערס, ער האָט זיך געקויפט אַ מאַטראַצל, וואָס האָט זיך איינגעלייגט. געוווינט האָט ער אין איין קאַזאַרמע מיט מיר און מיט אַ סך מיר געהאָלפן אין די ערשטע טעג פון מיין קאַטאָרגע.

אַרויסגייענדיק פון טורמע צו דער אַרבעט, האָבן זיך די

אַרעסטאַנטן אויסגעשטעלט פאַר דער הויפּט־וואַך, אין צוויי רייען; פון פאָרנט און פון הינטן פון די אַרעסטאַנטן האָבן זיך אויסגעשטעלט די וואַך־סאָלדאַטן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן. עס זיינען אָנגעקומען: דער אינזשינער־אָפיציר, דער קאָנדוקטאָר און עטלעכע קלענערע אינזשינער־באַאַמטע, די קאָמיסאַרן איבער דער אַרבעט. דער קאָנדוקטאָר האָט איבערגעציילט די אַרעסטאַנטן און זיי צעשיקט פּאַרטיעסווייז, וווּ מען האָט געדאַרפט, אויף דער אַרבעט.

צוזאַמען מיט אַנדערע בין איך אַוועק אין דעם אינזשינער־וואַרשטאַט: דאָס איז געווען אַ זייער נידעריקע, שטיינערנע געביידע, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ גרויסן הויף, פאַרלייגט מיט פאַרשידענע מאַטעריאַלן. דאָ איז געווען אַ קוזשניע, אַ שלאָסעריי, אַ סטאָלעריי, אַ מאָלעריי און אַזוי ווייטער. אַקים אַקימיטש איז אויך געגאַנגען אַהער און געאַרבעט אין דער מאָלעריי, ער האָט געקאָכט לאַק, צונויפגעשטעלט פאַרבן און אויסגעפאַרטיקט טישן און מעבל, שיין ווי די ניס.

וואַרטנדיק אויפן איבערשמידן, האָב איך מיך צערעדט מיט אַקים אַקימיטשן וועגן מיינע ערשטע איינדריקן אין טורמע.

— יאָ, קיין דוואָריאַנעס האָבן זיי נישט ליב, — האָט ער באַמערקט — באַזונדערס פּאָליטישע, זיי וואָלטן זיי אויפגעפרעסן, נישט קיין ווונדער. ערשטנס, זענט איר דאָך גאָר אַן אַנדער פאָלק, גאָרנישט ענלעך צו זיי, און צווייטנס, זיינען זיי אַלע פריער געווען אָדער באַ גוט־באַזיצער, אָדער פון מיליטערישן שטאַנד. זאָגט אַליין, קענען זיי אייך ליב קריגן? דאָ, וועל איך זאָגן איז שווער צו לעבן און אין די רוסישע אַרעסטאַנטן־ראָטעס איז נאָך שווערער. אָט באַ אונדז איז דאָ איינער פון דאָרט, קען ער זיך נישט אויסלויבן פון אונדזער טורמע, פונקט ווי ער וואָלט פון גיהנום אין גן־עדן אַריינגעפאַלן, נישט די אַרבעט איז שווין דאָס אומגליק: מען זאָגט, דאָרט, אין דער ערשטער אָפּטיילונג, איז די נאַטשאַלסטוואָ נישט

קיין גאַנץ מיליטערישע; אַלנפאַלס, באַגייט זי זיך גאָר אויף אַן אַנדערן אופן, ווי בײַ אונדז. דאָרט, זאָגט מען, קען דער פאַרשיקטער לעבן, ווי בײַ זיך אינדערהיים. איך בין דאָרט נישט געווען, נאָר אַזוי זאָגט מען. מען גאָלט נישט, אין קיין מונדירן גייט מען נישט, כאָטש, אייגנטלעך, עס איז בעסער, וואָס בײַ אונדז גייען זיי יאָ אין מונדירן און זײַנען געגאָלט: פונדעסטוועגן איז דאָ מער אָרדנונג, און אויך פּאָרן אויג אָנגענעמער. נאָר זיי אָבער געפעלט דאָס נישט. גיט נאָר אָבער אַ קוק, אַ מיאוסע באַנדע דאָס איז! איינער איז פון די קאָנטאָניסטן, דער צווייטער פון די טשערקעסן, דער דריטער פון די קירכע-אויסגעשלאָסענע, דער פירטער אַ פּראָוואָסלאַוונער פויער, אַ פאַמיליע, קינדערלעך ליבע אינדערהיים איבערגעלאָזט, דער פינפטער אַ ייִד, דער זעקסטער אַ ציגײַנער, דער זיבעטער, ווייסט קיינער נישט ווער, און אָט די אַלע דאַרפן זיך צונויפלעבן איינינעם, וואָס עס זאָל נישט געשען, שטיַען אַ נער מיט דעם צווייטן, עסן פון איין טעפל, שלאָפן אויף איין נאַרע. און וואָס פאַר אַ פרייהייט דאָ איז! אַן איבעריקן ביס קען מען נאָר בגנבה אויפעסן, יעדער גראָשן מוז אין שטיוול אַריין באַהאַלטן ווערן, און אַלץ, וואָס דו זעסט אַרום דיר, איז נאָר טורמע און טורמע... נישט ווילנדיק קומען די ערגסטע געדאַנקען אין קאָפּ אַריין, נאָר דאָס האָב איך שוין געוווסט. מיר האָט זיך באַזונדערס געגלוסט אויספרעגן אויף אונדזער מאַיאָר. אַקים אַקימיטש האָט נישט געוווסט פון קיין סודות-האַלטן און, איך געדענק, מײַן אײַנדרוק איז געווען נישט קיין אָנגענעמער.

נאָר מיר איז באַשערט געווען נאָך צוויי יאָר דורכצולעבן אונטער זײַן נאַטשאַלסטווע. אַלץ, וואָס אַקים אַקימיטש האָט מיר דערציילט וועגן אים, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאָלשטענדיק אמת, בלויז מיט דעם אונטערשיד, וואָס דער אײַנדרוק פון דער ווירקלעכקייט איז שטענדיק אַ סך שטאַרקער, ווי דער אײַנדרוק פון

בלויז א דערציילונג. א שרעקלעכער מענטש איז דאָס געווען, אַן היפּטזעכלעך דערפֿאַר, וואָס אַזאַ מיִנטש איז געווען נאַטשאַלניק, כמעט אומבאַגרענעצטער איבער צוויי הונדערט מענטשן. אַזוי, איז ער געווען בלויז נאָר נישט קיין אָרענטלעכער און בייזער מענטש, מער גאָרנישט. אויף די אַרעסטאַנטן האָט ער געקוקט, ווי אויף זיינע נאַטירלעכע שונאים, און דאָס איז געווען זיין ערשטער און גרעסטער טעות. ער האָט אין אמתן געהאַט געוויסע פעיקייטן, נאָר אַלץ, אַפילו אויך דאָס גוטע, איז אַרויסגעקומען בײַ אים עפּעס ווי צום שלעכטן נישט קיין איינגעהאַלטענער, א בייזער, האָט ער זיך אַריינגעריסן אין טורמע אַפילו בײַנאַכט, און אויב ער האָט באַמערקט, אַז אַן אַרעסטאַנט שלאָפט אויף דער לינקער זייט אָדער אויף דער פּלייצע, האָט ער אים, צומאָרגנס, באַשטראָפט: „שלאָף, זאָגט ער, אויף דער רעכטער זייט, ווי איך האָב באַפוילן." אין טורמע האָט מען אים פיינט געהאַט און מורא געהאַט פאַר אים ווי פאַר א מגפה. זיין פּנים איז געווען רויט, בייז. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער איז געווען אינגאַנצן אין די הענט פון זיין דינער, פּיעדקע. ליב געהאַט האָט ער אָבער מער פאַר אַלץ זיין הונט טרעזאָרקע און איז שיער נישט משוגע געוואָרן פאַר צרות ווען טרעזאָרקע איז קראַנק געוואָרן. מען זאָגט, אַז ער האָט געקלאָגט איבער אים, ווי איבער אַן אייגענעם זון. ער האָט אַרויסגעוואָרפן איין וועטערינאַר און, ווי זיין געוווינהייט איז געווען, שיער זיך נישט צעשלאָגן מיט אים און, דערהערנדיק פון פּיעדקען, אַז אין טורמע איז דאָ אַן אַרעסטאַנט, א וועטערינאַר, פון אייגענער לערע, וועלכער היילט זייער גוט, האָט ער אים באַלד גערופן.

— העלף! איך וועל דיך אָפּצאָלטן, הייל אויס טרעזאָרקען! — האָט ער א געשריי געטון צום אַרעסטאַנט.

דאָס איז געווען א פּויער, אַ סיביראַק, אַ כיטרער, אַ קלוגער, אין אמתן א זייער געשיקטער וועטערינאַר, נאָר גאָר א פּויער.

— איך קוק אויף טרעזאָרקן, — האָט ער דערציילט דער־נאָך די אַרעסטאַנטן, איבעריקנס, שוין אַ סך שפּעטער נאָך זיין וויזיט באַם מאַיאָר, ווען די גאַנצע זאַך איז שוין געווען פאַרגעסן — איך קוק: דער הונט ליגט אויף דער סאָפע, אויף אַ ווייסן קישן; און איך זע דאָך, אַז עס איז אַן אָנצינדונג, אַז מען וואָלט גע־דאַרפט בלוט לאָזן, און דער הונט וואָלט געזונט געוואָרן; אויף מיין ערן־ערן, זאָג איך! און איך טראַכט מיר אַזוי: און וואָס וועט זיין ווען איך וועל אים נישט אויסהיילן, ווען ער וועט אַ פּגירה איינ־געמען? ניין, אייער וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, זאָג איך, צו שפּעט מיך גערופן; ווען מען וואָלט מיך געווען נעכטן אָדער אייערנעכטן אין דער זעלבער צייט גערופן, וואָלט איך געווען אויסגעהיילט דעם הונט, און אַצינד קען איך שוין נישט, איך וועל אים נישט אויס־היילן...

און אַזוי איז טרעזאָרקע געשטאָרבן.

מען האָט מיר דערציילט מיט אַלע איינצלהייטן, ווי אַזוי מען האָט געוואָלט דערהרגענען אונדזער מאַיאָר. אין טורמע איז גע־ווען איין אַרעסטאַנט. ער האָט געלעבט בא אונדז שוין עטלעכע יאָר און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פיינער אויפפירונג. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ שטיקל נאַר. ער איז געווען אַ געבילדעטער, און דאָס גאַנצע לעצטע יאָר האָט ער שטענדיק געלייענט די ביבל אין בײַטאָג, אין באַנאַכט. ווען אַלע זיינען איינגעשלאָפן, איז ער אויפגע־שטאַנען האַלבע נאַכט, אָנגעצונדן אַ צערקווע־ליכט, אַרויפגעקראָכן אויפן אויוון, געעפנט דאָס בוך און געלייענט ביז אינדערפרי. איין טאָג איז ער געגאַנגען און געמאָלדן דעם אונטער־אָפיציר, אַז ער וויל נישט גיין אויף קיין אַרבעט. מען האָט דאָס געמאָלדן דעם מאַיאָר; דער איז געוואָרן אויפגעקאָכט און געקומען צו לויפן באַלד אַליין. דער אַרעסטאַנט האָט זיך געוואָרפן אויף אים מיט אַ פון פריער צוגעגרייטן ציגל, נאָר ער האָט נישט געטראָפן. מען

האָט אים געכאַפּט, געמשפּט אין באַשטראָפט. אַלץ איז פאָרגעקומען זייער שנעל. אין דריי טעג אַרום איז ער געשטאָרבן אין שפּיטאָל. שטאַרבנדיק, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט נישט געהאַט אויף קיי־נעם קיין שלעכטס האַרץ, און אַז ער האָט געוואָלט נאָר בלויז לייזן. ער האָט, איבעריקנס, נישט געהערט צו קיין שום זיך פון קירכע אָפּ־געזאָגטער סעקטע. און טורמע האָט מען אים דערמאַנט מיט אַכטונג.

ענדלעך האָט מען מיך איבערגעשמידט. דערווייל האָבן אין ווערקשטעל זיך באַוויזן איינע נאָך דער צווייטער עטלעכע זעמל־פאַרקויפערינס. טייל זיינען געווען נאָך גאָר קליינע מיידלעך. ביז זיי פלעגן אויפוואַקסן, פלעגן זיי געוויינטלעך אַרומטראָגן זעמל; די מוטערס האָבן געבאַקן, און זיי האָבן פאַרקויפט. ווערנדיק שוין עלטער, פלעגן זיי אַלץ נאָך קומען, אָבער שוין אָן זעמל; אַזוי כמעט האָט זיך עס שטענדיק געפירט. עס זיינען געווען אויך נישט קיין מיידלעך. אַ זעמל האָט געקאָסט אַ גראָשן, און כמעט אַלע אַרעסטאַנטן האָבן זיי געקויפט.

איך האָב באַמערקט איין אַרעסטאַנט, אַ סטאָליער, שוין אַ גרויענקן, נאָר רויט און מיט אַ שמייכעלע, וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן אונטערצוהאַלטן מיט די זעמל־פאַרקויפערינס. פאַר זייער קו־מען האָט ער זיך נאָר־וואָס געהאַט אָנגעטון אויפן האַלדז אַ רויט וואָלן טיכל. איין פעסט־געפּאַקט און אינגאַנצן געשטיפּלט מיידל האָט אַוועקגעשטעלט איר קיישל אויף זיין ווארשטאַט. צווישן זיי האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס.

— פאַרוואָס־זשע זענט איר נישט געקומען נעכטן אַהין? — האָט אַ זאָג געטון דער אַרעסטאַנט מיט אַ זעלבסט־צופרידענעם שמייכעלע.

— אָט! איך בין געקומען, נאָר איר האָט מיטקע גע־הייסן... — האָט געענטפערט דאָס דורכגעטריבענע מיידל.

— מען האָט אונדז אָװעקגערופֿן, אַנישט װאָלטן מיר זיך זיכער געװען אױפֿן אָרט געפֿינען... און מיט דרײַ טאָג צוריק זײַנען צו מיר אַלע אײַערע געקומען.

— װער אַלץ?

— מאַריאַשקע איז געקומען, כאַװראָשקע איז געקומען, טשע־קונדע איז געקומען, די דװוגראַשאָװע איז געקומען...

— װאָס איז דאָס אַזױנס? — האָב איך געפֿרעגט אָקים אָקי־מיטשן — נישט שױן־זשע?...

— עס טרעפֿט, — האָט ער געענטפֿערט, פֿאַרשעמט אַראָפּ־לאָזנדיק די אױגן, װײַל ער איז געװען אַ זײער אָפּגעהיטענער מענטש אין די זאַכן.

דאָס פֿלעגט, פֿאַרשטײט זיך, פֿאַרקומען נאָר זײער זעלטן און מיט די גרעסטע שװעריקײטן. בכלל זײַנען געװען מער בעלנים, למשל, אױף אַ טרונק בראָנפֿן, אײדער אױף אַזאַ זאַך, נישט קוקנ־דיק אױף דער גאַנצער באַטירלעכער לאַסט פֿון אַזאַ געצװוּנגענעם לעבן. צו פּרוּװן איז עווער געװען צוצוקומען, מען האָט דאַרפֿט אױסקלײַבן אַ צײַט, אַן אָרט, זיך אָפּשמועסן, באַשטימען זעונג, געפֿינען אַן אָפּגעזונדערט װינקל, װאָס איז באַזונדערס שװער געװען, איבעררעדן די װאַך, װאָס איז נאָך שװערער, און בכלל אױסגעבן אַ מאָסע געלט, רעכענענדיק פּאַרהעלטנישמעסיק. נאָר פֿונ־דעסטװעגן איז מיר געלונגען שפּעטער, טײלמאָל, צו זײַן דער עדות אױך פֿון ליבע־סצענעס. איך געדענק, מיר זײַנען אײנמאָל, זומער, געװען אין דרײַען אין עפּעס אַ שאָפּע אױפֿן ברעג אירטיש און אױסגעהײצט עפּעס אַ ברען־אױװן. די װאַך איז געװען אַ גוטע. ענדלעך, האָבן זיך באַװיזן צװײ „סופּליערקעס“, װי די אַרעסטאַנטן רופֿן זײ.

— נו, װאָס זענט איר אײַך אַזױ פֿאַרזעסן? אודאי באַ די

זוויערקאַויס? — האָט זיי באַגעגנט דער אַרעסטאַנט, צו וועלכן זיי זייגען געקומען און וועלכער האָט זיי שוין לאַנג געהאַט אָפּגעוואַרט.

— איך פאַרזעסן? איז שוין לענגער אַ סראָקע אויפן ראָד געשטאַנען, איידער איך באַ זיי געזעסן, — האָט פרייליך דאָס מיידל געענטפערט.

דאָס איז געווען דאָס שמוציקסטע מיידל אויף דער וועלט. דאָס איז טאַקע געווען די טשעקונדע. מיט איר צוזאַמען איז אויך געקומען די דוואָגראַשאַווע. די איז שוין גאָר געווען איבער יעדער באַשרייבונג.

— און אויך מיט אייך זיך שוין לאַנג נישט געזען, — האָט ווייטער גערעדט דער מיידל-בחור, ווענדנדיק זיך צו דער דוואָגראַשאַווע — איר זענט דאָך עפּעס ווי מאָגער געוואָרן?

— עס קען זיין. פריער בין איך געווען נאָך צו גראָב, און אַצינד — אָט, פונקט ווי איך וואָלט אַ נאָדל איינגעשלונגען.

— אַלץ איבער די זעלבערלעך, וואָס?

— ניין, דאָס האָבן אייך שוין וועגן אונדז אַזוי שלעכטע מענטשן אין קאָפּ אָנגעהאַקט; און איבעריק'ס, איז וואָס־זשע? באַדיי אָן אַ גראָשן געבליבן, אַבי אַ זעלבערל צו ליבן!

— וואַרפט זיי בעסער אַזעק און האָט אונדז ליב; מיר האָבן געלט...

כדי פולער צו מאַכן דאָס בילד, שטעלט אייך פאָר דעם מיידל-בחור, אַ געגאָלטן, אין די קייטן, אין פאַרשידענע קאָלירן אָנגעטון און אונטער דער וואַך.

איך האָב מיך געזעגנט מיט אַקים אַקימיטשן און געווויר־ווערנדיק, אַז איך קען מיך צוריקקערן אין טורמע, האָב איך גענומען אַ קאָנוואָי און געגאַנגען אַהיים. דער עולם איז זיך שוין צו־נויפגעקומען. פריער פאַר אַלע קערן זיך צוריק פון דער אַרבעט

די, וועלכע אַרבעטן אויף שטיק. דאָס איינציקע מיטל צו באַוועגן דעם אַרעסטאַנט ער זאָל אַרבעטן מיט חשק, איז — פאַרגעבן אים אויף שטיק. טיילמאָל פאַרגיט מען אויף שטיק זייער אַ סך, נאָר פונדעסטוועגן ענדיקן זיי צוויי מאָל שנעלער, ווי מען וואָלט זיי געלאָזט אַרבעטן אַזוי גלאַט ביז צום מיטאָג-באַראַבאַן. פאַרענדיקנדיק זיין פאַרגעבענע אַרבעט, איז דער אַרעסטאַנט באַלד אָן שטערונג געגאַנגען אַהיים, און קיינער האָט אים שוין נישט אָפּגעשטעלט.

מיטאָג עסן זיי נישט צוזאַמען, נאָר ווי עס איז אויסגעקומען, ווער עס איז געקומען פריער, האָט פריער געגעסן. איך וואָלטן אין קיך נישט אַריין אַלע מיט אַמאָל. איך האָב פאַרזוכט דעם באָרשטש, נאָר צוליב נישט געוווינטקייט, אים נישט געקענט עסן און זיך פאַרקאָכט טיי. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין עק טיש. מיט מיר איז געווען איין חבר, אויך אַזעלכער, ווי איך, פון די דוואָריאַנעס.

די אַרעסטאַנטן זיינען געקומען און אַוועקגעגאַנגען. עס איז, איבעריקנס, געווען גאַנץ געראַם; נישט אַלע האָבן זיך שוין געהאַט צונויפגעקליבן. אַ קופּקעלע פון אַ מענטשן פינף האָט זיך אַוועקגעזעצט באַזונדער באַם גרויסן טיש. דער קעכער האָט זיי אַ כלאַפּ געטון אין צוויי טעפּלעך אַריין באָרשטש און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ גאַנץ שטיק געבראָטענע פיש. זיי האָבן זיך געהאַט געמאַכט עפּעס אַ יום-טוב און געגעסן צוויי מאָל אַזוי פיל. אויף אונדז האָבן זיי געקוקט קרום. עס איז אַריינגעקומען איין פּאָליאַק און זיך אַוועקגעזעצט לעבן אונדז.

— איך בין אינדערהיים נישט געווען און ווייס דאָך אַלץ! — האָט הויך אַ געשריי געטון איין הויכער אַרעסטאַנט, אַריינגייענדיק אין קיך און אַ וואַרף טוענדיק אַ בליק אויף אַלע אָנוועזנדע.

ער איז געווען פון אַ יאָר פופציק, מוסקוליעז און דאַר. זיין

פּנים האָט אויסגעדריקט עפּעס כיטרעס און עפּעס פרייליכס. באַזונדערס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן זיין גרויסע אונטערשטע, נאָכהענגענדיקע ליפּ; זי האָט צוגעגעבן זיין פּנים עפּעס זייער קאָמישס.

— נו, גוט געשלאָפן! פּאַרוואָס־זשע באַגריסט איר זיך עפּעס נישט? מיט אונדזערע קורסקער! — האָט ער צוגעגעבן, אוועקזעצנדיק זיך לעבן די, וואָס האָבן געגעסן זייער עסן, — ברויט מיט זאַלץ! נעמט אויף אַ גאַסט.

— מיר, ברודער, זיינען דאָך אָבער נישט קיין קורסקער.

— איז אפשר די טאַמבאָוער?

— און אויך נישט קיין טאַמבאָווער. באַ אונדז, ברודער, האָסטו נישט וואָס צו נעמען. גיי צו אַ רייכן פּויער, דאָרט בעט.

— און בויך איז באַ מיר היינט, ברידערלעך, איוואַן־טאַסקען און מאַריע־איקאָטישנע; און ווו וווינט ער דאָס דער רייכער פּויער?

— אָט, גאַזין איז אַ רייכער פּויער, צו אים גיי.

— ער הוליעט היינט, ברידערלעך, גאַזין; ער האָט זיך אָנגעשיכורט: דאָס גאַנצע פאַרמעגן פאַרטרינקט ער.

— אַ רובל צוואַנציק האָט ער, — האָט אַ צווייטער באַמערקט — גוט, ברידערלעך, אַ שענקער צו זיין.

— וואָס־זשע, איר וועט נישט אויפנעמען קיין גאַסט? נו, וועלן מיר אַ זופּ טון קאַזשאָנע...

— דו גיי, בעט ביי, אָט די פּריצים טרינקען.

— וואָס פאַר אַ פּריצים, דאָ זיינען נישטאָ קיין פּריצים; פּונקט אַזעלכע ווי מיר אַצינד — האָט אומעטיק אַ זאַג געטון איין אַרעסטאַנט, וואָס איז געזעסן אין ווינקל און האָט ביז אַצינד נישט געהאַט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט.

— איך וואָלט געטרינקען טיי. נאָר איך שעם מיך עפּעס צו בעטן. מיר זיינען שטאָלץ! — האָט באַמערקט דער אַרעסטאַנט מיט דער גראָבער ליפּ, קוקנדיק גוטהאַרציק אויף אונדז.

— אויב איר ווילט, וועל איך אייך געבן, — האָב איך געזאָגט, פאַרבעטנדיק דעם אַרעסטאַנט — גוט?

— גוט? פאַרוואָס זאָל נישט גוט זיין! — ער איז צוגעגאַנגען צום טיש.

— זעסט, אינדערהיים האָט ער מיט אַ לאַטש באָרשטש געזופּט און דאָ האָט ער זיך צו טיי דערשטופּט; דאָס בריצישע געטראַנק האָט זיך אים פאַרגלוסט — האָט אַ זאָג געטון דער אומעטיקער אַרעסטאַנט.

— און דאָ טרינקט דען קיינער נישט קיין טיי? — האָב איך אים געפרעגט. נאָר ער האָט מיך נישט באַערט מיט קיין ענטפער.

— אָט טראָגט מען אויך זעמל. זייט מיך שוין מכבד אויך מיט זעמל!

מען האָט אַריינגעברענגט די זעמל. אונדזער אַרעסטאַנט האָט געטראָגן אַ גאַנץ פעקל און זיי אויסגעשפּרייט איבער דער טורמע. די זעמל-פאַרקויפערין האָט אים אָפּגעגעבן די צענטע זעמל אויף דער זעמל האָט ער טאַקע אויסגעשטעלט.

— זעמל, זעמל! האָט ער געשריגן, אַריינקומענדיק אין קיך, — מאָסקווער, הייסע! איך וואָלט אַליין געגעסן, נאָר מען דאַרף געלט האָבן. נו, קינדער, די לעצטע זעמל איז געבליבן: ווער האָט אַ מאַמע געהאַט?

דער דאָזיקער רוף צו דער מוטער-ליבע האָט לאַכנדיק געטאַנצט אַלע, און מען האָט גענומען בײַ אים עטלעכע זעמל.

— און וואָס, ברידערלעך, — האָט ער געזאָגט — באַזין

וועט זיך הײַנט נאָך צו אַן עבירה דערחוליען! באַ גאָט! ווען אים איז הוליען אײַנגעפאַלן. דער אַכט-אויגיקער דאָרף באַלד אָנקומען.

— מען וועט אים באַהאַלטן. וואָס, ער איז זײַער שיכּור?

— אָבער נאָך ווי! בײז, וואַרפט זיך.

— נו, וועט ער זיך דערהוליען צו קלעפּ...

וועגן וועמען רעדן זיי? — האָב איך געפרעגט דעם פּאָליאַק, וואָס איז געזעסן לעבן מיר.

דאָס איז גאַזין, אַן אַרעסטאַנט. ער האַנדלט מיט בראָנפן. ווען ער לייזט אָן אַ ביסל געלט, פאַרטרינקט ער עס באַלד. ער איז עקשנותדיק און שלעכט; איבעריקנס, ניכטערערהייט איז ער רויִק; ווען אָבער ער טרינקט זיך אָן, ווייזט ער זיך אינגאַנצן אַרויס ווער ער איז; וואַרפט זיך מיט אַ מעסער אויף מענטשן. דאָ נעמט מען אים שוין אײַן.

— ווי אַזוי-זשע נעמט מען אים אײַ?

— עס וואַרפן זיך אויף אים אַ מאַן צען אַרעסטאַנטן און הייבן אים אָן שרעקלעך צו שלאָגן, אַזוי לאַנג, ביז ער ווערט נישט אָן אַלע כּוחות, דאָס הייסט, מען שלאָגט אים ביז האַלב-טויט. דאַמאָלס לייגט מען אים אַוועק אויף דער נאַרע און מען דעקט אים איבער מיטן פּעלצל.

זיי קענען דאָך אים דערהרגענען

אַן אַנדערן וואָלטן זיי זיכער דערהרגעט, נאָר אים נישט. ער איז שרעקלעך שטאַרק, שטאַרקער דאָ פאַר אַלע אין טורמע און פון געזונטסטן קערפּער-געבוי. באַלד צומאָרגנס שטייט ער אויף אינגאַנצן אַ געזונטער.

— זאָגט, איך בעט אײַך, — האָב איך ווײַטער נישט אויסגעהערט אויסצופרעגן דעם פּאָליאַק — אָט, זיי עסן דאָך אויך זיי-

ער אייגן עסן, און איך טרינק טיי. און דאָך קוקן זיי, פונקט ווי זיי האַלטן מיך מקנא געווען פאַר דער טיי. וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

— דאָס איז נישט פאַר דער טיי, — האָט דער פּאָליאַק געענטפערט — זיי זיינען בייז אויף אייך פאַרדעם, וואָס איר זענט אַ דוואָריאַנין און נישט ענלעך צו זיי. אַ סך פון זיי וואָלטן זיך געוואָלט צו אייך טשעפּען. עס וואָלט זיך זיי זייער געגלוסט אייך באַליידיקן, דערנידעריקן. איר וועט נאָך דאָ אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן האָבן. דאָ איז שרעקלעך שווער פאַר אונדז אַלע. אונדז איז ערגער פאַר אַלע אין אַלע הינזיכטן. מען דאַרף קענען זיין זייער גלייכגילטיק, אַז מען זאָל זיך קענען צו דעם צוגעוויינען. איר וועט נאָך נישט איינמאָל אָנטרעפן אויף אומאָנגענעמלעכקייטן און זידלערייען צוליב דער טיי און דעם באַזונדערן עסן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דאָ עסן זייער אַ סך און זייער אָפט זייער אייגנס, און טייל טרינקען שטענדיק טיי. זיי מעגן, און איר טאָרט נישט.

אָפּזאָגנדיק דאָס, איז ער אויפגעשטאַנען און אַפּערגעגאַנגען פון הינטערן טיש. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זיינען אויך זיינע ווערטער מקוים געוואָרן.

III.

## די ערשטע איינדריקן.

ווי נאָר מ-צקי איז אַוועגעגאַנגען (דער פּאָליאַק, וואָס האָט גערעדט מיט מיר), האָט גאַזין, אַ גוט אָנגעשיכּורטער, זיך אַריינגעוואָרפן אין קיך. דער שיכּורער אַרעסטאַנט, אין מיטן העלן טאָג, אינדערוואָכן, ווען אַלע זיינען פאַרפליכטעט געווען אַרויסצוגיין אויף אַרבעט, באַ דעם שטרענגן נאַטשאַלניק, וועלכער האָט יעדע מינוט געקענט קומען אָנצופאָרן אין טורמע אַריין, באַם אונטעראָפיציר, וואָס האָט פאַרוואַלטעט איבער די קאַטאָרזשניקעס און האָט זיך געפונען אין טורמע שטענדיק; באַ דער וואַך, באַ די אינוואַלידן, מיט איין וואָרט, באַ די אַלע שטרענגקייטן, האָט אינגאַנצן צעמישט אין מיר די אַלע שוין געשאַפענע באַגריפן וועגן אַרעסטאַנטישן לעבן. און עס איז מיר נאָך גאַנץ לאַנג אויסגעקומען צו לעבן אין טורמע, איידער איך האָב מיר קלאָר געמאַכט די אַלע אַזעלכע פאַקטן, וואָס האָבן מיר אַזוי וווּנדערבאַר אויסגעזען אין די ערשטע טעג פון מיין קאַטאָרגע.

איך האָב געזאָגט, אַז די אַרעסטאַנטן האָבן שטענדיק געהאַט זייער אייגענע אַרבעט און אַז די ארבעט — איז געווען אַ נאַטירלעכע באַדערפעניש אין קאַטאָרגע-לעבן; אז אַ חוץ דער דאָזיקער באַדערפעניש האָט דער אַרעסטאַנט ליידנשאַפטלעך ליב געלט און שעצט עס העכער פאַר אַלץ, כמעט אַזוי גוט ווי די פרייהייט, און אַז ער איז שוין געטרייסט, ווען עס קלינגט נאָר באַ אים אין קע-

שענע. פאַרקערט ווידער, איז ער טרויעריק, פאַרזאָרגט, אומרויִק און ווערט אָן דעם מוט, אויב ער האָט עס נישט. און דאַמאָלס איז ער גרייט אפילו צו גנבענען און טון וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן, אַבי עס צו באַקומען. נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דאָס געלט אין טורמע איז געווען אַזוי טייער, איז עס דאָך קיינמאָל לאַנג נישט געלעגן בײַ דעם גליקלעכן, וואָס האָט עס געהאַט. ערשטנס, איז שווער געווען עס אָפּצוהיטן, אַז מען זאָל עס נישט צוגנבענען אָדער צונעמען. אויב דער מאַיאָר האָט זיך נאָר צוגע־קריגן דערצו, בײַ די פּלוצלינקדיקע אונטערזוכונגען, האָט ער עס באַלד צוגענומען. מעגלעך, ער האָט עס פאַרנוצט אויף בעסער צו מאַכן דאָס עסן פון די אַרעסטאַנטן. נאָר, אַלנפאַלס, איז עס גע־בראַנגט געוואָרן אים. אָפטער אָבער פאַר אַלץ איז עס צוגעגנבעט געוואָרן: מען האָט זיך אויף קיינעם נישט געקענט פאַרלאָזן. שפּע־טער, האָט מען דערפינדן בײַ אונדז אַ מיטל צו באַהאַלטן געלט מיט דער פולער זיכערקייט. מען האָט עס אָוועקגעגעבן צו באַהאַלטן דעם אַלטיטשקן אַלט־גלויביקן, וואָס איז געקומען צו אונדז פון די סטאַראָדובער דערפער פון די אַמאָליקע וויעטקאָווצעט.*) נאָר איך קען מיך נישט איינהאַלטן, נישט צו זאָגן וועגן אים עטלעכע ווער־טער, כאָטש איך טרעט אַזוי אַרום אָפּ פון דער זאַך.

דאָס איז געווען אַן אַלטיטשקער פון אַ יאָר זעכציק, אַ קליי־נענקער, אַ גרויענקער. ער האָט מיך שטאַרק איבערראַשט. באַלד פון ערשטן בליק איז ער געווען אַזוי נישט ענלעך צו די איבעריקע אַרעסטאַנטן: עפּעס אַזאַ גרויסע רויִקייט און שטילקייט איז געווען אין זיין בליק, אַז איך געדענק, איך האָב מיט אַזאַ באַזונדערן פאַרגעניגן געקוקט אין זיינע קלאָרע, ליכטיקע אויגן אַריין, וואָס זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט קליינע שטראַלנדיקע קנייטשלעך!

---

*) אַזאַ סעקטע.

איך האָב אָפּט גערעדט מיט אים, און זעלטן ווען האָב איך באַגעגנט אין מיין לעבן נאָך אַזאַ גוטע, מילדע בריאה. ער איז פאַרשיקט געוואָרן פאַר אַ זייער וויכטיקן פאַרברעך. צווישן די סטאַראָדובער אַלט־גלויביקע האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגעהויבן איבערגיין. די רעגירונג האָט זיי שטאַרק געשטיצט און אָנגעהויבן אָנווענדן אַלע מיטלען, אַז די איבעריקע אומצופרידענע זאָלן אויך איבערגיין. דער אַלטער, צוזאַמען מיט אַנדערע פאַנאַטיקער, האָט באַשלאָסן „זיך איינצושטעלן פאַרן גלויבן", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. עס האָט זיך אָנגעהויבן בויען אַ צערקווע פון ביי־גלויביקע, און זיי האָבן זי פאַרברענט. אַלס איינער פון די אונטערצינדער, איז דער אַלטער פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע־אַרבעט. ער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער שטאָטישער סוחר, אינדערהיים איבערגעלאָזט אַ פרוי, קינדער, נאָר מוטיק געגאַנגען אויף זיין פאַרשיקונג, ווייל ער האָט זי גערעכנט, אין זיין פאַרבלענדעניש, אַלס „אַ ליידן פאַרן גלויבן". דורכלעבנדיק מיט אים אַ געוויסע צייט, וואָלט איר נישט ווילנדיק געשטעלט די פראַגע: ווי אַזוי האָט דער דאָזיקער רויקער, ווי אַ קינד שטילענקער, מענטש, געקענט זיין אַ בונטאָוושטשיק? איך האָב עטלעכע מאָל אָנגעהויבן אַ שמועס מיט אים „וועגן גלויבן". — ער איז נישט אָפּגעטרעטן קיין האָר פון זיינע איבערצייגונגען; נאָר עס איז קיינמאָל נישט געווען נישט קיין שום בייזקייט, נישט קיין שום שנאה אין זיינע ווידערשפרוכן. און דאָך האָט ער צעשטערט אַ צערקווע און זיך מודה געווען אין דעם. מען האָט געקענט מיינען, אַז ער האָט, לויט זיינע איבערצייגונגען, געקענט האַלטן זיין טאַט און די, פון אים, אָנגענומענע „ליידן" פאַר אַ גרויסע זאַך. נאָך ווי איך האָב מיך נישט איינגעקוקט אין אים, ווי איך האָב אים נישט שטודירט, האָב איך דאָך קיינמאָל קיין שום סימן פון גאווה אָדער שטאָלץ נישט באַמערקט אין אים. עס זיינען געווען באַ אונדז אין טורמע אויך

אַנדערע אַלט-גלוּיבּיקע, מערסטנטיילס סיבּיריאַקעס. דאָס איז געווען
אַן אַנטוויקלט פאָלק, כיטרע פויערים, זייער באַלעזונע, ביכער-
פרעסער און אויף זייער אַרט שטאַרקע דיאַלעקטיקער, אַ פאָלק —
שטאָלץ, פאַריסן, כיטרע און אומגעדולדיק אויף דער העכסטער
שטופע. גאָר אַן אַנדערער מענטש איז געווען דער אַלטער. אַן אָנ-
געלעזענער, אפשר נאָך מער ווי זיי, האָט ער אויסגעמיטן קריגערייען.
אַ כאַראַקטער האָט ער געהאַט ביז דער העכסטער שטופע אַן אָפּנ-
האַרציקן. ער איז געווען פריילעך, האָט אָפט געלאַכט — נישט
מיט דעם גראָבן, ציניש געלעכטער, מיט וועלכן עס האָבן געלאַכט
די קאַטאָרזשניקעס, נאָר מיט אַ קלאָרן, שטילן געלעכטער, אין
וועלכן עס האָט זיך געפילט אַ סך קינדערשע אויפריכטיקייט און
וועלכעס האָט אים עפּעס גאָר באַזונדער געפּאַסט צו זיינע גרויע
האָר. עס קען זיין, איך האָב אַ טעות, נאָר מיר דאַכט זיך, אַז לויטן
געלעכטער קען מען דערקענען אַ מענטש, און אויב עס איז אייך
באַלד פון דער ערשטער באַגעגעניש אָנגענעם דאָס געלעכטער פון
עמעצן אייך גאָר אַן אומבאַקאַנטן מענטש, זאָגט דרייסט, אַז דאָס איז
אַ גוטער מענטש. דער אַלטער האָט זיך אין דער גאַנצער טורמע
דערוואָרבן די אַלגעמיינע אַכטונג, מיט וועלכער ער האָט אינגאַנצן
נישט שטאָלצירט. די אַרעסטאַנטן האָבן אים גערופן זיידע און אים
קיינמאָל נישט באַליידיקט. איך האָב טיילווייז פאַרשטאַנען, וואָס
פאַר אַן איינפלוס ער האָט געקענט האָבן אויף זיינע מיטגלויביקע.
נאָר, נישט קוקנדיק אויף זיין שטאַרקן מוט, מיט וועלכן ער האָט
איבערגעלעבט זיין קאַטאָרגע, האָט זיך דאָך געגראָבן אין אים אַ
טיפער, אומהיילבאַרער אומעט, וועלכן ער האָט זיך באַמיט צו באַ-
האַלטן פון אַלע. איך האָב מיך אויפגעהאַלטן מיט אים איין
קאַזאַרמע. איינמאָל, אַרום דריי אַ זייגער באַנאַכט, האָב איך מיך
אויפגעכאַפּט און דערהערט אַ שטיל איינגעהאַלטן געוויין. דער אַל-
טער איז געזעסן אויפן אויוון (אויפן זעלבן, אויף וועלכן עס האָט

פריער פאַר אים, גאַנצע נעכט, געדאַוונט און כסדר געלייענט דער, וואָס האָט געוואָלט הרגענען דעם מאַיאָר) און תפילה געטון פון זיין, מיט דער האַנט געשריבענעם, בוך. ער האָט געוויינט, און איך האָב געהערט, ווי ער האָט פון צייט־צו־צייט גערעדט: „גאָט, פאַרלאָז מיך נישט! גאָט, שטאַרק מיך. קינדערלעך מיינע קליינע, קינדערלעך מיינע ליבע, מיר וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט זען!" איך בין נישט ומשטאַנד אויסצודריקן, ווי אומעטיק מיר איז געוואָרן. — אין דעם דאָזיקן אַלטן טאַקע האָבן ביסלעכווייז כמעט אַלע אַרעסטאַנטן אָנגעהויבן אוועקצוגעבן זייער געלט צו באַהאַלטן. אין דער קאַט רגע זיינען כמעט אַלע געווען גנבים, נאָר פּלוצלינג האָבן זיך עפּעס אַלע איבערצייגט, אַז דער אַלטער וועט בשום אופן גאָרנישט צוגנבענען. זיי האָבן געוווסט, אַז ער האָט עפּעס ערגעץ־ווו באַהאַלטן דאָס אים איבערגעגעבענע געלט, נאָר אויף אַזאַ פאַרבאָרגן אָרט, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען עס זאָל עס ווער געפינען. שפּעטער, האָט ער מיר און עטלעכע פון די פּאָליאַקן אויסגעזאָגט זיין געהיימניש. אין איינעם פון די סלופּעס פון פּאַרקן איז געווען אַ סענק, וואָס האָט אויסערלעך אויסגעזען שטאַרק צוזויפגעוואַקסן מיטן האָלץ, נאָר ער האָט זיך געקענט אַרויסנעמען, און אין האָלץ איז געוואָרן אַ גרויס לאָך. דאָרט אַהין טאַקע האָט דער זיידע באַהאַלטן די ס געלט, און דערנאָך צוריק אַריינגעזעצט דעם סענק, אַזוי, אַז קיינער האָט קיינמאָל גאָרנישט געקענט געפינען.

נאָר איך בין אוועק פון דער דערציילונג. איך בין שטיין געבליבן בא דעם, פאַרוואָס באַם אַרעסטאַנט אין קעשענע האָט זיך לאַנג קיין געלט נישט געהאַלטן. אַ חוץ דער מי עס אָפּצוהיטן, איז אין טורמע געווען אַזוי אומעטיק! דער אַרעסטאַנט ווידער, איז, לויט זיין נאַטור, אַ באַשעפעניש, וואָס דורשט נאָך פרייהייט, און איז, ענדלעך, צוליב זיין סאָציאַלער לאַגע, אַזוי לייכטזיניק און צעלאָזט, אַז אים שטופּט אַ נאַטירלעכע קראַפט זיך פּלוצלינג „אַ צע-

לאָז צו טון" מיטן גאַנצן ברען, אַ הוליע צו טון פאַרן גאַנצן קאַפּיטאַל, מיט געוויש און מוזיק, אַזוי, אַז ער זאָל כאָטש אויף איין מינוט פאַרגעסן זיין אומעט. עס איז מערקווירדיק געווען צו קוקן, ווי אַזוי טייל פון זיי האָבן געאַרבעט, נישט אויס לייכנדיק דעם רוקן, טיילמאָל צו עטלעכע חדשים, נאָר דערפאַר, זיי זאָלן אין איין געוויסן טאָג דורכלאָזן זייער גאַנץ פאַרדינסט, אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, ביזן לעצטן גראָשן, און דערנאָך ווידער, ביזן נייעם „לעב", אָפּגעפינצטערט באַ דער אַרבעט עטלעכע חדשים. — אַ סך פון זיי האָבן ליב געהאַט זיך צו מאַכן נייע זאַכן, און דורכויס גאַנץ אָריגינעלע: אַזעלכע נישט פּאָרמיקע, שוואַרצע הויזן, אויבערוועס, וואַרעמע לייבלעך. זייער גאַנגבאַר זיינען אויך געווען סיצעגע רובאַשקעס און פּאַסקס מיט מעשענע פּשאָנסקעס. זיי האָבן זיך אויסגעפּוצט אין די יום-טובים, און דער אויס-געפּוצטער פלעגט אומבאַדינגט אַרומגיין איבער אַלע קאַזאַרמעס זיך ווייזן דער גאַנצער וועלט. דאָס פאַרגעניגן פון אַ שיין אָנגעטועניש איז דערגאַנגען ביז קינדערישקייט; און אין אַ סך זאַכן זיינען די אַרעסטאַנטן טאַקע געווען אמתע קינדער. אמת, די אַלע שיינע זאַכן פלעגן עפּעס פּלוצלינג פאַרשווינדן ווערן פון זייער בעל-הבית, טיילמאָל פלעגן זיי נאָך דעם זעלבן אָוונט פאַרזעצט ווערן און אַוועקגעגעבן ווערן פאַר אַ גאָרנישט. איבעריקנס, דאָס הוליעריי האָט זיך צעשפּילט ביסלעכוויז. דאָס פלעגט געשען, געוויינטלעך, אָדער אין די יום-טוב-טעג, אָדער אין די נאָמענס-טעג פון די הוליענדיקע. דער אַרעסטאַנט, וועלכער האָט געפייערט זיין נאָמענס-טאָג האָט, אויפשטייענדיק אינדערפרי, געשטעלט אַ ליכט פאַרן הייליקן בילד און אָפּגעזאָגט אַ תפילה; דערנאָך האָט ער זיך אויסגעפּוצט און באַשטעלט פאַר זיך אַ מיטאָג. געקויפט רינד-פלייש, פיש, געהייסן מאַכן פאַר זיך סיבירער קרעפּלעך; ער האָט זיך אָנגעגעסן, ווי אַן אָקס כמעט שטענדיק אַליין, זעלטן פאַרבעטנדיק חברים צו זיין

סעודה, דערנאָך האָט זיך באַוויזן בראָנפן. דער בעל-שמחה האָט זיך שטאַרק אָנגעשיכורט און אומבאַדינגט אַרומגעגאַנגען איבער די קאַזאַרמעס, וואַקלענדיק זיך און פאַלנדיק, באַמיענדיק זיך צו ווייזן אַלע, אַז ער איז שיכּור, אַז ער „לעבט אַ טאָג", און דערמיט זיך צו פאַרדינען די אַלגעמיינע אַכטונג. אומעטום, פילט דער רוסישער עולם צו שיכּרות אַ געוויסע סימפּאַטיע, אין טורמע אָבער האָט מען צו אַזעלכן, וואָס האָט ליב געהאַט צו הוליען, זיך באַצויגן אַפילו מיט דרך-ארץ. דאָס הוליע, אין טורמע איז געווען אַ מין אַריסטאָקראַטיזם. פריילעך ווערנדיק, האָט דער אַרעסטאַנט אומבאַדינגט זיך געדונגען מוזיק. אין טורמע איז געווען איין פּאָליאַקל פון די „אַנטלאָפענע זעלנער", זייער אַ מיאוסער, וואָס האָט אָבער געשפּילט אויף אַ פידל, און געהאַט מיט זיך זיין אינסטרומענט — זיין גאַנצן פאַרמעג. קיין שום מלאכה האָט ער נישט געקענט און זיך באַשעפטיקט נאָר מיט דעם, וואָס ער איז געדונגען געוואָרן דורך די הוליענדיקע זיי צו שפּילן פריילעכע טענץ. זיין פונקציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געדאַרפט כּסדר נאָכגיין זיין שיכּורן בעל-הבית פון איין קאַזאַרמע אין דער צווייטער און זעגן אויף דער פידל מיטן גאַנצן כּוח. אָפט האָבן זיך אויף זיין פּנים באַוויזן לאַנגווייליקייט, מאַטערניש. נאָר דער געשריי: „שפּיל, דו האָסט געלט גענומען!" האָט אים געצווונגען ווידער צו זעגן און זעגן. דער אַרעסטאַנט האָט, אָנהייבנדיק הוליען, געקענט זיין איבערצייגט, אַז אויב ער וועט זיך שוין צו שטאַרק אָנשיכּורן, וועט מען אומבאַדינגט אויף אים אַכטונג געבן, צו דער צייט אים שלאָפן לייגן און שטענדיק ערגעץ-ווו באַהאַלטן, ווען נאַטשאַלסטוואָ וועט אָנקומען, און דאָס אַלץ, אָן דעם מינדסטן געצאָלטס דערפאַר. פון זייער זייט, האָבן דער אונטער-אָפיציר און די אינוואַלידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין טורמע, כּדי אָפּצוהיטן די אָרדנונג, געקענט זיין אויך פאַלשטענדיק רויק: דער שיכּורער האָט נישט געקענט

מאַכן קיין שום אומאָרדענונג. די גאַנצע קאַזאַרמע האָט אויף אים אַכטונג געגעבן, און אויב ער וואָלט אָנגעהויבן צונויפֿמאַכן עפּעס אַ גערויש, צו בונטעווען זיך — וואָלט מען אים באַלד איינגעשטילט. זיי וואָלטן אים אפֿילו, גאַנץ פּשוט, געבינדן. און דערפֿאַר האָט די נידעריקע טורמע-נאַטשאַלסטוואָ געקוקט אויף דעם שיכּורן דורך די פֿינגער, און גאָרנישט געוואָלט לייגן קיין אַכט דערויף. זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז, ווען מען זאָל נישט דערלויבן דאָס בראָנפֿן-טרינקען, וועט זיין נאָך ערגער, נאָר ווו אָבער האָט מען געקריגן בראָנפֿן?

דער בראָנפֿן איז געקויפֿט געוואָרן אין טורמע טאַקע בײַ די אַזוי גערופֿענע, שענקערס. זיי זיינען געווען עטלעכע פּערזאָן, און האָבן געפֿירט זייער האַנדל אומאויפֿהערלעך און מיט ערפֿאָלג. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס טרינקערס און „הולטײַעס" זיינען בכלל געווען נישט קיין סך, ווייל דאָס הוליען האָט געפֿאָדערט געלט, און דאָס אַרעסטאַנטישע געלט איז זייער שווער אָנגעקומען. דער האַנדל האָט זיך אָנגעהויבן, האָט זיך נעצויגן און זיך אַנטוויקלט אויף אַ גאַנץ אָריגינעלן אופֿן. אַ געוויסער אַרעסטאַנט האָט, למשל, נישט קיין פֿאַך און וויל נישט אַרבעטן (אַזעלכע זיינען געווען), נאָר וויל האָבן געלט, און דערבײַ איז ער אַ מענטש אַן אומגעדולדיקער, וויל שנעל רייך ווערן. ער האָט אַ ביסל געלט אויפֿן אָנהייב, און ער באַשליסט זיך צו האַנדלען מיט בראָנפֿן: אַן אונטערנעמונג איז דאָס אַ דרייסטע, וואָס פֿאָדערט גרויס איינשטעלעניש. מען האָט געקענט פֿאַר איר באַצאָלן מיטן רוקן און דערבײַ נאָך אָנווערן די סחורה און דעם קאַפּיטאַל. נאָר אַ שענקער גייט אויף דעם. געלט אין אָנהייב האָט ער נישט קיין סך, און דעריבער טראָגט ער דאָס ערשטע מאָל אַליין אַדורך דעם בראָנפֿן אין טורמע אַרײַן און פֿאַרקויפֿט אים, פֿאַרשטייט זיך, אויף אַ באַקוועמען אופֿן. ער חזרט איבער דעם פּרוּוו אַ צווייט און אַ דריט מאָל, און אויב ער פֿאַלט

נישט אריין צו דער נאטשאלסטווא, ווערט ער שנעל רייך און הייבט אָן ערשט דאמאָלס דעם אמתן האנדל אויף ברייטע יסודות; ער ווערט אַן אנטרעפּרעניאָר, אַ קאפּיטאליסט, האָט אגענטן אין געהילפן, רידיקירט אַ סך ווייניקער, און פאַרדינט אַלץ מער און מער. עס ריזיקירן פאַר אים זיינע געהילפן.

אין טורמע טרעפן זיך שטענדיק אַ סך אַזעלכע, וואָס פאַרשווענדן, פאַרשפּילן, פאַרהוליען אַלץ, ביז דער לעצטער קאָפּעקע, מענטשן אָן פּאַך, צרותדיקע און אָפּגעריסענע. נאָר באַגאַבטע ביז אַ געוויסער שטופע מיט דרייסטקייט און אַנטשלאָסנקייט. בײַ אַזעלכע מענטשן בלייבט אַלס קאַפּיטאַל בלויז דער רוקן זייערער; ער קען נאָך צו עפּעס-וואָס טויגן, און אָט דעם דאָזיקן לעצטן קאַפּיטאַל טאַקע באַשליסט זיך דער פאַרעמטער הולטאַי צו לאָזן אין גאַנג. ער גייט צום אַנטרע עניאָר און פאַרדינגט זיך צו אים אַלס איבערטראָגער פון בראָנפן אין טורמע אריין. אַ רייכער שענקער האָט אַזעלכע אַרבעטער עטלעכע. ערגעץ-ווו אויסער דער טורמע איז דאָ אַזאַ מענטש, — אַ זעלנער, אַ שטאָט-מאַן, טיילמאָל אַפילו אַזאַ מויד, — וועלכער קויפט איין פאַרן אַנטרעפּרעניאָרס געלט, פאַר אַ געוויסער באַלוינונג, פאַרהעלטנישמעסיק זייער אַ קליינע, בראָנפן אין אַ שענק און באַהאַלט אים ערגעץ-ווו אויף אַ זיכערן ערטל, ווו די אַרעסטאַנטן קימען אויף אַרבעט. שטענדיק פּרוווט דער צושטעלער, פריער פאַר אַלעם, די גוטקייט פון בראָנפן, און דאָס אָפּגעטרונקענע — ווערט אומבאַרעמהאַרציק דערגאָסן מיט וואַסער, — נעם יאָ, נעם נישט, דער אַרעסטאַנט קען אויך נישט זיין צופיל איבערקלייבעריש; עס איז אַזוי אויך גוט, וואָס זיין געלט איז נישט אינגאַנצן פאַרפאַלן געוואָרן, און ער האָט באַקומען דעם בראָנפן, אַ וואַסעריקער זאָל נישט זיין, אָבער דאָך בראָנפן. צו דעם צושטעלער טאַקע, מעלדן זיך די אים פריער אָנגעוויזענע, דורכן טורמע-שענקער, איבערטרעגער, מיט אָקסן-קישקעס. די דאָזיקע קיש-

קעס ווערן פריער דורכגעוואַשן, דערנאָך אָנגעגאָסן מיט וואַסער און, אויף אַזאַ אופן, ווערן זיי געהאַלטן אין זייער ערשטער פייכקייט און אויסגעצויגנקייט, זיי זאָלן מיט דער צייט זיין גוט אויפצונעמען דעם בראָנפן. אַ גיסנדיק די קישקעס מיט בראָנפן, בינדט זיי דער אַרעסטאַנט אַרום, ווי ווייט מעגלעך, אַרום די באַהאַלטנסטע ערטער פון זיין קערפער. פאַרשטייט זיך, אַז דערביי ווייזט זיך אַרויס די גאַנצע געשיקטקייט, די גאַנצע גנבשע כיטרעקייט פון אַ קאָנטראַבאַנדיסט. זיין ערע איז דאָ טיילווייז אָנגערירט; ער דאַרף אָפּנאַרן אי די קאָנוואָינע, אי די וואַך לייט, ער נאַרט זיי אָפּ: באַ אַ גוטן גנב, וועט דער קאָנוואָי, וואָס איז טיילמאָל נאָר אַ רעקרוט, קיינמאָל גאָרנישט באַמערקן. פאַרשטייט זיך, אַז דער קאָנוואָי ווערט פריער גוט אַרומגעשמעקט, אַחוץ דעם, ווערט נאָך גענומען אין אַכט די צייט, דאָס אָרט פון דער אַרבעט. דער אַרעסטאַנט, למשל, וואָס איז אַ בעקער, קריכט אַרויף אויפן אויוון: ווער וועט זען, וואָס ער טוט דאָרט? דער קאָנוואָי וועט דאָך אים נישט נאָכקריכן. צוקומענדיק צו דער טורמע, נעמט ער אין דער האַנט אַריין אַ מטבעלע, אַ פופצען אָדער צוואַנציק קאָפּעקעס אין זילבער, אויף יעדן פאַל, און וואַרט באַם טויער אויפן יעפרייטער. יעדן אַרעסטאַנט, וואָס קערט זיך צוריק פון דער אַרבעט, באַקוקט און באַטראַכט דער קאַראַול-יעפרייטער אַרום און אַרום, און דערנאָך ערשט עפנט ער די טיר פון טורמע. דער איבערטראָגער פון בראָנפן האָפט געווינטלעך, אַז מען וועט זיך שעמען אים צופיל צוטאַפּן אין געוויסע ערטער. נאָר, טיילמאָל, קריגט זיך דער געמיינער יעפרייטער צו אויך צו די ערטער און טאַפּט אָן דעם בראָנפן. דאַמאָלס בלייבט נאָר איין לעצט מיטל: דער קאָנטראַבאַנדיסט רוקט, שווייגנדיק און געהיים, דער קאָנוואָי זאָל נישט זען, אַריין אין דער האַנט דעם יעפרייטער די באַהאַלטענע מטבע. עס טרעפט, אַז צוליב אַזאַ מאַניעווערע, גייט ער דורך אין טורמע אַריין בשלום און טראָגט דורך דעם בראָנפן.

נאָר טײלמאָל געלינגט די מאניעווּרע נישט, און דעמאָלט קומט אים אויס צו באצאָלן מיט זײן לעצטן קאַפּיטאַל, דאָס הײסט, מיטן רוקן. מען מעלדעט דעם מאַיאָר, דער קאַפּיטאַל ווערט געשמיסן, און שטאַרק געשמיסן. דער בראָנפן ווערט צוגענומען אין קאזנאַ, און דער קאָנטראַבאַנדיסט נעמט אַלץ אויף זיך, נישט אויסגעבנדיק דעם אַנטרעפּעניאָר. נאָר, מיר װעלן באַמערקן, אַז נישט דערפאַר, וויײל ער האַלט פאַר מיאוס צו מסרן, נאָר בלויז דערפאַר, וואָס די מסירה וואָלט אים נישט געברענגט קײן נוצן; אים וואָלט מען סײ-ווי-סײ געשמיסן. די גאַנצע טרײסט וואָלט באַשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס מען וואָלט זײ בײדע געשמיסן. נאָר דער אַנטרעפּעניאָר איז דאָך אים נײטיק, דער קאָנטראַבאַנדיסט באַקומט, לויטן מנהג און לויט אַ פריִערדיקן אָפּמאַך, פאַר זײן געשמיסענעם רוקן קײן אײן קאָפּעקע נישט. וואָס אָמבאַלאַנגט אָבער בכלל מסירות, הערן זײ געוויינטלעך קײנמאָל נישט אויף. אין טורמע איז דער מוסר נישט אונטערגעוואָרפן אַפילו דער קלענסטער דערנידערונג; עס לײגט זיך אַפילו נישט אויפן שכל, מען זאָל אויף אים פאַרדראָסיק זײן. מען דערווײטערט זיך נישט פון אים, מען פירט מיט אים פרײנטשאַפט, אַזוי, אַז ווען איר וואָלט אָנגעהויבן באַווײזן אין טורמע די גאַנצע מיאוסקײט פון אַ מסירה, וואָלט מען אײך אַפילו נישט פאַרשטאַנען. דער אַרעסטאַנט פון די דוואָריאַנעס, דער אויסגעלאַסענער און נידערטרעכטיקער, מיט וועלכן איך האָב איבערגעריסן אַלע באַציִונגען, איז געווען באַפרײנדעט מיטן מאַיאָרס דענשטשיק, מיט פיעדקען, און געדינט בײ אים אַלס שפּיאָן, און יענער האָט איבערגעגעבן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געהערט פון אים וועגן די אַרעסטאַנטן, דעם מאַיאָר. בײ אונדז האָבן דאָס אַלע געוווּסט, און קײנעם איז אַפילו קײנמאָל נישט אײנגעפאַלן צו באַשטראָפן אָדער כאָטש אַפילו אַ פאָרוווּרף צו מאַכן דעם אויסוווּרף.

נאָר איך בין אַוועק אין אַ זײט. פאַרשטײט זיך עס טרעפט,

אַז דער בראָנפן וועט דורכגעטראָגן אויך בשלום. דאַמאָלס נעמט דער אַנטרעפּעניאָר צו די געבּרענגטע קישקעס, באַצאָלנדיק פאַר זיי דאָס געלט, און הייבט אָן אויסצורעכענען. נאָכן אויסרעכענען ווייזט זיך אַרויס, אַז די סחורה קאָסט אים זייער טייער; און דעריבּער, כּדי מער צו פאַרדינען, גיסט ער אים איבּער נאָכאַמאָל, צענעמענדיק אים אויף דאָס ניי מיט וואַסער, שיער ביז׳ אויף דער העלפט, און אויף אַזאַ אופן, צוגרייטנדיק זיך שוין אינגאַנצן, ווערט ער אויפן קונה: דאָס איז אַן אַרעסטאַנט, וואָס האָט געאַרבּעט עטלעכע חדשים, ווי אַ שווערער אָקס, און אָנגעזאַמלט אַ ביסל געלט, כּדי עס אינגאַנצן צו פאַרטרינקען אין דעם פון פריער באַשטימטן טאָג. דער טאָג האָט נאָך לאַנג פאַר זיין קומען זיך שוין געחלומט דעם אָרימען אַרבּעטער אי אין שלאָף, אי אין די גליקלעכע פאַנטאַזיעס בּאַ דער אַרבּעט, און מיט זיין צויבּער אונטערגעהאַלטן זיין מוט אין פאַרלויף פון לאַנגווייליקן טורמע-לעבּן. ענדלעך, באַווייזט זיך דער אויפגאַנג פון דעם ליכטיקן טאָג אויף מזרח-זייט; דאָס געלט איז אָנגעזאַמלט, נישט צוגענומען דורך קיינעם, נישט צוגעגנבעט, און ער טראָגט עס אַוועק דעם שענקער. יענער גיט אים אין אָנהייב בראָנפן, ווי ווייט מעגלעך ריינעם, דאָס הייסט, בלויז נאָר צוויי מאָל געשטעלטן; נאָר, וואָס מער ער טרינקט אָפּ פון פלעשל, ווערט דאָס אָפּגעטרונקענע באַלד דערפילט מיט וואַסער. פאַר אַ טעפּעלע בראָנפן ווערט געצאָלט זעקס מאָל אַזוי פיל, ווי אין שענק. מען קען זיך פאָרשטעלן, וויפיל אַזעלכע טעפּלעך מען דאַרף אויסטרינקען און וויפיל מען באַדאַרף פאַר זיי באַצאָלן, אַז מען זאָל ווערן שיכּור. נאָר צוליב דער אָפּגעוווינטקייט פון טרינקען און דער פריערדיקער איינגעהאַלטנקייט ווערט דער אַרעסטאַנט שיכּור גאַנץ שנעל און טרינקט געוויינטלעך אַזוי לאַנג, ביז ער פאַרטרינקט זיין גאַנץ געלט. דאַמאָלס גייען אין גאַנג אַלע זאַכן, וואָס ער האָט באַנייט; דער שענקער ווערט דאַמאָלס אויך אַ פּראָצענטניק. פריער גייען

איבער צו אים די ביי זיך איינגעקויפטע פּריוואַטע זאַכן, דערנאָך דערגייט עס צום אַלטוואַרק, און צום סוף אויך צו די רעגירונגס-זאַכן האָבנדיק פאַרט ינקען שוין אַלץ, ביז דער לעצטער שמאַטקע, לייגט זיך דער שיכור שלאָפן, און אויפן צווייטן טאָג, אויפכאַפּנדיק זיך מיט אַן אומפאַרמידלעך קלאַפּן אין קאָפּ, בעט ער אומזיסט באַם שענקער כאָטש איין שלונק בראָנפן אויף אויסצוניכטערן זיך. מיט אומעט טראָגט ער איבער דאָס אומגליק, און נעמט זיך באַלד נאָך אין זעלבן טאָג ווידער צו דער אַרבעט און אַרבעט ווידער עטלעכע חדשים, נישט אויסגלייכנדיק דעם רוקן, טרוימענדיק וועגן דעם גליקלעכן לעב-טאָג, וואָס איז אַוועק אין דער אייביקייט און וועט זיך שוין נישט אומקערן, און אָנהייבנדיק ביסלעכווייז צו זיך צוקומען אין אָפּצווואַרטן אַ צווייטן טאָג, אַז לכן, וועלכער איז נאָך ווייט, נאָר וועלכער וועט פונדעסטוועגן דאָך זיכער אַמאָל קומען אין זיין רייע.

וואָס אַמבאַלאַנגט ווידער דעם שענקער, איז, מאַכנדיק, ענדלעך, אַ גרויסע סומע, עטלעכע צענדליק רובל, גרייט ער זיך צו בראָנפן און צענעמט אים שוין נישט מיט קיין וואַסער, ווייל ער באַשטימט אים פאַר זיך אַליין; גענוג געהאַנדלט: צייט שוין אַליין אויך זיך צו מאַכן אַ יום-טוב! עס הייבט זיך אָן אַ הוליען, טרינקען, עסן, מוזיק. די מיטלען זיינען גרויסע; עס ווערט פאַרגיטיקט אַפילו אויך די נאָנטסטע, נידעריקסטע טורמע-נאַטשאַלסטוואָ, דאָס הוליען געדויערט טיילמאָל עטלעכע טעג. פאַרשטייט זיך, אַז דער צוגעגרייטער בראָנפן ווערט שנעל אויסגעטרינקען; דאַמאָלס גייט דער לעב-יונג צו אַנדערע שענקערס, וועלכע וואַרטן אים שוין אָפּ און טרינקט אַזוי לאַנג, ביז ער פאַרטרינקט אַלץ ביז דער לעצטער קאָפּעקע. ווי די אַרעסטאַנטן זאָלן נישט היטן דעם הוליאַק, נאָר טיילמאָל קומט ער פאָרט אויף די אויגן דער העכערער נאַטשאַלסטוואָ, דעם מאַיאָר אָדער דעם וואַך-אָפיציר. מען נעמט אים אין דער הויפּט-

חאך, מען נעמט אים צו זיינע קאַפּיטאַלן, אויב מען געפינט נאָך בא אים עפּעס און צום סוף שמייסט מען אים, אָפּשאָקלענדיק זיך, קומט ער צוריק אין טורמע אריין, און אין עטלעכע טעג אַרום נעמט ער זיך ווידער צו זיין שענקער-פאַך. טייל פון די לעב-יונגען, פאַרשטייט זיך, די רייכע, חלומען אויך פון שענעם געשלעכט. פאַר אַ סך געלט קריגן זיי זיך אַרויס, טיילמאָל, שטילערהייט, אָנשטאָט צו דער אַרבעט, ערגעץ אויף דער פאָרשטאָט, אין דער באַגלייטונג פון אַן איבערגעקויפטן קאָנוואָי. דאָרט, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן הייזעלע, אין סאַמע עק שטאָט, ווערט געגעבן אַ באַל פאַר דער גאַנצער וועלט, און עס ווערט קאַליע געמאַכט אין אמתן אַ סך געלט. פאַר געלט מיאוסט מען זיך אפילו נישט מיט קיין אַרעסטאַנט אויך. דער קאָנוואָי ווידער כאַפּט זיך צו, ווי עס איז, נאָך פריער, צוליב דעם קענען גוט דאָס עסק. געוויינטלעך, זיינען אַזעלכע קאָנוואָינע — אליין קומענדיקע קאַנדידאַטן אין טורמע אַריין. איבעריקנס, פאַר געלט קען מען אַלץ מאַכן, און אַזעלכע זאַכן בלייבן כמעט שטענדיק אין געהיים. מען דאַרף צוגעבן, אַז זיי טרעפן זיך זייער זעלטן. אויף דעם דאַרף מען האָבן אַ סך געלט, און די ליבהאָבער פון שיינעם מין באַנוצן זיך מיט אַנדערע מיטלען אינגאַנצן אומגעפערלעכע.

נאָך אין די ערשטע טעג פון מיין טורמע-לעבן האָט איין יונגער אַרעסטאַנט, זייער אַ שיין יונגל, אויפגעוועקט אין מיר אַ באַזונדערע נייגעריקייט, מען האָט אים גערופן סיראָטקין. ער איז געווען אַ גאַנץ מיסטעריעזער באַשעפעניש, אין אַ סך הינזיכטן פריער פאַר אַלעם האָט מיך איבערראַשט זיין אויסערגעוויינלעך שיין פנים. ער איז אַלט געווען נישט מער ווי דריי און צוואַנציק יאָר. געהערט האָט ער צו דער באַזונדערער אָפּטיילונג, דאָס הייסט, צו דער אומטערמיניקער, וואָס פון דעם איז געדרונגען, אַז ער האָט זיך גערעכנט פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע מיליטערישע פאַרברעכער. אַ שטילער און איידעלער, האָט ער גערעדט ווייניק, זעלטן

געלאַכט. אויגן האָט ער געהאַט בלויע, געזיכטס־שטריכן פּינקטלעכע, אַ פּנים׳ל אַ קלאָרס, אַ צאַרטס, האָר העל־בלאָנדע. אַפילו דער האַלבּ־געגאָלטער קאָפּ האָט אים אויך ווייניק מיאוס געמאַכט: אַזאַ שיין יונגל איז דאָס געווען. קיין פאַך האָט ער נישט געקענט קיין שום, דאָך געלט האָט ער זיך באַקומען, כאָטש ווייניק, נאָר אָפט; ער איז געווען זייער פויל, אַרומגעגאַנגען אָפּגעלאָזט. אַ חוזק, ווען עס פלעגט אים ווער אַ צווייטער אָנטון שיין, טיילמאָל, אַפילו אין אַ רויטער רובאַשקע, און סיראָטקין איז, ווייזט אויס, צופרידן פון דער באַנייונג: גייט אַרום איבער אַלע קאַזאַרמעס, ווייזט זיך יעדן. ער האָט נישט געשיכורט, נישט געשפּילט אין קיין קאָרטן, כמעט מיט קיינעם זיך נישט געקריגט. ער פלעגט זיך אַרומדרייען הינטער די קאַזאַרמעס — די הענט אין די קעשענעס, אַ רויקער, אַ פאַרטראַכטער. וועגן וואָס ער האָט געקענט טראַכטן, איז שווער געווען אַפילו זיך פאָרצושטעלן. דו וועסט אים טיילמאָל אַ רוף טון, אויס נייגעריקייט וועסטו אים עפּעס פרעגן, וועט ער דיר באַלד ענטפערן און עפּעס אַפילו אַזוי העפלעך, נישט אַרעסטאַנטיש, נאָר שטענדיק קורץ, מיט ווייניק ווערטער; און קוקן קוקט ער אויף דיר, ווי אַ צען־יעריק קינד. וועט זיך אים מאַכן געלט, — וועט ער זיך נישט קויפן עפּעס נייטיקס, נישט געבן די קורטקע צו פאַרריכטן, קיין נייע שטיוול זיך נישט קויפן, נאָר קויפן אַ קוילעטשל, אַ קיכעלע און עס אויפעסן, — ווי ער וואָלט ערשט זיבן יאָר אַלט געווען. — „עך, דו סיראָטקין! — פלעגן אים, טיילמאָל, די אַרעסטאַנטן זאָגן — יתום דו קאַזאַנער”. אין דער פרייער צייט, שלעפּט ער זיך געוויינטלעך אַרום איבער פרעמדע קאַזאַרמעס. אַלע זיינען כמעט פאַרנומען יעדער מיט זיין אַרבעט, ער אַליין האָט נישט וואָס צו טון. פלעגט זיך מאַכן, מען זאָגט אים עפּעס, כמעט שטענדיק אין געלעכטער (פון אים פלעגן אויך זיינע חברים אָפט חוזק מאַכן), — וועט ער זיך אויסדרייען, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט, און גייט אין

אַ צווייטער קאַזאַרמע אַריין; און טיילמאָל, אַז מען וועט אים שוין שטאַרק פאַרשעמען, וועט ער רויט ווערן. אָפט האָב איך געטראַכט: פאַרוואָס איז דאָס דאָזיקע רויִקע, פשוטע באַשײַנפּערלעך אַרײַנגעפאַלן אין טורמע אַריין? איינמאָל בין איך געלעגן אין שפּיטאָל אין דער אַרעסטאַנטן-פּאַלאַטע. סיראָטקין איז קראַנק געווען און געלעגן לעבן מיר; עפּעס אַזוי פאַרנאַכט-צו, האָבן מיר זיך צעשמועסט, ער איז פלוצלינג אויפגעלעבט געוואָרן און, וואָרט בײַ וואָרט, מיר דערציילט, ווי אַזוי מען האָט אים צוגענומען פאַר אַ זעלנער, ווי אַזוי זײַן מאַמע האָט אים, באַגלייטנדיק, באַוויינט און ווי שווער עס איז אים געווען אַלס רעקרוט. ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז ער האָט בשום אופן נישט געקענט אויסהאַלטן דאָס רעקרוטן-לעבן: ווייל דאָרט זײַנען אַלע געווען אַזעלכע בייזע, שטרענגע, און די קאָמאַנדירן זײַנען כמעט שטענדיק פון זיי נישט צופרידן געווען.

— ווי אַזוי-זשע האָט זיך דאָס געענדיקט? — האָב איך געפרעגט — פאַר וואָס-זשע ביסטו דאָ אַהער אַרײַנגעפאַלן? און נאָך אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג... אַך, דו סיראָטקין, סיראָטקין!

— אָבער איך, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש, בין דאָך נאָר איינגאַנצן איין יאָר אָפּגעווען אין באַטאַליאָן; און אַהער בין איך געקומען פאַר דעם, ווייל איך האָב גריגאָרי פּעטראָוויטשן, מײַן ראָטני קאָמאַנדיר, דערהרגעט.

— איך האָב דאָס געהערט, סיראָטקין, נאָר איך גלייב נישט. נו, וועמען וואָלסטו געקענט הרגענען?

— אַזוי איז געשען, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש. עס איז מיר שוין צו שווער געוואָרן.

— ווי אַזוי-זשע לעבן אָבער אַנדערע רעקרוטן? פאַרשטייט זיך, עס איז שווער אין אָנהייב, און דערנאָך ווערן זיי צוגעוווינט, און זעסט דאָך, עס ווערן פון זיי גוטע סאָלדאַטן. דיך האָט מסתמא, דײַן

מאַמע צי פּיל צעבאַלעוועט; מיט קיכלעך און מילך דיך ביז אַכצן יאָר געקאָרמעט.

— די מאַמע האָט מיך, וואָס אַן אמת, זייער ליב געהאַט. ווען איך בין אַלס רעקרוט אַוועקגעגאַנגען, האָט זי זיך פאַר בענקשאַפט נאָך מיר אַוועקגעלייגט, און, ווי איך האָב געהערט, שוין מער נישט אויפגעשטאַנען... צו ביטער איז מיר שוין באַם סוף פון מיין רעקרוטן-צייט געוואָרן. דער קאָמאַנדיר האָט מיך נישט ליב געהאַט, פאַר אַלץ באַשטראָפט ער מיך — און פאַרוואָס? איך בין יעדן אונטערטעניק פיר מיך אויף ווי עס געהערט צו זיין; קיין בראָנפן טרינק איך נישט, באַ קיינעם באָרג איך נישט, און דאָס, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש, איז שוין זייער אַ שלעכטע זאַך, אויב דער מענטש הייבט זיך נאָר אָן איינצושולדיקן. אַלע אַרום זיינען אַזעלכע האַרטהאַרציקע. — נישטאָ וווּ זיך אויסצוויינען. עס פלעגט טרעפן, דו גייסט ערגעץ אַוועק אין אַ ווינקל, און וויינסט דאָרט אַ ביסל. און שטיי איך אַמאָל אויף וואַך, עס איז שוין באַכט; מען האָט מיך אַיועקגעשטעלט אויף וואַך, אין דער הויפּט-וואַך, באַ די ביקסן-געשטעלן. אַ ווינט. האַרבסט געווען, און אַזאַ פינסטערניש, כאָטש נעם דיר די אויגן אַרויס, און אַזוי נידנע, נודנע איז מיר געוואָרן! האָב איך אַראָפּגעשטעלט די ביקס צום פוס, דעם שטיק אַראָפּגענומען, דערלעבן אַוועקגעלייגט; דעם רעכטן שטיוול אַראָפּגעצויגן, דאָס לאָך פון דער ביקס צום האַרץ זיך אָנגעשטעלט, זיך אָנגעשפּאַרט דערויף און מיטן גראָבן פינגער פון פוס דאָס ציינגל נאָכגעלאָזט. איך קוק — עס האָט זיך פאַרהאַקט! איך האָב די ביקס באַטראַכט, די רער דורכגערייניקט, פרישן פּראָך צוגעשיט, דאָס קרעמיען-שטיינדל אַ ביסל אָפּגעהאַקט און ווידער צום האַרץ צוגעשטעלט! וואָס-זשע? דער פּראָך האָט זיך אָנגעכאַפּט, און קיין שאָס איז ווידער נישטאָ! — וואָס-זשע איז דאָס אַזוינס, טראַכט איך? האָב איך גענומען, דעם שטיוול אָנגעטון, דעם שטיק צוריק אַרויפגעזעצט, שווייג

און דריי מיך ארום. דאָ טאַקע האָב איך באַשלאָסן די דאָזיקע זאַך דורכצופירן: כאָטש ווו דו ווילסט, אַבי פון רעקרוטעריי ארויס. אין אַ האַלבע שעה אַרום פאָרט דער קאָמאַנדיר; ער האָט מיט דער הויפּט-וואַך אָנגעפירט. גלייך אויף מיר: „אַזוי שטייט מען אויף דער וואַך?". איך האָב גענומען די ביקס אויף דער האַנט, און אין איר דעם שטיק ביז דער סאַמע רער אַריינגעזעצט. פיר טויזנט ווײאָרסט אָפּגעגאַנגען, און דאָ אַהער, אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג...

ער האָט נישט געזאָגט קיין ליגן. וואָרים, פאַרוואָס וואָלט מען אים אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג געשיקט? געווייגטלעכע פאַרברעכנס ווערן באַשטראָפט אַ סך לייכטער. איבעריקנס, איין סי-ראָטקין איז נאָר געווען פון אַלע זיינע חברים אַזאַ שיינער. וואָס אָמבאַלאַנגט אָבער די אַנדערע, אַזעלכע ווי ער, וועלכע זיינען בײַ אונדז געווען איינגאַנצן בײַ אַ מאַן פופצען, איז אַפילו משונהדיק געווען צו קוקן אויף זיי; נאָר אַ צוויי-דריי פּנימער זיינען נאָך גע-ווען דערטרעגלעך: די איבעריקע אָבער זיינען אַלע געווען אַזעלכע לאַנג-אויערנדיקע, פאַרשעגדטע, שמוציקע; טייל אַפילו גרויע. אויב די אומשטענדן וועלן דערלויבן, וועל איך נאָך רעדן וועגן דעם דאָ-זיקן קופּקעלע מענטשן ברייטער. סיראָטקין ווידער האָט זיך פריינט-לעך פאַרהאַלטן מיט גאַזינען, מיט דעם זעלבן, וועגן וועלכן איך האָב אָנגעהויבן דאָס קאַפּיטל, דערמאַנענדיק, אַז ער האָט זיך שיכורעהייט אַריינגעוואָרפן אין קיך אַריין און אַז דאָס האָט צעמישט מיינע ערשטע באַגריפן וועגן טורמע-לעבן.

דער דאָזיקער גאַזין איז געווען אַ שרעקלעך באַשעפעניש. ער האָט געמאַכט אויף אַלע אַ שרעקלעכן, פּיינלעכן איינדרוק. מיר האָט זיך שטענדיק געדאַכט, אַז עס קען שוין גאָרנישט זיין קיין ווילדערס און שרעקלעכערס פאַר אים. איך האָב געזען אין טאָבאָלסק דעם באַרימטן, מיט זיינע רציחות, מערדער קאַמעניעוו; געזען דער-נאָך סאָקאָלאָוו, דעם אָנגעקלאָגטן אַרעסטאַנט, פון די אַנטלאָפענע

סאָלדאַטן, דעם שרעקלעכן רוצח. נאָר קיין איינער פון זיי האָט נישט געמאַכט אויף מיר אַזאַ עקלהאַפטן איינדרוק, ווי גאַזין. מיר האָט זיך טיילמאָל געדאַכט, אַז איך זע פאַר מיר אַ גרויסע, ריזיקע שפּין, די גרייס פון אַ מענטש. ער איז געווען אַ טאָטער; שרעקלעך שטאַרק, שטאַרקער פאַר אַלע אין טורמע; העכער פון מיטעלער וווקס, געבויט ווי אַ הערקולעס, מיט אַ מיאוסן, נישט פּראָפּאָרציאָנעלן גרויסן קאָפּ; ער איז געגאַנגען אַ ביסל איינגעהויקערט, געקוקט פון אונטערן שטערן אַפער. אין טורמע האָבן זיך אַרומגעטראָגן וועגן אים מאָדנע קלאַנגען: מען האָט געוווסט, אַז ער איז געווען פון די מיליטערישע, נאָר די אַרעסטאַנטן האָבן געשמועסט צווישן זיך, איך ווייס נישט, צי דאָס איז געווען אמת, אַז ער איז אַן אַנטלאָפענער פון נערטשינסק; קיין סיביר איז ער פאַרשיקט געוואָרן שוין נישט איינמאָל, ער איז אַנטלאָפן שוין איינמאָל, זיך געטוישט דעם נאָמען, און צום סוף דאָ אַריינגעפאַלן אין אונדזער טורמע, אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג. מען האָט אויך דערציילט וועגן אים, אַז ער האָט ליב געהאַט צו שחטן קליינע קינדער, בלויז פאַר פאַרגעניגן: ער פלעגט אָוועקפירן אַ קינד ערגעץ אויף אַ באַקוועמען אָרט, פריער עס אָנשרעקן, אָנפּייניקן, און ווען ער האָט זיך שוין געהאַט גענוג אָנגעזעט מיט דעם פּחד און ציטערניש פון דעם אָרימען קליינעם קרבן, האָט ער אים דערשחטן, שטיל, פּאַמעלעך, מיט תענוג. דאָס אַלץ, קען זיין, האָט מען נאָר בלויז אויסגעטראַכט, צוליב דעם אַלגעמיינעם שווערן איינדרוק, וועלכן עס האָט אָנגעוואָרפן מיט זיך אויף אַלע גאַזין, נאָר די אַלע אויס-טראַכטונגען זיינען עפּעס געווען נישט ווייט פון אים, האָבן אים געפּאַסט צום פּנים. און דאָך האָט ער זיך, נישט שיכּורעהייט, און דער געווינטלעכער צייט, אויפגעפירט אין טורמע גאַנץ לייטיש. געווען שטענדיק שטיל, זיך מיט קיינעם קיינמאָל נישט געקריגט און אויסגעמיטן קריגערייען. נאָר עפּעס ווי אויס פאַראַכטונג צו די איבע-

ריקע, ווי האַלטנדיק זיך פאַר העכער פון די איבעריקע; גערעדט זייער ווייניק און געווען עפּעס, באַזונדערס, נישט אָפּנהאַרציק. זיינע אַלע באַוועגונגען זיינען געווען פאַמעלעכע, רויִקע, זיכערע, און זיינע אויגן האָט מען דערקענט, אַז ער איז זייער נישט קיין נאַר און איז אויסערגעוויינטלעך כיטרע. נאָר עפּעס שטאָלץ-אָפּלאַכנדיקס און אַכזריותדיקס איז שטענדיק געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים און אין זיין שמייכל. ער האָט געהאַנדלט מיט בראָנפן און איז געווען אין טורמע איינער פון די רייכסטע שענקערס. נאָר צוויי מאָל אין יאָר איז אים אויסגעקומען אַליין זיך אָנצושיכורן, און אָט דאַמאָלסטאָקע האָט זיך אַרויסגעוויזן די גאַנצע ווילדקייט פון זיין נאַטור. שיכּור ווערנדיק ביסלעכווייז, האָט ער אין אָנהייב אָנגעהויבן צו טשעפּען מענטשן מיט געלעכטערלעך, מיט די שטעכעדיקסטע, גוט-באַרעכנטע, ווי פון לאַנג צוגעגרייטע; ענדלעך, שיכּור ווערנדיק שוין אינגאַנצן, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכן צאָרן, גע-כאַפּט אַ מעסער און זיך געוואָרפן אויף מענטשן. די אַרעסטאַנטן, וויסנדיק פון זיין שרעקלעכער שטאַרקייט, זיינען זיך צעלאָפן פאַר אים און זיך באַהאַלטן: ער האָט זיך געוואָרפן אויף יעדן, וואָס איז אים נאָר אָנטקעגן געקומען. נאָר באַלד האָט מען געפונען אַ מיטל ווי אַזוי זיך אַן עצה צו געבן מיט אים. אַ מענטשן צען פון זיין קאַזאַרמע האָבן זיך פלוצלינג אַ וואָרף געטון אויף אים אַלע מיט אַמאָל און אָנגעהויבן אים צו שלאָגן. עס איז אוממעגלעך זיך פאָר-צושטעלן עפּעס אַכזריותדיקערס פאַר דעם דאָזיקן שלאָגן: זיי האָבן אים געשלאָגן אין דער ברוסט אַריין, אונטערן האַרץ, אונ-טערן לעפעלע, אין בויך; זיי האָבן אים געשלאָגן אַ סך און לאַנג און האָבן אויפגעהערט נאָר דאַמאָלס, ווען ער איז שוין געווען פאַר-חלשט און געבליבן ווי טויט. אַ צווייטן וואָלטן זיי זיך נישט אָנט-שלאָסן אַזוי צו שלאָגן: אַזוי שלאָגן — האָט געהייסן דערהרגענען, נאָר נישט גאַזינען. נאָכן שלאָגן, — האָט מען אים, אינגאַנצן אַ

פאַרחלשט, איינגעוויקלט אין פעלצל און אוועקגעטראָגן אויף דער באַרג. — „ער וועט זיך איבערליגן, האָט עס געהייסן". — און אין אמתן, צומאָרגנס איז ער אויפגעשטאַנען כמעט א געזונטער, און שווייגנדיק און אומעטיק אַרויסגעגאַנגען צו דער אַרבעט. — און יעדעס מאָל, ווען גאַזין האָט זיך אָנגעשיכּורט, האָבן אין טורמע שוין אַלע געוווּסט, אַז דער טאָג וועט זיך ענדיקן פאַר אים אומבאַ־דינגט מיט קלעפּ. און ער אַליין האָט עס אויך געוווּסט, און פונ־דעסטוועגן זיך אָנגעשיכּורט. אַזוי האָט זיך געצויגן עטלעכע יאָר; ענדלעך, האָט מען באַמערקט, אַז גאַזין הייבט זיך אָן אונטערצוגעבן. ער האָט שטאַרק זיך אָנגעהויבן צו קלאָגן אויף פאַרשידענע ווייטיקן, ער האָט אָנגעהויבן גאַנץ אָפט אונטערצוקרענקען; אַלץ אָפ־טער און אָפטער געגאַנגען אין שפּיטאָל אַריין... „זיך דאָך אונ־טערגעגעבן!" האָבן גערעדט צווישן זיך די אַרעסטאַנטן.

ער איז אַריין אין קיך אין דער באַגלייטונג פון דעם דאָזיקן מיאוסן פּאָליאַקל מיט דער פידל, וועלכן עס האָבן געוויינטלעך גע־דונגען די הוליאַקעס, כּדי צו באַשיינען זייער שמחה, און איז שטיין געבליבן אין מיטן קיך, שווייגנדיק און אויפמערקזאַם באַטראַכטנדיק אַלע אָנוועזנדע. אַלע זיינען שטיל געבליבן. ענדלעך, דערזעענדיק דאַמאָלס מיך און מיין חבר, האָט ער גיפטיק און שפּאָטיש א קוק געטאָן אויף אונדז; זעלבסט-צופרידן א שמייכל געטאָן, עפּעס ווי זיך איבערגעלייגט און, שטאַרק וואַקלענדיק זיך, צוגעגאַנגען צו אונד־זער טיש.

— ערלויבט נאָר צו פרעגן, — האָט ער אָנגעהויבן (ער האָט גערעדט רוסיש) — איר, פון וואָס פאַר אַן איינקונפטן האָט איר זיך דאָ אַוועקגעזעצט טיי טרינקען?

איך האָב מיך שווייגנדיק איבערגעקוקט מיט מיין חבר, פאַר־שטייענדיק, אַז עס איז בעסער פאַר אַלץ צו שווייגן און נישט צו

ענטפֿערן אים. באַם ערשטן אַנטקעגנשטעלן זיך אים, וואָלט ער גלייך אַריין אין צאָרן.

— האָט איר דאָך, מסתמא, געלט? — האָט ער ווייטער גישט אויפֿגעהערט צו פֿרעגן.

— האָט איר דאָך, מסתמא, געלט אַ קופּע, האַ? און צי זענט איר צוליב דעם אויף קאַטאָרגע געקומען, אַז איר זאָלט זיך דאָ זיצן און טיי טרינקען? איר זענט טיי געקומען טרינקען? נו, רעדט-זשע, אַז עס זאָל אייך!...

נאָר, זעענדיק, אַז מיר האָבן באַשלאָסן צו שווייגן און נישט צו לייגן קיין אַכט אויף אים, איז ער רויט געוואָרן און אָנגעהויבן צו ציטערן פֿאַר ווילדקייט. לעבן אים, אין ווינקל, איז געשטאַנען אַ גרויסע מילטער, אין וועלכער מען פֿלעגט צונויפֿלייגן דאָס גאַנצע אָנגעשניטענע ברויט, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אויף מיטאָג אָדער נאָכן-עסן פֿאַר די אַרעסטאַנטן. זי איז געווען אַזאַ גרויסע, אַז עס איז אַריין אין איר ברויט פֿאַר אַ האַלבער טורמע וועגן; אַצינד אָבער איז זי געשטאַנען ליידיק. ער האָט זי געכאַפּט מיט ביידע הענט און זיך פֿאַרמאָסטן איבער אונדז. נאָך אַ ווײַלע — און ער וואָלט אונדז צעשמעטערט די קעפּ. נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס אַ מאָרד אָדער פּרוּוו צו דערמאָרדן האָט געדראָט מיט אויסערגעוויינטלעכע אומאָנגענעמלעכקייטן פֿאַר דער גאַנצער טורמע: עס וואָלטן זיך אָנגעהויבן אויספֿאָרשונגען, אונטערזוכונגען, עס וואָלט זיך פֿאַרגרעסערט די שטרענגקייט, און דעריבער האָבן זיך די אַרעסטאַנטן באַמיט מיט אַלע כּוחות נישט צו דערפֿירן אַליין צו אַזעלכע ענלעכע עקסטקייטן — נישט קוקנדיק אויף דעם — זיינען אַצינד אַלע שטיל געבליבן און אָפּגעוואַרט. קיין איין וואָרט פֿאַר אונדזער פֿאַרטיידיקונג! קיין איין געשריי אויף גאַזלנען! — אַזוי שטאַרק איז געווען אין זיי די שנאה צו אונדז! זיי איז, ווייזט אויס, אָנגענעם געווען אונדזער געפֿערלעכע לאַגע... נאָר די זאַך האָט זיך

פארענדיקט גליקלעך: ווען ער האָט נאָר־וואָס שוין געוואָלט אַראָפּ־לאָזן די מילטער, האָט עפּעס עמעצער אַ געשריי געטון אין הויז:

— גאַזלן! מען האָט דיר דעם בראָנפן צוגעגנבעט!...

ער האָט אַ זעץ געטון די מילטער אויף דער פּאָדלאָגע און, ווי אַ משוגענער, אַרויס פון קיך.

— נו, גאָט האָט זיי מציל געווען! — האָבן גערעדט צווישן זיך די אַרעסטאַנטן. — און נאָך לאַנג דערנאָך דאָס אייגענע געזאָגט.

איך האָב נישט געקענט געוויר ווערן דערנאָך, צי איז די ידיעה וועגן גנבענען דעם בראָנפן געווען אַן אמתע, צי אויסגעטראַכטע, כּדי אונדז מציל צו זיין.

איבעריקנס, שוין אין דער פינסטער, פאַרן צומאַכן די קאַזאַרמעס, האָב איך מיך געדרייט בײַ די סלופּעס און אַ שווערער אומעט איז מיר געלעגן אויף דער נשמה, און קיינמאָל שפּעטער האָב איך נישט געפילט אַזאַ אומעט אין דער גאַנצער צייט פון מיין טורמע־לעבן. עס איז שווער איבערצוהאַלטן דעם ערשטן טאָג געפענקעניש, ווו דאָס זאָל נישט זיין: צי אין טורמע, צי אין אַ קאַזעמאַט, צי אויף קאַטאָרגע... נאָר, איך געדענק, אַז מער פאַר אַלץ האָט מיך אינטערעסירט איין געדאַנק, וועלכער האָט מיך דערנאָך אָן אויפהער פאַרפאָלגט די גאַנצע צייט פון מיין לעבן אין טורמע, — אַ געדאַנק, וועלכן איך האָב מיר נישט געקענט פאַרענטפערן אַפילו שוין אַצינד: דאָס איז וועגן דער נישט־גלייכקייט פון דער באַשטראָפונג פאַר איינע און די זעלבע פאַרברעכנס. אמת, אַז אויך אַ פאַרברעך קען מען נישט פאַרגלייכן איינעם מיטן צווייטן, אַפילו אומגעפער. למשל: אי דער, אי יענער האָט דערהרגעט אַ מענטש, עס זיינען איבערגעוויגן געוואָרן אַלע באַדינגונגען פון ביידע פאַרברעכנס; אי לויט דעם, אי לויט דעם צווייטן פאַרברעך קומט אויס

כמעט איין שטראָף. און דאָך, זעט נאָר, וואָס פאַר אַן אונטערשיד עס איז צווישן די דאָזיקע פאַרברעכנס. איינער, למשל, האָט געשחטן אַ מענטש אַזוי זיך, פאַר גאָרנישט, פאַר אַ ציבעלע: ער איז אַרויס אויפן וועג, דערשחטן אַ דורכפאָרנדיקן פויער, און דער האָט גאָר געהאַט בײַ זיך אינגאַנצן נאָר איין ציבעלע. „וואָס-זשע, פאָטערל! דו האָסט מיך געשיקט אויף רויב: אָט האָב איך אַ פויער דערשחטן און בלויז נאָר אַ ציבעלע געפונען. — דוראַק! אַ ציבעלע! — אַ קאָפּיקע! הונדערט נפשות — הונדערט ציבעלעס, און דו האָסט אַ רובל!" — (אַ טורמע-לעגענדע) — און דער צווייטער האָט דערהרגעט, פאַרטיידיקנדיק פאַר אַ נואף, אַ טיראַן, די ערע פון אַ כלה, אַ שוועסטער, אַ טאָכטער. — איינער האָט דערהרגעט אויף זיין בראָדיאַגע-וועג, אַרומגערינגלט פון אַ גאַנצן פאָלק שפּיאָנען, פאַרטיידיקנדיק זיין פרייהייט, זיין לעבן, נישט זעלטן שטאַרבנדיק פון אַ הונגער-טויט; און דער צווייטער שחט קליינע קינדער פאַר פאַרגעניגן צו שחטן, צו פילן אויף זיינע הענט זייער וואַרעם בלוט, צו אָנזעטן זיך מיט זייער שרעק, מיט זייער לעצטן טויבן-ציטער שוין אונטערן מעסער. און וואָס-זשע? אי דער, אי יענער קומען אָן אויף דער זעלבער קאַטאָרגע. אמת, עס איז דאָ אַ פאַרשידנאַרטיקייט אין די טערמינען פון די צוגעפּסקנטע שטראָפן. נאָר די פאַרשידנאַרטיקייט איז פאַרהעלטנישמעסיק זייער אַ קליינע; און די פאַרשידנאַרטיקייט פון כאַראַקטער פון איינעם און דעם זעלבן סאָרט פאַרברעכנס — איז אומגעהייער גרויס. יעדער כאַראַקטער האָט זיך זיינע באַזונדערהייטן. נאָר לאָמיר זאָגן, אַז אויסגלייכן, פאַרגלייכן דעם דאָזיקן אונטערשיד איז נישט מעגלעך, אַז דאָס איז זיך אַזאַ אַרט פראַגע, נישט צום פאַרענטפערן — די קוואַדראַטקייט פון קרייז, זאָל זיין אַזוי. נאָר אויב דאָס וואָלט אפילו מאָראַליש אויך נישט עקזיסטירט, — באַטראַכט נאָר דעם דאָזיקן אונטערשיד, דעם אונטערשיד אין די בייזע פאָלגן פון די באַשטראָפונגען...

אָט איז אַ מענטש, וועלכער דאַרט אויף קאַטאָרגע, גייט אויס, ווי אַ ליכטל. און אָט איז אַ צווייטער, וועלכער האָט ביזן אָנקומען אויף קאַטאָרגע נישט געוווּסט אַפילו, אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט אַזאַ פרייליך לעבן, אַזאַ אָנגענעמער קלוב פון דורכגעטריבענע חברים. יאָ, עס קומען אָן אין טורמע אויך אַזעלכע. אָט איז, למשל, אַ מענטש אַ געבילדעטער, מיט אַן אַנטוויקלטן געוויסן, מיט באַוווּסט־זיין, מיטן האַרץ. בלויז די ווייטיק אַליין פון זיין אייגענעם האַרץ וועט אים שוין, פריער נאָך פאַר אַלע באַשטראָפונגען, דערשלאָגן מיט איר פּיין. ער אַליין וועט זיך שוין פאַראורטיילן פאַר זיין פאַר־ברעך אַ סך שטרענגער, אַ רחמנותדיקער פאַר דעם גרויזאַמסטן געזעץ. און אָט איז צוזאַמען מיט אים אַ צווייטער, וועלכער וועט אַפילו קיין איין מאָל, אין פאַרלויף פון זיין גאַנצער קאַטאָרגע, נישט קיין טראַכט געבן וועגן דעם מאָרד, וואָס ער האָט אויסגעפירט. ער האַלט זיך אַפילו פאַר גערעכט און עס טרעפן אויך אַזעלכע, וואָס באַגייען אומישנע פאַרברעכנס, אַבי אַוועקגעשיקט צו ווערן אויף קאַטאָר־גע און אַזוי אַרום זיך צו באַפרייען פון דעם אַ סך מער קאַטאָרזשנע לעבן אויף דער פריי. דאָרט האָט ער געלעבט אין טיפסטן אָפּ־גרונד פון דערנידערונג, זיך קיינמאָל נישט אָנגעגעסן צו דער זעט און געאַרבעט אויף זיין בעל־הבית פון דער פרי ביז נאַכט. און אויף קאַטאָרגע איז די אַרבעט לייכטער, ווי אינדערהיים, ברויט איז דאָ גענוג און אַזאַ ברויט, אַ וואָסערס ער האָט נאָך אַפילו נישט געזען; אין די יום־טובים איז דאָ רינד־פלייש, מען קריגט אַמאָל אַ נדבה, עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו פאַרדינען אַ קאָפּעקע. און די געזעלשאַפט? יונגען כיטרע, רירעוודיקע, וואָס קענען אַלץ; און אָט קוקט ער אויף זיינע חברים מיט אַכטונג, פאַרוווּנדערונג; ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזעלכע, ער האַלט זיי פאַר דער העכסטער געזעלשאַפט, וואָס קען נאָר זיין אויף דער וועלט. צי איז דען די שטראָף פאַר דיביידע גלייך פילבאַר? נאָר איבע־

ריקנס, צו וואָס זיך פאַרנעמען מיט נישט פאַרענטפערלעכע פראַגן ?
עס קלאַפּט דער באַראַבאַן, צייט אין די קאַזאַרמעס אַריין.

IV.

## די ערשטע איינדריקן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן די לעצטע פּאָוויערקע. נאָך דער פּאָוויערקע זיינען די קאַזאַרמעס צוגעמאַכט געוואָרן. יעדער מיט אַ באַזונדערן שלאָס, און די אַרעסטאַנטן זיינען געבליבן פאַרמאַכט, אַזוי שוין ביז אינדערפרי.

די פּאָוויערקע איז געמאַכט געוואָרן דורכן אונטער-אָפיציר מיט צוויי סאָלדאַטן. צו דעם האָט מען די אַרעסטאַנטן אויסגעשטעלט טיילמאָל אינדרויסן און עס איז געקומען דער וואַך-אָפיציר. נאָר אָפטער פלעגט די צערעמאָניע פאָרקומען אויף אַ היימישן אופן: מען האָט געמאַכט די פּאָוויערקע אין די קאַזאַרמעס. אַזוי איז געווען אויך אַצינד. די, וואָס האָבן געמאַכט די פּאָוויערקע, האָבן זיך אָפט טועה געווען, זיי האָבן שלעכט איבערגעציילט, זיינען אַוועקגעגאַנגען און ווידער צוריקגעקומען. ענדלעך, האָבן זיך די אָרימע וואַך-לייט שוין דער-ציילט ביז דעם געווונטשטן ציפער און פאַרמאַכט די קאַזאַרמע. אין איר האָבן זיך געפונען בײַ אַ מענטשן דרייסיק, אַממערסטן צונויפ-געדריקטע גאַנץ ענג אויף די נאַרעס. שלאָפן איז געווען נאָך פרי, און ווי עס איז צו זען, האָט יעדער געמוזט זיך מיט עפּעס-וואָס באַשעפטיקן.

פון נאַטשאַלסטוואָ, איז געבליבן אין קאַזאַרמע נאָר דער אינ-וואַליד אַליין, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט. אין יעדער קאַזאַרמע איז אויך געווען אַן עלסטער פון די אַרעסטאַנטן, וואָס

איז באַשטימט געוואָרן דורכן פלאַץ-מאיאָר, פאַרשטייט זיך, פאַר זיין גוטע אויפפירונג. גאַנץ אָפט פלעגט טרעפן, אַז אויך די עלטסטע אַליין פלעגן זיך אין זייער רייע אַריינלאָזן אין צו ערנסטע שטיפערייען; דאַמאָלס האָט מען זיי געשמיסן, באַלד זיי קלענער געמאַכט און זייער אָרט פאַרטרעטן מיט אַנדערע. אין אונדזער קאַזאַרמע איז געווען עלטסטער אַקים אַקימיטש, וועלכער פלעגט, צו מיין פאַרוואונדערונג, נישט זעלטן שרייען אויף די אַרעסטאַנטן. די אַרעסטאַנטן פלעגן אים ענטפערן געוויינטלעך מיט געלעכטערלעך. דער אינוואַליד איז געווען קליגער פאַר אים און זיך אין גאָרנישט אַריינגעמישט; און אויב עס איז אים אויסגעקומען אַמאָל אַ ריר צו טאָן מיט דער צונג, איז דאָס געווען נישט מער, ווי אויס אָנשטענדיקייט, זיך ריין צו מאַכן דאָס געוויסן. ער איז שווייגנדיק געזעסן אויף זיין בעטל און גענייט אַ שטיוול. די אַרעסטאַנטן האָבן נישט געלייגט אויף אים כמעט קיין שום אכט.

אין דעם דאָזיקן ערשטן טאָג פון מיין קאַטאָרגע-לעבן האָב איך געמאַכט אַ געוויסע באַאָבאַכטונג, און שפעטער זיך איבערצייגט, אַז זי איז ריכטיק. נעמלעך: אַז אַלע נישט-אַרעסטאַנטן, ווער זיי זאָלן נישט זיין, אָנהייבנדיק פון די, וואָס האָבן אומנמיטלבאַר געהאַט באַציִונגען מיט די אַרעסטאַנטן, ווי: די עטאַפּ-סאָלדאַטן, וואַך-סאָלדאַטן, ביז צו אַלע בכלל, וועלכע זיינען נאָר, ווי עס איז, געקומען אין באַרירונג מיט דער קאַטאָרגע-וועלט — קוקן אויף די אַרעסטאַנטן עפעס מיט איבערגעטריבנקייט. פונקט, ווי זיי וואָלטן זיך יעדע מינוט, אין גרויס אומרויִקייט, גערעכנט, אַז דער אַרעסטאַנט וועט זיך אָט-אָט וואַרפן אויף עמעצן פון זיי מיט אַ מעסער. נאָר נאָך מערקווירדיקער איז דאָס, וואָס די אַרעסטאַנטן אַליין האָבן געוווסט, אַז מען שרעקט זיך פאַר זיי, און דאָס האָט זיי, ווייזט אויס, צוגעגעבן עפעס, ווי קוראַזש. און דאָך, איז דער בעסטער נאַטשאַלניק פאַר די אַרעסטאַנטן נאָר דער, וועלכער האָט פאַר זיי

נישט קיין מורא. און בכלל איז, נישט קוקנדיק אויף דעם קוראַזש, די אַרעסטאַנטן אַליין אַ סך אָנגענעמער, ווען מען האָט צו זיי צוטרוי. מיט דעם קען מען זיי אַפילו געווינען פאַר זיך. עס פלעגט טרעפן אין מיין טורמע-צייט, כאָטש אויף זייער זעלטן, אַז עס פלעגט עמעצער פון נאַטשאַלסטוואָ אַריינקומען אין טורמע אָן אַ קאָנוואָי. מען האָט געדאַרפט זען, ווי דאָס האָט איבעראַשט די אַרעסטאַנטן, און איבעראַשט זיי צום גוטן. אַזאַ דרייסטער באַזוכער האָט שטענדיק אַרויסגערופן צו זיך אַכטונג, און אויב עס וואָלט אַפילו, אין אמתן, געקענט געשען עפּעס שלעכטס, וואָלט עס מיט אים נישט געשען. דאָס שרעקן זיך פאַר די אַרעסטאַנטן איז אומעטום, ווי נאָר עס זיינען דאָ אַרעסטאַנטן, און, איך ווייס באמת נישט, פאַרוואָס דאָס קומט אייגנטלעך פאָר. אַ געוויסן גרונד האָט עס, פאַרשטייט זיך, צָנה בנדיק פון דער בלויזער אויסערלעכער זייט פון אַרעסטאַנט, דעם אָנערקענטן מערדער, אַ חוץ דעם, פילט יעדער, וואָס קומט נאָר צו צו דער קאַטאָרגע, אַז די דאָזיקע גאַנצע קופּע מענטשן האָט זיך צונויפגעקליבן דאָ אַהער נישט מיט איר אייגענעם ווילן, און אַז, נישט קוקנדיק אויף קיין שום אָנגענומענע מיטלען, קען מען קיין לעבעדיקן מענטש נישט מאַכן פאַר אַ מת; ער בלייבט מיט זיינע געפילן, מיט זיין דורשט נאָך נקמה און לעבן, מיט זיינע ליידנשאַפטן און באַדערפענישן זיי צו באַפרידיקן. נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם, בין איך איינגאַנצן איבערצייגט, אַז מורא האָבן פאַר די אַרעסטאַנטן איז פונדעסטוועגן נישטאָ וואָס. נישט אַזוי לייכט און נישט אַזוי שנעל וואַרפט זיך אַ מענטש מיט אַ מעסער אויף אַ צווייטן מענטש. מיט איין וואָרט, אויב עס איז מעגלעך אַ געפאַר, אויב זי געשעט אויך אַמאָל, קען מען, לויט דער זעלטנהייט פון אַזעלכע ענלעכע אומגליקלעכע צופאַלן, גלייך באַשליסן אַז זי איז אַ נישטיקע. פאַרשטייט זיך, איך רעדט אַצינד נאָר וועגן די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן שוין זייער אורטייל באַקומען, פון וועל-

בע א סך זיינען צופרידן, וואָס זיי האָבן זיך שוין צו דער טורמע דערשלאָגן (אַזוי באַקוועם זעט זיי טייל מאָל אויס דאָס נייע לעבן!), און פאָלגלעך, זיינען זיי געשטימט צו לעבן רויִק און פרידלעך, א חוץ דעם ווען זיי די באמת אומרויִקע צווישן זיך, אַליין אויך נישט לאָזן זיך צופיל קוראַזש מאַכן. יעדער קאַטאָרזשניק, ווי דרייסט און חוצפּהדיק ער זאָל נישט זיין, שרעקט ער זיך דאָך אויף קאַטאָרגע. דער אַרעסטאַנט אָבער, וואָס האַלט נאָך פאַרן אורטייל — איז עפּעס אַנדערש. דער איז באמת פעיִק זיך צו וואַרפן אויף אַ זייטיקן מענטש גלאַט אַזוי, פאַר גאָרנישט, בלויז דערפאַר, למשל, וואָס ער דאַרף מאָרגן אַרויסגיין צו דער באַשטראָפונג; און אויב עס ווערט פאַר־פירט קעגן אים אַ נייער משפט, ווערט שוין ממילא אָפּגעלייגט די באַשטראָפונג. דאָ איז דאָ אַ סיבה, אַ ציל אין דעם אָנפאַל: דאָס הייסט — „איבעראַנדערשן זיך דעם גורל,” וואָס עס זאָל נישט גע־שען, און ווי מעגלעך שנעלער, איך ווייס אַפילו פון איין מערק־ווירדיקן פסיכאָלאָגישן צופאַל פון דעם מין.

באַ אונדז אין טורמע, אין דער מיליטערישער אָפּטיילונג, איז געווען איין אַרעסטאַנט, פון די סאָלדאַטלעך, וועלכער האָט נאָך נישט געהאַט אָנגעווירן אַלע רעכט, וואָס איז פאַרשיקט געוואָרן דורך אַ געריכט אויף צוויי יאָר אין טורמע אַריין, אַ שרעקלעכער פּראַנט. און אויסערגעוויינטלעכער פּחדן. בכלל, זיינען פּאַצעטעריי און נחדנות אין דעם רוס שן סאָלדאַט זייער אַ זעלטענע זאַך. אונ־דזער סאָלדאַט זעט שטענדיק אויס אַזוי באַשעפטיקט, אַז אויב ער וואָלט אַפילו געוואָלט, וואָלט ער אויך קיין צייט נישט געהאַט ווען צו פּראַנטעווען. נאָר אויב ער איז שוין אַ פּראַנט, איז ער כמעט שטענדיק אַ ליידיקגייער און אַ פּחדן. דוטאָוו (דער פאַמיליען־נאָמען פון דעם אַרעסטאַנט) איז איבערגעקומען, ענדלעך, זיין קורצן טער־מין און אַריינגעטרעטן צוריק אין ליניע־באַטאַליאָן. נאָר אַזוי ווי די אַלע אים ענלעכע, וואָס ווערן געשיקט אין טורמע אַריין זיך אויס־

צובעסערן, ווערן דאָ אינגאנצן שוין צעבאלעוועט, טרעפט געווייגט-
לעך אויך אַזוי, אַז אָפּזייענדיק אויף דער פריי נישט מער ווי צוויי-
דריי וואָכן, ווערן זיי ווידער איבערגעגעבן אין געריכט און קומען
צוריק אין טורמע אַריין, נאָר שוין נישט אויף צוויי אָדער דריי יאָר,
נאָר אין דער „שטענדיקער" אָפּטיילונג, אויף פופציק אָדער אויף
צוואַנציק יאָר. אַזוי איז טאַקע געשען. אין אַ דריי וואָכן אַרום
נאָכן אַרויסגיין פון טורמע, האָט דוטאָוו אויסגעפירט אַ גנבה, אויפ-
האַקנדיק אַ שלאָס; אַ חוץ דעם, נאָך אָפּגעטון עטלעכע געמיינע,
נידערטרעכטיקע שטיק. ער איז איבערגעגעבן געוואָרן אין געריכט
און פאַראורטיילט געוואָרן אויף אַ שטרענגער באַשטראָפונג. דער
שרעקנדיק זיך שרעקלעך פאַר דער, אים פאָרשטייענדיקער, באַ-
שטראָפונג, ביז דער העכסטער שטופע, ווי דער קלייגלעכסטער
פחדן, האָט ער ערב יענעם טאָג, ווען מען האָט אים געדאַרפט
טרייבן דורך דער רייע, זיך געוואָרפן מיט אַ מעסער אויפן אַריינ-
געקומענעם אין אַרעסטאַנטן-צימער וואַך-אָפיציר פאַרשטייט זיך,
ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז מיט אַזאַ טאַט וועט ער נאָר
פאַרשטרענגערן זיין אורטייל, און פאַרלענגערן דעם טערמין פון זיין
קאַטאָרגע-אַרבעט. נאָר די אויסרעכנונג איז באַשטאַנען הויפּטזעכ-
לעך אין דעם, וואָס ער וועט כאָטש אויף עטלעכע טעג, כאָטש
עטלעכע שעה דערווייטערן די שרעקלעכע מינוט פון דער באַשטראָ-
פונג! ער איז געווען אויף אַזוי פיל פחדן, אַז וואַרפנדיק זיך מיטן
מעסער, האָט ער אַפילו דעם אָפיציר נישט פאַרווונדעט, נאָר גע-
טון אַלץ לפנים, נאָר דערפאַר, כדי עס זאָל אַרויסקומען אַ נייער
פאַרברעך, פאַר וועלכן מען זאָל אים ווידער אָנהייבן משפּטן.

די מינוטן פאַר דער באַשטראָפונג זיינען, פאַרשטייט זיך,
שרעקלעכע פאַרן פאַראורטיילטן, און מיר איז אין די עטלעכע יאָר
אויסגעקומען צו זען גענוג פאַראורטיילטע ערב דעם, פאַר זיי, באַ-
שטימטן טאָג. געוויינטלעך, פלעג איך מיך טרעפן מיט די פאַראור-

טיילטע אַרעסטאַנטן אין שפּיטאָל, אין די אַרעסטאַנטן-פּאַלאַטעס, ווען
איך בין געלעגן קראַנק, וואָס עס פלעגט טרעפן גאַנץ אָפט. עס
איז באַקאַנט אַלע אַרעסטאַנטן אין גאַנץ רוסלאַנד, אַז די זיי
מיטפילנדיקסטע מענטשן — זיינען די דאָקטוירים. זיי מאַכן קיינ-
מאָל קיין אונטערשיד נישט צווישן די אַרעסטאַנטן, ווי עס טוט דאָס
נישט חילנדיק כמעט אַלע זייטיקע, אַ חוץ אפשר נאָר דעם פּראָסטן פאָלק.
דער פּראָסטער וואַרפט קיינמאָל נישט פאָר דעם פאַרברעכער זיין פאַר-
ברעך, ווי שרעקלעך ער זאָל נישט זיין, און איז אים מוחל אַלץ פאַר זיין
געליטענער שטראָף און בכלל פאַר דעם אומגליק. נישט אומזיסט האַלט
דאָך דאָס גאַנצע פאָלק אין גאַנץ רוסלאַנד יעדן פאַרברעך פאַר אַן
אומגליק, און די פאַרברעכער פאַר אומגליקלעכע. דאָס איז אַ טיף-
באַדייטנדע באַצייכנונג. זי איז נאָך וויכטיקער דערפאַר, ווייל זי
ווערט געמאַכט אומבאַוווּסטזיניק, אינסטינקטיוו. די דאָקטוירים זיי-
נען אַן אמתע שטיצע פאַר די אַרעסטאַנטן אין אַ סך פאַלן, באַזונ-
דערס פאַר די, וואָס זיינען נאָך פאַרן אורטייל און ווערן געהאַלטן
שטרענגער, ווי די, וואָס זיינען שוין נאָכן אורטייל... און אָט גייט
דער פאַראורטיילטער, אויסרעכענענדיק דעם ריכטיקן טערמין פון
דעם, פאַר אים, שרעקלעכן טאָג, גאַנץ אָפט אַוועק אין שפּיטאָל
אַריין, ווילנדיק כאָטש וויפיל עס איז דערווייטערן די שווערע מי-
נוט. ווען אָבער ער שרייבט זיך צוריק אויס, וויסנדיק כמעט זיכער,
אַז דער באַשטימטער טערמין איז מאָרגן, געפינט ער זיך כמעט
שטענדיק אין אַ שרעקלעכער אויפרעגונג. טייל באַמיען זיך צו באַ-
האַלטן זייערע געפילן אויס אייגן-ליבע, נאָר דער שווערער, געפאַ-
לענער מוט נאַרט נישט אָפּ זייערע חברים: אַלע פאַרשטייען אין
וואָס עס גייט און שווייגן, פאַר זיך, אויס מענטשן-ליבע. איך האָב
געקענט איין אַרעסטאַנט, אַ יונגן מענטש, אַ מערדער, וואָס האָט גע-
שטאַמט פון די סאָלדאַטן, וועלכער איז פאַראורטיילט געוואָרן צו
דער פולער צאָל שטעקנס. ער האָט זיך אַזוי שטאַרק דערשראָקן,

אַז ער האָט אַ טאָג פאַר דער באַשטראָפונג זיך אַנטשלאָסן אויסצו-
טרינקען אַ טעפּעלע בראָנפן, לאָזנדיק עס פריִער זיך גוט איינשטיין
מיט טאַבאַק. גראָד, האָט יעדער פאַראורטיילטער אַרעסטאַנט שטענ-
דיק בראָנפן בײַ זיך פאַר דער באַשטראָפונג. ער ווערט געבּרענגט
נאָך גאַנץ לאַנג פאַרן טערמין, ווערט באַצאָלט זייער טייער, און
דער פאַראורטיילטער וועט זיך גיכער אַ האַלב יאָר אָפּזאָגן פון טאַ-
מע נייטיקסטן, אַבי אָנצוזאַמלען די נייטיקע סומע אויף אַ פערטל
שטאָף בראָנפן, און עס אויסצוטרינקען אַ פערטל שעה פאַר דער
באַשטראָפונג. צווישן די אַרעסטאַנטן בכלל הערשט אַן איבערצייגונג,
אַז אַ שיכּורער פילט נישט אַזוי שטאַרק די רוט אָדער דעם שטעקן.
נאָר איך בין אַוועק פון דער דערציילונג. דער אָרימער יונג, אויס-
טרינקענדיק זיין טעפּל בראָנפן, איז טאַקע באַלד קראַנק געוואָרן;
ער האָט אָנגעהויבן ברעכן מיט בלוט, און מען האָט אים אַוועק-
געפירט אין שפּיטאָל אַריין כמעט אַ באַוווסטלאָזן. דאָס ברעכן האָט
אויף אַזוי ווייט צעשטערט זיין האַרץ, אַז צייט עטלעכע טאָג האָבן
זיך באַוויזן סימנים פון אמתער שווינדזוכט, פון וועלכער ער איז
געשטאָרבן אין אַ האַלב יאָר אַרום. די דאָקטוירים, וואָס האָבן אים
געהיילט פון דער שווינדזוכט, האָבן נישט געוווסט פון וואָס זי האָט
זיך דערנומען.

נאָר דערציילנדיק וועגן דער אָפּט זיך טרעפנדיקער קליינ-
מוטיקייט פון די פאַרברעכער פאַר דער באַשטראָפונג, מוז איך צו-
געבן, אַז, פאַרקערט, טייל פון זיי פאַרוווּנדערן דעם באַאָבאַכטער
מיט זייער אומגעווייטלעכער דרייסטקייט. איך געדענק עטלעכע
ביישפּילן פון מוטיקייט, וואָס זיינען דערגאַנגען שוין ביז עפּעס אַ
געוויסער געפיללאָזיקייט, און די דאָזיקע ביישפּילן זיינען געווען
נישט גאַנץ זעלטענע. באַזונדערס געדענק איך מיין באַגעגעניש מיט
איין שרעקלעכן פאַרברעכער. אין אַ געוויסן זומערדיקן טאָג האָט
זיך פאַרשפּרייט אין די אַרעסטאַנטן-פּאַלאַטעס אַ קלאַנג, אַז מען

װעט באַשטראָפן אין אָװנט דעם באַרימטן מערדער אָרלאָװ, װאָס האָט געשטראַמט פֿון די „אַנטלאָפֿענע סאָלדאַטן", אין נאָך דער באַשטראָפונג אים ברענגען אין דער פּאַלאַטע אַריין. די קראַנקע אַרעסטאַנטן האָבן, אָפּװאַרטנדיק אָרלאָװן, באַשטעטיקט, אַז מען װעט אים באַשטראָפן אַכזריותדיק. אַלע האָבן זיך געפֿונען אין אַ געװיסער אויפֿרעגונג, און, איך בין מודה, אַז אויך איך האָב אָפּגעװאַרט דאָס קומען פֿון דעם באַרימטן מערדער מיט דער העכסטער נייגעריקייט. איך האָב שוין לאַנג געהאַט געהערט װעגן אים װוּנדערלעכע זאַכן. דאָס איז געװען אַן אכזר, װאָס מען טרעפֿט נישט אַזעלכן, װאָס האָט געשחטן קאַלטבלוטיק אַלטע לייט און קינדער — אַ מענטש מיט אַ שרעקלעכן כּוח פֿון װיל, און מיט אַ שטאָלצן באַװוּסטזיין פֿון זיין מאַכט. ער האָט געהאַט אויסגעפֿירט אַ סך מערדערייען און פֿאַראורטיילט געװאָרן באַשטראָפֿט צו װערן מיט שטעקנס, דורך דער רייע. מען האָט אים געברענגט שוין אין אָװנט אין פּאַלאַטע. האָט שוין אָנגעהויבן פֿינסטער צו װערן און מען האָט אָנגעצונדן ליכט. אָרלאָװ איז געװען כּמעט נישט ביים זינען, שרעקלעך בלאַס, מיט געדיכטע, צעפּלאָשעטע, שװאַרצע, װי סמאָלע, האָר. זיין רוקן איז געשװאָלן געװען און האָט געהאַט אַ בלוטיק־בלויע קאָליר. די גאַנצע נאַכט האָבן באַ אים געװאַכט די אַרעסטאַנטן, זיי האָבן אים געטוישט דאָס װאַסער, האָבן אים איבערגעדרייט פֿון איין זייט אויף דער צװייטער, געגעבן אים די רפֿואות, װי זיי װאָלטן אַרומגעגאַנגען אַרום אַן אייגענעם קרוב, אַרום עפּעס אַ װוילטעטער. אויפֿן צװייטן טאָג איז ער שוין אינגאַנצן געקומען צו זיך און זיך איבערגעגאַנגען אַ צװיי מאָל איבער דער פּאַלאַטע! דאָס האָט מיך פֿאַרװוּנדערט: ער איז געקומען אין שפּיטאָל אַריין צו שװאַך און אויסגעמאַטערט. ער האָט באַקומען אויף איין מאָל די גאַנצע העלפֿט פֿון דער גאַנצער צאָל אים באַשטימטע שטעקנס. דער דאָקטאָר האָט אָפּגעשטעלט די עקזעקוציע נאָר דאַמאָלס, װען ער האָט באַמערקט,

אַז די ווייטערדיקע פּאָרטזעצונג פון דער באַשטראָפונג האָט געדראָט דעם פאַרברעכער מיט אַן אומפאַרמיידלעכן טויט. אַ חוץ דעם, איז אָרלאָוו געווען פון קליינעם וווּקס און שוואַכן געבוי, און דערצו נאָך אויסגעמוטשעט פון לאַנגן זיצן פאַרן געריכט. ווען עס איז אויסגעקומען צו באַגעגנען אַמאָל אין געריכט אָנגעקלאָגטע אַרעסטאַנטן, יענעם זיינען געוויס אויף לאַנג געבליבן אין זכרון זייערע אויסגעמוטשעטע, דאַרע און בלאַסע פנימער, פיבערהאַפטע בליקן. נישט קוקנדיק אויף דעם, איז אָרלאָוו שנעל בעסער געוואָרן. ווארשיינלעך, האָט זיין אינערלעכע גייסטיקע ענערגיע שטאַרק צוגעהאָלפן דער נאַטור. אין אמתן, דאָס איז געווען אַ מענטש גאָרנישט קיין געוויינטלעכער. אויס נייגעריקייט האָב איך מיך באַקאַנט מיט אים און אַ גאַנצע וואָך אים שטודירט. איך קען באַשטימט זאָגן, אַז קיינמאָל אין מיין לעבן האָב איך נישט באַגעגנט קיין שטאַרקערן מענטש מיט קיין מער אייזערנעם כאַראַקטער ווי ער. איך האָב שוין געזען איינמאָל, אין טאָבאָלסק, איין בארימטקייט פון דעם מין, אַ געוועזענעם אַטאַמאַן פון מערדערס. יענער איז געווען אַ פאָלשטענדיקע ווילדע חיה, און איר, שטייענדיק לעבן אים און נאָך נישט וויסנדיק זיין נאָמען, האָט שוין מיטן אינסטינקט דערפילט, אַז לעבן אייך געפינט זיך אַ שרעקלעך באַשעפעניש. נאָר אין יענעם האָט מיך אַנטשטוינט די גייסטיקע טעמפּקייט. דאָס קערפּערלעכע האָט אויף אַזוי פיל געהאַט גענומען די אויבערהאַנט איבער אַלע זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן, אַז איר האָט פון ערשטן בליק אויף זיין פנים באַלד געזען, אַז דאָ איז געבליבן בלויז ווילדער דורשט נאָך קערפּערלעכע פאַרגעניגנס, תאוהדיקסטע תענוגים און נידעריקסטע באַפרידיקונגען. איך בין איבערצייגט, אַז קאָרעניעוו — דער נאָמען פון דעם דאָזיקן מערדער — וואָלט זיך אפילו אינגאַנצן אָנגעוווירן און געציטערט פאַר אימה פאַר אַזאַ באַשטראָפונג, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער איז פעיק געווען צו שחטן, אפילו נישט

פֿאַרקרימענדיק זיך. אינגאַנצן דער היפּוך פֿון אים איז געווען אָרלאָוו. דאָס איז געווען אַ דײַטלעכער, פֿאָלקאָמענער זיג איבער דעם קערפּערלעכן. מען האָט דערקענט, אַז דער דאָזיקער מענטש האָט געקענט הערשן איבער זיך אָן אַ גרענעץ, ער האָט פֿאַראַכטעט יעדע פּײַן און באַשטראָפֿונג און נישט קיין מורא געהאַט פֿאַר קיין שום זאַך אויף דער וועלט. אין אים האָט איר געזען בלויז אומענדלעכע ענערגיע, אַ דורשטן נאָך נקמה, אַ דורשטן צו דערגרייכן דעם זיך אָנגעמערקטן ציל. צווישן אַנדערן, בין איך איבעראַשט געווען פֿון זײַן מערקווירדיקער שטאָלצקייט. ער האָט געקוקט אויף אַלץ עפּעס, ביז אומגלייבלעכקייט, פֿון אויבן אַראָפּ, גאָר אינגאַנצן זיך נישט באַמיִענדיק צוליב דעם שטאָלץ צו זײַן, נאָר אַזוי זיך, עפּעס נאַטירלעך. איך מיין, עס איז נאָך נישט געווען אַזאַ באַשעפֿעניש אויף דער וועלט, וועלכעס וואָלט געקענט ווירקן אויף אים מיט איר בלויזער אויטאָריטעט. אויף אַלץ האָט ער געקוקט עפּעס ווי אומדערוואַרטעטע רויִק, ווי עס וואָלט נישט געווען קיין איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל אים קענען פֿאַרוווּנדערן. און כאָטש ער האָט גוט פֿאַרשטאַנען, אַז די איבעריקע אַרעסטאַנטן קוקן אויף אים מיט דרך-ארץ, נאָר ער האָט קיינמאָל נישט שטאָלצירט קעגן זיי. און דאָך זײַנען גאווה און שטאָלץ אייגנשאַפֿטן פֿון כמעט אַלע אַרעסטאַנטן, אָן אויסנאַם. ער איז געווען זייער נישט נאַריש און מאָדנע אָפֿנהאַרציק, כאָטש גאָרנישט קיין גרויסער רעדער. אויף מײַנע פֿראַגן האָט ער מיר געענטפֿערט גלײַך, אַז ער וואַרט אָפּ ער זאָל געזונט ווערן, כּדי שנעלער דורכצוגיין די איבעריקע שטראָף, און אַז ער האָט מורא געהאַט אין אָנהייב פֿאַר דער באַשטראָפֿונג, אַז ער וועט זי נישט איבערהאַלטן. — „נאָר אַצינד, — האָט ער צוגעגעבן, אַ ווונק טוענדיק צו מיר מיט אַן אויג, — איז די זאַך געענדיקט. איך וועל דורכקומען די איבערגעבליבענע צאָל קלעפּ און מען וועט מיך באַלד אַוועקשיקן מיט דער פּאַרטיע קיין נערטשינסק,

און איך וועל אויפֿן וועג אַנטלויפֿן! אומבאַדינגט אַנטלויפֿן. די פּלייצע זאָל זיך מיר נאָר גיך פֿאַרהיילן!" — און די גאַנצע צייט האָט ער ניט גיריקייט געוואַרט, ווען ער וועט שוין קענען בעטן מען זאָל אים אויסשרייבן. אין דער צייט פֿון דעם אָפּוואַרטן איז ער געווען טיילמאָל זייער לאַכנדיק און פֿריילעך. איך האָב גע- פּרוווט אַ רעד טון מיט אים וועגן זיינע פּאַסירונגען. זיין פּנים איז אַ ביסל פֿאַרוואָלקנט געוואָרן בײַ די פֿראַגן, נאָר געענטפֿערט האָט ער מיר שטענדיק אָפֿנהאַרציק. ווען אָבער ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איך וויל מיך דערשלאָגן צו זיין געוויסן און געפֿינען אין אים כאָטש אַ קליינעם סימן פֿון חרטה, האָט ער אַ קוק געטון אויף מיר מיט אַזאַ פֿאַראַכטונג און שטאָלץ, ווי איך וואָלט פּלוצלינג געוואָרן אין זיינע אויגן עפּעס אַ קליין, נאַריש יונגעלע, מיט וועלכן מען קען נישט רעדן, ווי מיט קיין גרויסע. עפּעס אַפֿילו ווי אַ מין רחמנות צו מיר האָט זיך אויסגעדריקט אויף זיין פּנים. אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך צעלאַכט פֿון מיר מיט זיין אָפֿנהאַרציקן געלעכטער, אָן שום איראָניע און, איך בין זיכער, אַז, בלייבנדיק אַליין און דערמאַנענדיק זיך מיינע ווערטער, האָט ער, קען זיין, עטלעכע מאָל אָנגעהויבן צו לאַכן אַליין צו זיך. ענדלעך, האָט ער זיך אויסגעשריבן מיט אַ נאָך נישט אינגאַנצן פֿאַרהיילטער פּלייצע: איך בין אויך דאָס מאָל אויסגעשריבן געוואָרן, און פֿון שפּיטאָל איז אונדז אויסגעקומען זיך צוריקצוקערן צוזאַמען: מיר אין טורמע אַריין און אים אין דער הויפּט-וואַך לעבן אונדזער טורמע, וווּ ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אויך פֿריער. געזעגנענדיק זיך, האָט ער מיר געדריקט די האַנט, און פֿון זיין זייט, איז דאָס געווען אַ צייכן פֿון גרויס צוטרוי. איך מיין, אַז ער האָט דאָס געטון דערפֿאַר, ווייל ער איז געווען זייער צופֿרידן מיט זיך און מיט יענער מינוט. אין אמתן, האָט ער נישט געקענט מיך נישט פֿאַראַכטן און האָט אומ- באַדינגט געדאַרפֿט קוקן אויף מיר, ווי אויף אַ באַשעפֿעניש אָן אונ-

טערטעניקס, אַ שוואַכס, אַ נעבעכדיקס, און אין אַלע הינזיכטן אַ נידעריקערס פאַר אים. באַלד צומאָרגנס האָט מען אים צוריסגעפירט צו דער צווייטער באַשטראָפונג.

ווען מען האָט צוגעמאַכט אונדזער קאַזאַרמע, האָט זי פּלוצלינג אָנגענומען עפּעס אַ גאָר באַזונדער אויסזען, — אַן אויסזען פון אַן אמתער וואוינונג פון אַ היימישער פאַמיליע. ערשט אַצינד האָב איך געקענט זען די אַרעסטאַנטן, מיינע חברים, אינגאַנצן ווי אינדערהיים. באַטאָג קענען די אונטער-אָפיצירן, די וואַך-לייט, און בכלל די נאַטשאַלסטוואָ, יעדע מינוט אָנקומען אין טורמע אַריין, און דעריבער אויך האַלטן זיך אַלע איינוווינער פון טורמע עפּעס ווי אַנדערש, ווי זיי וואָלטן נישט געווען אינגאַנצן באַרויִקט, ווי זיי וואָלטן יעדע מינוט אָפּגעוואַרט עפּעס אַן אויפרעגונג. נאָר ווי אָבער מען האָט נאָר צוגעמאַכט די קאַזאַרמע, האָבן זיך באַלד אַלע רויִק צעזעצט יעדער אויף זיין אָרט, און כמעט יעדער האָט זיך גענומען צו עפּעס אַ האַנט-אַרבעט. די קאַזאַרמע איז פּלוצלינג באַלויכטן געוואָרן. יעדער האָט געהאַלטן זיין ליכט אין זיין לייכטער, מערסטנטיילס אין אַ הילצערנעם. ווער עס האָט זיך צוועקגעשטעלט נייען שטיוול, ווער נייען עפּעס אַ מלבוש. — די פאַרשטינקענע לופט פון דער קאַזאַרמע האָט זיך געשטאַרקט פון שעה צו שעה. אַ קופּקעלע הוליאַקעס האָט זיך צוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, די פיס אונטער זיך, פאַר אַן אויסגעשפּרייטן דיוואַן, צו די קאָרטן. כמעט אין יעדער קאַזאַרמע איז געווען אַזאַ אַרעסטאַנט, וואָס האָט געהאַלטן בא זיך אַ געמיין דיוואַנדל, אַן צרשין די לענג, אַ ליכטל און, ביז נישט צום גלייבן, פאַרשמאַלצענע, פעטע קאָרטן. דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געהייסן „מיידאַן". דער אייגנטימער האָט באַקומען אַן אָפּצאָל פון די שפּילערס, אַ קאָפּיקעס פּיפצען אַ נאַכט; דאָס איז אויך געווען זיין באַשעפטיקונג. די שפּילערס האָבן געשפּילט געוויינטלעך אין „דריי ברעזן", אין „בערגל" און אין אַנדערע שפּילן. די אַלע

שפּילן זײַנען אַזאַרט־שפּילן. יעדער, וואָס האָט געשפּילט, האָט אויסגעשיט פאַר זיך אַ קופּע קופּער־געלט — אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט אין קעשענע, און איז אויפגעשטאַנען פון זײַן אָרט נאָר דאַמאָלס, ווען ער האָט שוין געהאַט אַלץ פאַרשפּילט אָדער אָפּגעווינען אַלץ בײַ זײַנע חברים. דאָס שפּילן האָט זיך געענדיקט שפּעט באַנאַכט, און טײלמאָל זיך געצויגן ביז טאָג, ביז דער מינוט, ווען עס איז געעפנט געוואָרן די קאַזאַרמע. אין אונדזער צימער, אַזוי ווי אין אַלע אַנדערע קאַזאַרמעס פון טורמע, זײַנען שטענדיק געווען אָרימע, שלעפּער, וואָס האָבן פאַרשפּילט אַלץ אָדער פאַרטרינקען, אָדער גלאַט אַזוי אָרימע פון דער נאַטור. איך זאָג „פון דער נאַטור" און באַטאָן באַזונדערס דעם אויסדרוק. אין אמתן, זײַנען אומעטום צווישן אונדזער פּראָסטן פאָלק, בײַ וואָס פאַר אַן אומשטענדן דאָס זאָל נישט זײַן, דאָ און וועלן שטענדיק עקזיסטירן אַזעלכע מאָדנע פּערזענלעכקייטן, שטילע און נישט זעלטן גאַנץ נישט פוילע, נאָר וועלכע עס איז שוין באַשערט דורכן גורל צו בלײַבן אויף אייביק אָרימע. זיי זײַנען שטענדיק אַזעלכע נאַקעט־אָפּגעריסענע, שטענדיק זען זיי אויס אַזעלכע דערשלאָגענע און פון עפּעס געדריקטע, און געפינען זיך שטענדיק בײַ עמעצן אין דינסט, בײַ עמעצן אין שליחות, געוויינטלעך בײַ די הויפּט־הוליאַקעס אָדער בײַ די פּלוצלינג רײַכגעוואָרענע און אויפגעקומענע. יעדער אָנהייב, יעדע איניציאַטיוו — איז פאַר זיי שווער און ביטער. זיי זײַנען עפּעס ווי געבוירן געוואָרן מיט דעם באַדינג, גאָרנישט אַליין אָנצוהייבן, נאָר צו באַדינען יענעם, צו לעבן נישט מיט זייער ווילן, צו טאַנצן לויט יענעמס פּייפעל; זייער באַשטימונג איז — אויסצופירן נאָר פרעמדס. צו דעם צו נאָך קענען קיין שום אומשטענדן, קיין שום איבערקערענישן זיי נישט רײַך מאַכן. זיי בלײַבן שטענדיק אָרימע לײַט. איך האָב באַמערקט, אַז אַזעלכע פּערזענלעכקייטן טרעפן זיך נישט נאָר צווישן פּראָסטן פאָלק, נאָר אין אַלע געזעלשאַפטן, חברות, פּאַר-

טייען, זשורנאַלן און אַסאָציאַציעס. אַזוי איז אויך געשען אין יעדער קאַזאַרמע, אין יעדער טורמע, און ווי נאָר עס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן „אַ מיידאַן", האָט זיך באַלד איינער פון אַזעלכע באַוויזן אַלס באַדינער. און בכלל, האָט זיך אויך קיין איין מיידאַן נישט געקענט באַגיין אָן קיין באַדינער. אים האָבן געדונגען געוויינטלעך די שפּילער אַלע אינאיינעם, אויף אַ גאַנצע נאַכט, פאַר אַ קאָפּעקעס פינף אין זילבער, און זיין הויפּט-פליכט איז געווען צו שטיין אַ גאַנצע נאַכט אויף וואַך. מערסטנטיילס איז ער געפרוירן געוואָרן אַ שעה זעקס אָדער זיבן אין דער פינסטער, אין הויז, אויף אַ דרייסיק-גראַדיקן פראָסט, איינהערנדיק זיך אין יעדן קלאַפּ, אין יעדן קלאַנג, אין יעדן טריט אויפן הויף. דער פּלאַץ-מאַיאָר אָדער די וואַך-לייט פלעגן טיילכאָל קומען אין טורמע אריין גאַנץ שפּעט באַנאַכט, זיי פלעגן אַריינקומען שטיל און פּאַקן אי די שפּילנדע, אי די אַרבעטנדיקע, אי די איבעריקע ליכטלעך, וועלכע מען האָט געקענט זען נאָך פון הויף. אמת טאַקע, ווען עס האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו רוישן דאָס שלאָס אין די טירן פון הויז צום הויף-צו, איז שוין געווען צו שפּעט זיך צו באַהאַלטן, צו פאַרלעשן די ליכט און זיך אויסצולייגן אויף די נאַרעס. נאָר אַזוי ווי דער וואַך-דינער האָט נאָך אַזאַ מעשה שטאַרק געכאַפּט פון „מיידאַן", זיינען אויך אַזעלכע דורכפאַלן פאָרקומען זייער זעלטן. פינף קאָפּעקעס זיינען, געוויס, אַ לעכערלעך-נישטיק ג צאָלטס אפילו אויך אין טורמע; נאָר מיך האָט שטענדיק איבערראַשט אין טורמע די שטרענגקייט און אומרחמנותדיקייט פון די דינער, אי אין דעם פאַל, אי אין אַלע אַנדערע פאַלן. „האָסט געלט גענומען, דין-זשע!" דאָס איז געווען אַן אַרגומענט, וואָס האָט נישט געליטן קיין שום ווידערשפּרוכן. פאַרן געגעבענעם גראָשן האָט דער, וואָס האָט געדונגען, גענומען אַלץ, וואָס ער האָט געקענט נעמען, ער האָט גענומען, אויב עס האָט זיך נאָר געלאָזט, אפילו איבעריקס און האָט נאָך גערעכנט, אַז ער

טוט דעם געדונגענעם אַ טובה. דער הולטיי, דער שיכור, וואָס האָט געוואָרפן געלט אויף רעכטס און אויף לינקס אָן אַ רעכנונג, האָט אומבאַדינגט באַגנבעט באַם רע נונג זיין באַ־ינער, און דאָס האָב איך באַמערקט נישט נאָר אין טורמע, נישט נאָר באַם „מיידאַן“.

איך האָב שוין געזאָגט, אַז אין קאַזאַרמע האָבן זיך כמעט אַלע אויסגעזעצט צו עפּעס אַן אַרבעט. אַ חוץ די שפּילער, איז געווען נישט מער ווי אַ מענטשן פינף ליידיק־גייער. זיי האָבן זיך באַלד בעלייגט שלאָפן. מיין אָרט אויף די נאַרעס איז אויסגעקומען באַ דער סאַמע טיר. פון דער צווייטער זייט נאַרעס, קאָפּ־צו־קאָפּ מיט מיר, האָט געהאַט אַן אָרט אַקים אַקימיטש. ביז אַ זייגער צען אָדער עלף האָט ער געאַרבעט, ער האָט געקלעבט עפּעס אַזאַ מין פאַרשידנקאָלירנדיק קיטאַיש לאַמטערלע, וואָס איז באַשטעלט געוואָרן באַ אים פון שטאָט פאַר אַ גאַנץ גוטע באַלוינונג. לאַמטערלעך האָט ער געמאַכט מייסטעריש, ער האָט געאַרבעט סיסטעמאַטיש, נישט אָפּרייסנדיק זיך; ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט, האָט ער פּינקטלעך צוגערוימט, אויסגעשפּרייט זיין מאַטראַצל, אָפּגעזאָגט אַ געבעט צו גאָט און רויק זיך אויסגעלייגט אויף זיין געלעגער. אין דער אָרנטלעכער אויפפירונג און אָרדנונג האָט ער דערגרייכט, ווי עס זעט אויס, ביזן קלייגלעכסטן פּעדאַנטיזם: ער האָט, ווייזט אויס, זיך געמוזט האַלטן פאַר זייער אַ קלוגן מענטש, ווי בכלל אַלע טעמפּע און באַגרעניצטע מענטשן. ער איז מיר נישט געפעלן געוואָרן באַלד פון ערשטן טאָג, כאָטש, איך געדענק, אַז איך האָב אין דעם ערשטן טאָג אַ סך וועגן אים נאָכגעטראַכט און מער פאַר אַלץ זיך געוווּנדערט, וואָס אַזאַ פּערזענלעכקייט, אָנשטאָט צו האָבן ערפאָלג אין לעבן, איז גאָר אַריינגעפאַלן אין טורמע. שפּעטער וועט מיר נישט איינמאָל אויסקומען צו רעדן וועגן אַקים אַקימיטשן.

נאָר איך וועל באַשרייבן אין קורצן דעם צוזאַמענשטעל פון אונדזער גאַנצער קאַזאַרמע. אין איר איז מיר אויסגעקומען צו לעבן

אַ סך יאָרן, און דאָס זיינען אַלץ געווען מיינע צוקונפטיקע שכנים און חבֿרים. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב מיך איינגעקוקט אין זיי מיט אַ דורשטיקער נייגעריקייט. לינקס פון מיין אָרט אויף די נאַרעס האָט געהאַט איר אָרט אַ קופּקעלע קאַווקאַזער בערג־לייט, פאַרשיקטע, מערסטנטיילס, פאַר רויבערייען און אויף פאַרשידענע טערמינען. זיי זיינען באַשטאַנען פון צוויי לעזגינער, איין טשעטשעניעץ און דריי דאַגעסטאַנער טאַטאַרן. דער טשעטשעניעץ איז געווען אַ פינסטער און אומעטיק באַשעפעניש: ער האָט כמעט מיט קיינעם נישט גערעדט און שטענדיק געקוקט אַרום זיך מיט פאַראַכטונג, אָנגעברוגזט און מיט אַ פאַרסמטן, בייז־שפּאָטישן שמייכעלע. איינער פון די לעזגינער איז געווען שוין אַן אַלטער, מיט אַ לאַנגער, דינער, גאַרבאַטער נאָז, אַ זיכערער מערדער לויטן אויסזען, דערפאַר האָט דער צווייטער, נוראַ, געמאַכט אויף מיר באַלד פון ערשטן טאָג דעם פריידיקסטן, ליבסטן איינדרוק. דאָס איז געווען אַ מענטש נאָך נישט קיין אַלטער, נישט פון קיין הויכער וווּקס, געבויט, ווי אַ הערקולעס, אַן אמתער בלאָנדין, מיט העל־בלויע אויגן, מיט אַ פאַרריסענער נאָז, מיט אַ תמעוואַטן פנים, מיט קרומע פיס פון שטענדיקן פערדיקן רייטן. זיין גאַנצער קערפּער איז געווען צעהאַקט, צעווונדעט פון באַגנעטן און קוילן. אויף קאַווקאַז האָט ער געהערט צו די פרידלעכע, נאָר ער פלעגט שטענדיק צופאָרן שטילערהייט צו די נישט־פרידלעכע בערג־לייט און פון דאָרט, צוזאַמען מיט זיי, מאַכן אָנפאַלן אויף די רוסישע. אין דער קאַטאָרגע האָבן אים אַלע ליב געהאַט. ער איז געווען שטענדיק פריילעך, ליבלעך צו יעדן, האָט געאַרבעט נישט קלאָגנדיק זיך, רויִק און גוטמוטיק, כאָטש ער האָט שטענדיק געקוקט מיט פאַרדרוס אויף דעם מיאוסקייט און שמוץ פון אַרעסטאַנטישן לעבן און זיך דורכגענומען ביז צאָרן מיט יעדער גנבֿה, שווינדל, שיכּרות און בכלל מיט אַלץ, וואָס איז געווען נישט ערלעך, נאָר אין קריגערייען האָט ער

זיך נישט אַרייַנגעלאָזט און זיך נאָר אָפּגעקערט פון דעם אַלעם מיט פאַראַכטונג. ער אַליין האָט די גאַנצע צייט פון זיין קאַטאָרגע נישט צוגעגנבעט גאָרנישט, נישט אָפּגעטון קיין מיאוסע זאַך. ער איז געווען אויסערגעוויינטלעך פרום. די תפילות האָט ער אָפּגעהיטן הייליק, אין די פאַסט-טעג פאַר די מאַכמעדאַנישע יום-טובים האָט ער געפאַסט ווי אַ פאַנאַטיקער און גאַנצע נעכט אָפּגעשטאַנען בא די תפילות. אַלע האָבן אים ליב געהאַט און געגלויבט אין זיין ערלעכקייט. „נורראַ — איז אַ לייב", האָבן די אַרעסטאַנטן געזאָגט; אַזוי איז אים שוין טאַקע געבליבן דער נאָמען „לייב". ער איז געווען אינגאַנצן זיכער, אַז נאָכן ענדיקן זיין באַשטימטן טערמין אויף קאַטאָרגע, וועט מען אים צוריק אומקערן אַהיים קיין קאַווקאַז, און האָט געלעבט נאָר מיט דער האָפנונג. מיר דאַכט זיך, אַז ער וואָלט געשטאָרבן, ווען ער וואָלט זי אָנגעווירן. ער האָט זיך מיר באַלד אין ערשטן טאָג פון מיין זיין אין טורמע געוואָרפן אין די אויגן אַריין. עס איז נישט מעגלעך געווען נישט צו באַמערקן זיין גוט, סימפּאַטיש פּנים צווישן די בייזע, פינסטערע און שפּאָטישע פּנימער פון די איבעריקע קאַטאָרזשניקעס. אין דער ערשטער האַלבער שעה פון מיין זיין אין דער קאַטאָרגע, האָט ער שוין, אַדורכגייענדיק פאַרביי מיר, מיר אַ גלעט געטון איבער דער פּלייצע, גוטהאַרציק לאַכנדיק מיר אין די אויגן אַריין. איך האָב נישט געקענט אין אָנהייב פאַרשטיין, וואָס דאָס באַדייט. רוסיש האָט ער גערעדט זייער שלעכט. באַלד נאָך דעם איז ער ווידער צוגעקומען צו מיר און ווידער מיר, פריינטלעך שמייכלענדיק, אַ קלאַפּ געטון איבער דער פּלייצע. דערנאָך ווידער און ווידער, און אַזוי האָט דאָס געדויערט דריי טעג. דאָס האָט באַדייט פון זיין זייט, ווי איך האָב מיך אָנגעשטויסן און שפּעטער געוואויר געוואָרן, אַז ער האָט רחמנות אויף מיר, אַז ער פילט, ווי שווער מיר איז זיך צו באַקענען מיט דער טורמע, אַז ער וויל מיר אַרויסווייזן זיין פריינטשאַפט, מיך מוטיקן

און איבערצייגן אין זיין באַשיצונג. גוטער און נאָכער נודראַ!

דאַגעסטאַנער טאַטאַרן זיינען געווען דריי, און זיי אַלע זיינען געווען לייבלעכע ברידער. צוויי פון זיי זיינען געווען שוין עלטערע, נאָר דער דריטער, אַלעי, איז געווען נישט מער ווי פון אַ יאָר צוויי און צוואַנציק, און לויטן אויסזען נאָך יינגער. זיין אָרט אויף די נאַרעס איז געווען לעבן מיר. זיין שיין, אָפנהאַרציק, קלוג און אין דער זעלבער צייט גוטהאַרציק-נאַיוו פנים, האָט פון ערשטן בליק אָן צוגעצויגן צו זיך מיין האַרץ, און איך בין אַזוי צופרידן געווען, וואָס דער גורל האָט מיר צוגעשיקט אים, און נישט עפעס קיין אַנדערן אַלס שכן. זיין גאַנצע נשמה האָט זיך אויסגעדריקט אויף זיין שיינעם, מען קען זאָגן אַפילו — ווונדערלעך שיינעם פנים. זיין שמייכל איז געווען אַזוי פול מיט צוטרוי, אַזוי קינדיש-אויפריכטיק; די גרויסע שוואַרצע אויגן זיינען געווען אַזוי ווייך, אַזוי צאַרט, אַז איך האָב שטענדיק געפילט אַ באַזונדער פאַרגעניגן, אַפילו אַ פאַרלייכטערונג אין מיין בענקשאַפט און טרויער, קוקנדיק אויף אים. איך זאָג גאָרנישט איבערטרייבנדיק. אינדערהיים האָט זיין עלטערער ברודער (עלטערע ברידער האָט ער געהאַט פינף; די אַנדערע צוויי זיינען אַריינגעפאַלן ערגעץ אין אַ פאַבריק) געהייסן אים נעמען איינמאָל די שווערד און זעצן זיך אויפן פערד, כדי צו פאָרן אינאיינעם ערגעץ מיט אַן עקספעדיציע. דער דרך-ארץ פאַר עלטערע, אין די פאַמיליעס פון די בערג-לייט, איז אַזוי גרויס, אַז דאָס יונגל האָט נישט נאָר נישט געהאַט די חוצפה, נאָר עס איז אים אַפילו נישט איינגעפאַלן צו פרעגן, וווהין זיי פאָרן? יענע ווידער האָבן נישט געהאַלטן פאַר נייטיק אים דאָס צו זאָגן. זיי זיינען אַלע געפאָרן אויף אַ רויב-אָנפאַל, אָפשטאַטעווען אויפן וועג איינעם אַ רייכן אַרמענישן סוחר און אים באַרויבן. אַזוי איז אויך געשען: זיי האָבן אויסגעשחטן דעם קאָנוואָי, דערשחטן דעם אַרמענער און צוגערויבט זיין סחורה. נאָר די זאַך איז אַנט-

דעקט געוואָרן: מען האָט זיי גענומען אַלע זעקס, מען האָט זיי גע־
משפט, דערוויזן זייער שולד, פאַראורטיילט און אַוועקגעשיקט קיין
סיביר אויף קאַטאָרגע. די גאַנצע געפעליקייט, וואָס דאָס געריכט
האָט געטאָן אַליין, איז באַשטאַנען אין פאַרקלענערן דעם טערמין
פון זיין שטראָף; ער איז פאַרשיקט געוואָרן אויף פיר יאָר. די
ברידער האָבן אים זייער ליב געהאַט און גיכער מיט עפּעס אַ פּאָ־
טערלעכער, איידער ברידערלעכער ליבשאַפט. ער איז געווען זייער
טרייסט אין זייער פאַרשיקונג, און זיי, געווייינטלעך שטענדיק פינס־
טערע און אומעטיקע, פלעגן שמייכלען קוקנדיק אויף אים, און ווען
זיי האָבן גערעדט מיט אים (און גערעדט האָבן זיי מיט אים זייער
ווייניק, ווי זיי וואָלטן אים נאָך אַלץ געהאַלטן פאַר אַ יונגל, מיט
וועלכן עס איז נאָך נישטאָ וואָס צו רעדן וועגן קיין ערנסטע זאַכן),
האָבן זיך זייערע בייזע געזיכטער אויסגעלייטערט, און איך האָב
פאַרשטאַנען, אַז זיי רעדן מיט אים וועגן עפּעס שפּאַסנדיקס, כמעט
קינדערישס, אַלנפאַלס, פלעגן זיי זיך שטענדיק איבערקוקן און גוט־
האַרציק אונטערשמייכלען, ווען זיי פלעגן אויסהערן זיין ענטפער.
אַליין אָבער איז ער כמעט נישט דרייסט געווען אָנצוהייבן מיט זיי
צו רעדן. אַזוי ווייט איז דערגאַנגען זיין דרך־ארץ. עס איז שווער
זיך פאָרצושטעלן, ווי אַזוי דאָס יונגל, האָט אין דער גאַנצער צייט
פון זיין קאַטאָרגע, געקענט אויפהאַלטן אין זיך אַזאַ ווייכקייט פון
האַרץ, אַנטוויקלען אין זיך אַזאַ שטרענגע ערלעכקייט, אַזאַ האַר־
ציקייט, סימפּאַטישקייט, נישט פאַרגראָבט ווערן, נישט אויסגעלאָזן
ווערן. דאָס איז, איבעריקנס, געווען אַ שטאַרקע און האַרמאָנישע
נאַטור, נישט קוקנדיק אויף איר גאַנצע גרויסע ווייכקייט. איך האָב
אים גוט דערקענט שפּעטער. ער איז געווען צנועהדיק, ווי
אַן אומשולדיק מיידעלע און עמעצנס אַ מיאוסער, צינישער, שמו־
ציקער און אומגערעכטער גוואַלט־טאַט אין טורמע, האָט אָנגעצונדן
אַ פייער פון פאַרדרוס אין זיינע שיינע אויגן, וועלכע זיינען פון

דעם נאָך שענער געוואָרן. נאָר ער האָט אויסגעמיטן קריגערייען און זידלערייען, כאָטש ער איז געווען בכלל נישט פון די, וועלכע האַלטן זיך געלאָזט באַליידיקן און נישט אָפּענטפערן דערפאַר; ער האָט זיך געקענט זיין שטעטל באַשטיין. נאָר קיין קריגערייען האָט ער מיט קיינעם נישט געהאַט: אים האָבן אַלע ליב געהאַט און געצערטלט. אין צנהייב איז ער געווען מיט מיר נאָר העפלעך. אָבער ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן מיט אים זיך צו צעשמועסן; אין עטלעכע חדשים האָט ער זיך אויסגעלערנט אויסגעצייכנט רעדן רוסיש, וואָס זיינע ברידער האָבן נישט דערגרייכט אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט פון זייער קאַטאָרגע. ער האָט זיך מיר אַרויסגעוויזן פאַר אַ זייער קלוג יונגל, אַן אויסערגעוויינלעך באַשיידנס און איידלס, און אפילו שוין צו פיל דענקענדיקס. בכלל, וועל איך זאָגן פריער, אַז איך האַלט אַליין פאַר ווייט נישט קיין דורכשניטלעך וועזן און איך דער אַן מיך אָן מיין באַגעגעניש מיט אים ווי וועגן איינעם פון די בעסטע באַגעגענישן אין מיין לעבן. עס זיינען פאַראַן כאַראַקטערן אויף אַזוי פיל שיינע פון דער נאַטור, אויף אַזוי פיל באַגאַבטע פון גאָט, אַז בלויז דער געדאַנק וועגן דעם, אַז זיי קענען זיך אַמאָל ענדערן צום ערגערן, זעט אייך אויס פאַר אוממעגלעך. פאַר זיי זענט איר שטענדיק רויִק. איך בין אויך אַצינד רויִק פאַר אַליין. ווו איז ער אַצינד?

איינמאָל, שוין גאַנץ לאַנג נאָך מיין צנקומען אין תורמע, בין איך געלעגן אויף די נאַרעס און געטראַכט וועגן עפּעס זייער אומעטיקס. אַלעי, שטענדיק אַן אַרבעטזאַמער און פלייסיקער, איז דאָס מאָל נישט געווען מיט גאָרנישט פאַרנומען, כאָטש עס איז נאָך געווען פרי צו שלאָפן. נאָר זיי האָבן דאַמאָלס געהאַט זייערס אַ מאַכמעדאַנישן יום-טוב און האָבן נישט געאַרבעט. ער איז געלעגן, פאַרלייגט די הענט אונטערן קאָפּ, און אויך וועגן עפּעס געטראַכט. פּלוצלינג האָט ער מיך געפרעגט:

— וואָס, דיר איז אַצינד זייער שווער?

איך האָב אים אָנגעקוקט נייגעריק, און מיר האָט אויסגעזען מערקווירדיק די דאָזיקע פּלוצלינקע פראַגע פון אַלעין, וועלכער איז שטענדיק געווען אַזוי איידל, שטענדיק אַזוי פיין, שטענדיק אַזוי עמפּינדלעך. נאָר אַ קוק געבנדיק אויפמערקזאַמער, האָב איך דערזען אויף זיין פּנים אַזוי פיל פיין פון ערינערונג, אַז איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז אים אַליין איז געווען זייער שווער און טאַקע אַצינד אין דער מינוט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך פאַרשטיי אים. ער האָט אַ זיפץ געטון און טרויעריק געשמייכלט. איך האָב ליב געהאַט זיין שמייכל, שטענדיק אַזאַ צאַרטער און האַרציקער. אַ חוץ דעם, האָט ער שמייכלענדיק אַרויסגעשטעלט צוויי שורות פּערלדיקע ציין, וועמענס שיינקייט עס וואָלט געקענט מקנא זיין די ערשטע שיינהייט אין דער וועלט.

— וואָס, אַלעי, דו האָסט אוודאי אַצינד געטראַכט וועגן דעם, ווי אַזוי מען פייערט בא אייך, אין דאַגעסטאַן, דעם דאָזיקן יום-טוב? דאָרט איז אוודאי גוט?

— יאָ, — האָט ער געענטפערט מיט אַנטציקונג, און זיינע אויגן האָבן אויפגעשיינט. — און פון וואַנען ווייסטו, אַז איך טראַכט וועגן דעם?

— פאַרוואָס זאָל איך דאָס נישט וויסן! וואָס, דאָרט איז בעסער ווי דאָ?

— אָ! צוואָס רעדסטו דאָס...

— וואָס פאַר אַ בלומען עס מוזן אַצינד זיין בא אייך, וואָס פאַר אַ גן-עדן...

— אַ-אַך, רעד שוין בעסער נישט! — ער האָט זיך געפונען אין אַ שטאַרקער אויפרעגונג.

— הער נאָר, אַלעי, דו האָסט געהאַט אַ שוועסטער?

— איך האָב בּעהאַט, אָקעגן וואָס פרעגסטו ?

— זי מוז זיין אַ שיינע, אוב זי איז ענלעך צו דיר.

— וואָס דאַרט צו מיר ! זי איז אַזאַ שיינהייט, אַז עס איז אין גאַנץ דאַגעסטאַן נישטאָ קיין שענערע. אָך, וואָס פאַר אַ שיינהייט מיין שוועסטער איז ? דו האָסט נאָך נישט געזען אַזעלכע ! מיין מאַמע איז אויך אַ שיינהייט געווען.

— און זי האָט דיך ליב געהאַט, דיין מאַמע ?

— אָך ! וואָס רעדסטו ? זי איז זיכער געשטאָרבן אַצינד פון האַרץ-ווייטיק נאָך מיר. איך בין איר געליבטער זון געווען. זי האָט מיך נאָך מער פאַר דער שוועסטער, נאָך מער פאַר אַלע ליב געהאַט... זי איז צו מיר היינט אין חלום געקומען און געוויינט איבער מיר...

ער איז שטיל געבליבן, און אין דעם אָוונט שוין נישט אַרויסגערעדט קיין איין וואָרט. נאָר פון דאַמאָלס אָן האָט ער שוין יעדעס מאָל געזוכט אַ מעגלעכקייט צו רעדן מיט מיר, כאָטש ער אַליין האָט צוליב דער אַכטונג, וואָס ער האָט, נישט צו וויסן פאַרוואָס, געפילט צו מיר — קיינמאָל נישט אָנגעהויבן רעדן דער ערשטער. פאַרדעם איז ער זייער צופרידן געווען, ווען איך האָב מיך געווענדט צו אים. איך האָב אים אויסגעפרעגט וועגן קאַווקאַז, וועגן זיין פריערדיקן לעבן. די ברידער האָבן אים נישט געשטערט צו רעדן מיט מיר, און דאָס איז זיי אפילו אָנגענעם געווען, זעענדיק, אַז איך קריג אַלץ מער און מער ליב צאַלעין, זיינען זיי אַליין אויך צו מיר פריינטלעכער געוואָרן.

אַלעי האָט מיר צוגעהאָלפן אין דער אַרבעט, ער האָט מיך באַדינט, מיט וואָס ער האָט געקענט, אין קאַזאַרמע, און מען האָט דערקענט, אַז עס איז אים זייער אָנגענעם געווען, כאָטש מיט עפּעס וואָס מיר גרינגער צו מאַכן, מיר אַ טובה צו טון, און אין דעם דאַ-

זיקן באַמיִען זיך מיר אַ כּובה צו טין איז נישט געווען קיין שום דערנידערונג אָדער וואַרטן אויף עפּעס אַ באַלוינונג, נאָר בלויז אַן איינפאַך וואַרעם, פריינטלעך געפיל, וואָס ער האָט שוין אויך נישט באַהאַלטן פון מיר. צווישן אַנדערע, האָט ער געהאַט אויך גרויסע מעכאַנישע פעִיקייטן; ער האָט זיך אויסגעלערנט פיין נייען וועש, נייען שטיוול און שפּעטער זיך אויך אויסגעלערנט, וויפיל ער האָט נאָר געקענט סטאָלעריי, די ברידער האָבן אים געריִמט און זיינען שטאָלץ געווען מיט אים.

— הער נאָר, אַלעי, — האָב איך אים איינמאָל געזאָגט, — פאַרוואָס זאָלסטו דיך נישט אויסלערנען לייענען און שרייבן רוסיש? צי ווייסטו, ווי דאָס קען דיר צונוץ קומען דאָ, אין סיביר, שפּעטער?

— איך וויל זייער. אָבער בא וועמען זאָל איך מיך אויסלערנען?

— ווייניק געבילדעטע זיינען דאָ דאָ! ווילסט, וועל איך דיך אויסלערנען?

— אַך, לערן מיך, איך בעט דיך! — און ער האָט זיך שוין אויפגעשטעלט אויף דער נאַרע און מיט געבעט צונויפגעלייגט די הענט, קוקנדיק אויף מיר.

מיר האָבן אָנגעהויבן פון קומענדיקן אָוונט. איך האָב געהאַט מיט זיך אַ רוסישע איבערזעצונג פון נייעם טעסטאַמענט, — אַ בוך, וואָס איז נישט פאַרבאָטן געווען אין טורמע. אָן אַ בוכשטאַבביכל, בלויז פון דעם איינעם בוך, האָט זיך אַלעי אין עטלעכע וואָכן אויסגעלערנט אויסגעצייכנט לייענען. אין אַ דריי חדשים אַרום האָט ער שוין גוט פאַרשטאַנען די בוך-שפּראַך. ער האָט זיך געלערנט מיט אַ ברען, מיט חשק.

איינמאָל זיינען מיר דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן מוסר וואָס ישוע האָט געזאָגט אויפן באַרג. איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט עטלעכע ווערטער פון אים אַרויסגערעדט ווי עפּעס מיט אַ באַזונדער געפיל.

איך האָב אים געפרעגט, צי עס געפעלט אים דאָס, וואָס ער האָט איבערגעלייענט?

ער האָט שנעל אַ קוק געטון, און אַ פאַרב איז אַרויסגע־טרעטן אויף זיין פּנים.

— אָך, יאָ! — האָט ער געענטפערט, — יאָ, ישוע איז אַ הייליקער נביא, ישוע האָט געטלעכע ווערטער גערעדט. ווי גוט.

— וואָס־זשע געפעלט דיר מער פאַר אַלץ?

— דאָרט ווו ער זאָגט: זיי מוחל, האָב ליב, באַליידיק נישט, אויך די שונאים האָב ליב. אָך, ווי גוט ער רעדט!

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו די ברידער, וועלכע האָבן זיך צוגעהערט צו אונדזער שמועס, און מיט היץ זיי אָנגעהויבן עפּעס זאָגן. זיי האָבן לאַנג און ערנסט גערעדט צווישן זיך און באַשטע־טיקנדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. דערנאָך מיט אַן ערנסט־פריינט־לעכן, דאָס הייסט, ריין־מוסולמאַנישן שמייכל (וועלכן איך האָב אַזוי שטאַרק ליב, און הויפּטזעכלעך ליב די ערנסטקייט פון דעם דאָזיקן שמייכל), זיך געווענדט צו מיר און באַשטעטיקט: אַז ישוע איז געווען אַ געטלעכער נביא און אַז ער האָט באַוויזן גרויסע נסים; אַז ער האָט געמאַכט פון ליים אַ פויגל, האָט אַ בלאָז גע־טון אויף אים, און ער איז אַוועקגעפלויגן... און אַז דאָס איז בא זיי אין די ביכער געשריבן. זאָגנדיק דאָס, זיינען זיי געווען איינ־גאַנצן איבערצייגט, אַז זיי פאַרשאַפן מיר גרויס פאַרגעניגן, לויבנ־דיק ישוען. עלעי איז איינגאַנצן גליקלעך געווען, וואָס זיינע ברידער האָבן זיך באַשלאָסן און געוואָלט מיר מאַכן דאָס פאַרגעניגן.

דאָס שרייבן בא אונדז איז צוגעגאַנגען זייער שנעל. עלעי האָט זיך געשאַפט פאַפּיר (און מיר נישט דערלויבט צו קויפן עס פאַר מיין געלט), פעדערס, טינט און אפשר אין צוויי חדשים זיך אויסגעלערנט אויסגעצייכנט שרייבן. דאָס האָט אַפילו איבערראַשט

זיינע ברידער. זייער שטאָלץ און צופרידנהייט האָט גאָר קיין גרענעץ נישט געהאַט. זיי האָבן נישט געוווּסט מיט וואָס מיר אָפּצודאַנקען. אויף דער אַרבעט, אויב עס איז אײַנדז אויסגעקומען צו אַרבעטן אינאיינעם, האָבן זיי מיר כּסדר צוגעהאָלפן און זיך געהאַלטן דאָס פאַר אַ גליק. איך רעד שוין נישט וועגן צלען. ער האָט מיך ליב געהאַט, אפשר אַזוי שטאַרק, ווי זיינע ברידער. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם מאָמענט, ווען ער איז אַרויס פון טורמע. ער האָט מיך אַוועקגעפירט הינטער דער קאַזאַרמע און דאָרט זיך געוואָרפן מיר אויפן האַלדז און זיך צעוויינט „דו האָסט פאַר מיר געטון אַזוי פיל, אַזוי פיל געטון, — האָט ער געזאָגט, — אַז מיין פאָטער, מוטער וואָלטן אַזוי פיל פאַר מיר נישט געטון: דו האָסט מיך פאַר אַ מענטש געמאַכט. גאָט וועט דיר באַצאָלן, און איך וועל דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן"...

ווו איז ער ערגעץ, ווו איז ער אַצינד, מיין גוטער, ליבער, ליבער צלעי!..

אַחוץ די טשערקעס', זיינען געווען אין אונדזערע קאַזאַרמעס נאָך אַ גאַנצע חברה פּאָליאַקן, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט אינגאַנצן אַ באַזונדערע משפּחה, וואָס האָט זיך כמעט נישט געמישט מיט די איבעריקע אַרעסטאַנטן. איך האָב שוין געזאָגט, אַז פאַר זייער אָפּגעזונדערטקייט, פאַר זייער שנאה צו די רוסישע קאַטאָרזשניקעס, זיינען זיי אויך פון אַלע פאַרהאַסט געווען. דאָס זיינען געווען כאַראַקטערן אויסגעפּייניקטע, קראַנקע; זיי זיינען געווען אַ מאַן זעקס. טייל פון זיי זיינען געווען מענטשן געבילדעטע; וועגן זיי וועל איך רעדן באַזונדער און ברייטער שפּעטער. בײַ זיי טאַקע האָב איך, טיילמאָל, אין די לעצטע יאָרן פון מיין לעבן אין טורמע באַקומען טייל ביכער. דאָס ערשטע בוך, וואָס איך האָב איבערגעלייענט, האָט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן, מערקווירדיקן, גאַנץ-באַזונדערן איינדרוק. וועגן די דאָזיקע איינדריקן וועל איך רעדן אַמאָל באַזונדער. פאַר

מיר זייגען זיי זייער אינטערעסאַנטע און איך בין איבערצייגט, אַז אַ סך וועלן זיי זיין אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך. נישט האָבנדיק איבערגעלעבט, טאָר מען נישט אורטיילן וועגן געוויסע זאַכן. איך וועל זאָגן נאָר איינס: אַז דאָס צונעמען בײַ אַ מענטש זיינע נויטווענדיקייטן, איז פאַר אים אַ סך שווערער איבערצוטראָגן, ווי די ערגסטע פיזישע ליידן. דער פּראָסטער מענטש, וואָס גייט אויף קאַטאָרגע, קומט אָן צוריק אין זיין געזעלשאַפט, קען זיין, אַפילו נאָך אין אַן אַנטוויקעלטערער. ער האָט צוגעוווירן, פאַרשטייט זיך, אַ סך — זיין היים, זיין פאַמיליע, אַלץ, נאָר די סביבה זיינע בלייבט די זעלבע. דער געבילדעטער מענטש אָבער, וואָס ווערט אונטערגעוואָרפן לויטן געזעץ איינער און דער זעלבער שטראָף מיטן פּראָסטן המון, ווערט אָן אָפּט אומפאַרגלייכלעך מער פאַר אים. ער דאַרף דערשטיקן אין זיך אַלע זיינע באַדערפעגישן, אַלע געוווינהייטן; איבערגיין אין אַ סביבה, וואָס איז פאַר אים אוממעגלעך, ער דאַרף זיך אויסלערנען אָטעמען נישט מיט זיין לופט... דאָס איז — אַ פיש, וואָס איז אַרויסגעשלעפט געוואָרן פון וואַסער אויפן זאַמד... און אָפט ווערט די איינע און די זעלבע, לויטן געזעץ פאַר אַלע, באַשטראָפונג, פאַר אים צען-פאַך פיינלעכער. דאָס איז אַן אמת... אויב אַפילו דאָס וואָלט זיך נאָר באַצויגן אויף מאַטעריעלע געוווינהייטן, פון וועלכע ער דאַרף זיך אָפּזאָגן.

נאָר די פּאָליאַקן האָבן צונויפגעשטעלט אַ באַזונדערע גאַנצע גרופּקע. זיי זיינען געווען זאַלבעזעקס און זיינען געווען צוזאַמען. פון אַלע קאַטאָרזשניקעס פון אונדזער קאַזאַרמע האָבן זיי ליב געהאַט בלויז דעם ייִד און אפשר נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט זיי געוויילט. אונדזער ייִדל האָבן, איבעריקנס, ליב געהאַט אַפילו אויך אַנדערע אַרעסטאַנטן, כאָטש אַלע, ווי איינער, אָן אויסנאַם, האָבן געלאַכט פון אים. ער איז געווען בײַ אונדז איינער, און אַפילו אַצינד קען איך מיך נישט דערמאָנען וועגן אים אָן געלעכטער.

יעדעס מאָל, ווען איך האָב געקוקט אויף אים, איז מיר שטענדיק גע־קומען אויפן זכרון גאָגאָלס ייִדל יענקל פון טאַראַס בולבאַ, וועל־כער, אויסטועענדיק זיך צו גיין שלאָפן אויף באַנאַכט מיט זיין ייִדע־נע אין עפּעס אַ שאַנק אַריין, איז ער באַלד שרעקלעך ענלעך גע־געוואָרן צו אַ הינדעלע.

יאָסאַי פּאָמיטש, אונדזער ייִדל, איז געווען ווי צוויי טראָפּן וואַסער ענלעך צו אַן אָפּגעפּליקטן הינדל. דאָס איז געווען אַ מענטש שוין נישט קיין יונגער, פון אַ יאָר פופציק, פון קליינעם ווּקס, און אַ שוואַכער, אַ כיטרעוועקער און אין דער זעלבער צייט זייער אַ נאַ־רישער. ער איז געווען חוצפּהדיק און שטאָלץ און אין דער זעלבער צייט אַ שרעקלעכער פּחדן. זיין פּנים איז געווען אינגאַנצן בלויז קנייטשלעך, און אויף זיין שטערן און אויף זיינע באַקן, זיינען גע־ווען שטעמפּלען, וואָס זיינען אים געלייגט געוואָרן אויפן עשאַפאָט. איך האָב אויף קיין שום פאַל נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער האָט געקענט אויסהאַלטן זעכציק שמיץ. געקומען איז ער אַלס באַשולדיקטער אין אַ מאָרד. ער האָט געהאַט באַהאַלטן אַ רעצעפּט, וואָס איז אים צוגעשטעלט געוואָרן פון אַ דאָקטאָר דורך זיינע ייִדע־לעך באַלד נאָכן עשאַפאָט. אויף דער דאָזיקער רעצעפּט האָט מען געקענט באַקומען אַזאַ מאַשטש, פון וועלכער עס האָבן געקענט אין אַ וואָך צוויי אָפּגיין זיינע שטעמפּלען. באַניצן די מאַשטש אין טורמע האָט ער זיך נישט אונטערגעשטעלט, און ער האָט אָפּ־געוואַרט זיין צוועלף־יעריקן טערמין פון דער קאַטאָרגע, נאָך וועלכן ער האָט באַשלאָסן, אַרויסגייענדיק אויף פּאָסעלעניע, אומבאַ־דינגט צו באַנוצן די דאָזיקע רעצעפּט. „ווען נישט, וועל איך נישט קענען חתונה האָבן, — האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט, — און איך וויל אומבאַדינגט חתונה האָבן". מיר זיינען געווען גוטע פריינט. ער איז געווען שטענדיק אין דער בעסטער שטימונג. אויף קאַטאָר־גע צו לעבן איז אים געווען לייכט; ער איז געווען לויטן פאַך אַ

יובעליר, איז געווען פֿאַרוואָרפֿן מיט אַרבעט פֿון שבת, און וועלכער עס איז נישט געווען קיין יובעליר, און אויף אַזאַ אופֿן זיך אויסגעדרייט פֿון דער שווערער אַרבעט. פֿאַרשטייט זיך, אַז ער איז אין דער זעלבער צייט געווען אויך אַ פּראָצענטניק און האָט אַרויסגעבאָרגט אויף פּראָצענט און משכּונות דער גאַנצער קאַזאַרמע געלט. ער איז געקומען פֿריִער פֿאַר מיר, און איינער פֿון די פּאָליאַקן האָט מיר געשילדערט מיט אַלע איינצלהייטן זיין אָנקומען. דאָס איז אַ זייער קאָמישע געשיכטע, וועלכע איך וועל דערציילן שפּעטער; וועגן יוסאַי פּאָמיטשן וועל איך רעדן נאָך נישט איין מאָל.

די איבעריקע מענטשן פֿון אונדזער קאַזאַרמע זיינען באַשטאַנען פֿון פֿיר אַלט-גלויביקע, אַלטע לייט און צוגלייענטע, צווישן וועלכע עס איז געווען אויך דער אַלטער פֿון די סטאַראָדובער דערפֿער; פֿון אַ צוויי-דריי קליינרוסן, אומעטיקע מענטשן, פֿון אַ יונגעניקן קאַטאָרזשניק, מיט אַ דין נעזעלע, פֿון אַ יאָר דריי און צוואַנציק, וואָס האָט שוין געהאַט געהרגעט אַכט נפֿשות, פֿון אַ גרופּקע פֿאַלש געלט-מאַכער, פֿון וועלכע איינער איז געווען דער לץ פֿון אונדזער גאַנצער קאַזאַרמע, און, צום סוף, פֿון עטלעכע פֿינסטערע און אומעטיקע פֿאַרשוינען, צעפּגעגאָלטע און פֿאַרשענדטע, שווייגנדיקע און קנאהדיקע, וואָס האָבן געקוקט ברוגזדיק מיט שנאה אַרום זיך און ווי באַשלאָסן באַ זיך צו קוקן אַזוי, זיך צו ברוגזן, שווייגן, און פֿיינט האָבן נאָך לאַנגע יאָרן — די גאַנצע צייט פֿון זייער קאַטאָרגע. דאָס אַלץ האָט זיך נאָר ווי אַ ווייז געטון פֿאַר מיר אין דעם דאָזיקן ערשטן טרויעריקן אָוונט פֿון מיין נייעם לעבן. — עס האָט זיך אַ ווייז געטון אין רויך און קאָפּעטש, צווישן זידלערייען און שרעקלעכן ציניזם, אין דער פֿאַרשטונקענער לופֿט, באַם קלאַנג פֿון קייטן, צווישן קללות און אומפֿאַרשעמטן געלעכטער. איך האָב מיך געלייגט אויף די בלויזע נאַרעס, אונטערלייגנדיק מיר אונטערן קאָפּ מיין אָנטון (קיין קישן האָב איך נאָך נישט

געהאַט), איך האָב מיך צוגעדעקט מיטן פעלצל, נאָר לאַנג נישט געקענט איישלאָפן, כאָטש איך בין געווען אינגאַנצן אויסגע־מוטשעט און צעבראָכן פון די אַלע שרעקלעכע און אומדערוואַרטע איינדריקן פון דעם דאָזיקן ערשטן טאָג. נאָר מיין נייע לעבן האָט זיך ערשט אָנגעהויבן. אַ סך האָט מיך ערשט אָפגעוואַרט אין דער צו־קונפט, וועגן וואָס איך האָב קיינמאָל נישט געטראַכט, וואָס איך האָב זיך נישט פאָרגעזען...

V.

## דער ערשטער חודש.

דריי טעג נאָך מיין אָנקומען אין טורמע, האָט מען מיך געהייסן אַרויסגיין אויף אַרבעט. זייער גערענקלעך איז מיר דער דאָזיקער ערשטער טאָג אַרבעט. עס האָט זיך אין פאַרלויף פון אים נישט געטראָפן מיט מיר קיין שום זייער אויסערגעוויינטלעכס, ווייניקסטנס, בעמענדיק אין באַטראַכט אַלץ, וואָס איז אַזוי אויך שוין געווען אומגעוויינטלעך אין מיין לאַגע. נאָר דאָס איז געווען אויך נאָר איינס פון די ערשטע איינדריקן, און איך האָב אַלץ נאָך נישט אויפגעהערט צו אַלעם זיך דורשטיק צוצוקוקן. די אַלע ערשטע דריי טעג האָב איך פאַרבראַכט אין די שווערסטע איבערלעבונגען. „אָט איז דער סוף פון מיין וואַנדערן: איך בין אין טורמע! — האָב איך מיר אַלע ווײַלע איבערגעחזרט: — אָט איז מיין פּאָרט אויף לאַנגע יאָרן, מיין ווינקל, אין וועלכן איך טרעט אַריין מיט אַזאַ קרענקלעכן געפיל... און ווער ווייסט? אפשר וועט מיר אַמאָל, אין אַ סך יאָרן אַרום, אויסקומען צו פאַרלאָזן עס, — און עס וועט מיר נאָך באַנק זיין!... — האָב איך צוגעגעבן נישט אָן דער צומישונג פון אַ זיך אַליין פּייניקדיקן געפיל, וואָס דערגייט טייל מאָל ביז דער נייטיקייט זיך אַליין אומישנע אויפצורודערן די אייגענע וווּנד, ווי ווילנדיק זיך קוויקן מיט דער אייגענער ווייטיק, פּונקט ווי אין דעם באַוווסטזיין פון דער גאַנצער גרייס פון אומגליק וואָלט ווירקלעך [illegible] ווען עפּעס אַ תענוג. דער געדאַנק וועגן דער מעגלעכקייט צו [illegible]

דויערן אַמאָל וועגן דעם דאָזיקן ווינקל — האָט אָנגעוואָרפן אויף מיר אַן אימה: איך האָב אויך שוין דאַמאָלס פאַרגעפילט, ווי ווייט מעגלעך דער מענטש קען זיך צו אַלעם שרעקלעכן צוגעוויינען. נאָר דאָס איז נאָך געווען פריִער, און דערווייל איז אַלץ אַרום מיר געווען פיינטלעך און — שרעקלעך... כאָטש נישט אַלץ, נאָר, פאַרשטייט זיך, אַזוי האָט זיך מיר געדאַכט. די דאָזיקע ווילדע נייגעריקייט, מיט וועלכע עס האָבן מיך באַטראַכט מיינע נייע חברים-קאַטאָרזשניקעס, זייער פאַרשטאַרקטע שטרענגקייט צו דעם ניי-געקומענעם, פון די דוואָריאַנעס, וואָס האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אין זייער קאָרפּאָראַציע, די שטרענגקייט, וועלכע איז טייל מאָל דערגאַנגען שיער נישט ביז שנאה — דאָס אַלץ האָט מיך אַזוי אויסגעפייניקט, אַז איך האָב שוין אַליין געוואָלט וואָס שנעלער גיין צו דער אַרבעט, כּדי וואָס שנעלער זיך צו באַקענען און אויסטרינקען מיין גאַנצע ביטערקייט אין איין מאָל, כּדי אָנצוהייבן לעבן גלייך ווי זיי, ווי זיי אַלע, כּדי אַריינצוגיין מיט זיי אַלע וואָס שנעלער אין איין קאָליע. פאַרשטייט זיך, איך האָב דאַמאָלס אַ סך זאַכן נישט באַמערקט און נישט אויפגעכאַפּט אַפילו, וואָס עס איז געווען בײַ מיר אונטער דער סאַמע נאָז: צווישן דעם פיינטלעכן האָב איך נאָך נישט באַמערקט דאָס פריידיקע. איבעריקנס, עטלעכע גוטע, ליבע פּנימער וועלכע איך האָב באַגעגנט אַפילו אין די טעג, האָבן מיך דערווייל זייער שטאַרק אונטערגעהאַלטן. ליבער און צערטלעכער פאַר אַלע איז געווע, מיט מיר אַקים אַקימיטש. צווישן די פינסטערע און פיינטלעכע פּנימער פון די איבעריקע קאַטאָרזשניקעס האָב איך נישט בעקענט נישט באַמערקן אויך עטלעכע גוטע און פריילעכע. „אומעטום זיינען דאָ מענטשן שלעכטע, און צווישן די שלעכטע אויך גוטע, — האָב איך געאיילט אַ טראַכט צו טון, אַלס טרייסט פאַר מיר — ווער ווייסט? די מענטשן, קען זיין, זיינען גאָרנישט קיין סך ערגער פאַר די איבעריקע, וועלכע זיינען איבערגעבליבן דאָרט,

אויסער דער טורמע. איך האָב דאָס געטראַכט און אַליין געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף מיין געדאַנק, און דאָך — גאָט מיינער! ווען איך וואָלט נאָר געווען געוווסט דאַמאָלס אויף וויפיל אויך דער געדאַנק איז געווען אמת!

אָט, למשל, איז דאָ געווען איין מענטש, וועלכן איך האָב ערשט אין אַ סך יאָרן אַרום דערקענט אינגאַנצן, כאָטש ער איז געווען מיט מיר און שטענדיק לעבן מיר כמעט די גאַנצע צייט פון מיין קאַטאָרגע. דאָס איז געווען דער אַרעסטאַנט סושילאָוו. ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן אַצינד וועגן די קאַטאָרזשניקעס, וועלכע זיינען געווען נ י ש ט ע ר ג ע ר פאַר אַנדערע, האָב איך מיך באַלד, נישט ווילנדיק, דערמאַנט אָן אים. ער האָט מיך באַדינט. איך האָב אויך געהאַט אַ צווייטן באַדינער. אַקים אַקימיטש האָט מיר נאָך באַלד אין אָנהייב, אין די ערשטע טעג, רעקאָמענדירט איינעם פון די אַרעסטאַנטן, — אָסיפּן, זאָגנדיק, אַז פאַר דרייסיק קאָפּעקעס אַ חודש וועט ער מיר קאָכן אַלע טאָג באַזונדער עסן, אויב עס איז מיר שוין אַזוי שטאַרק דערווידער דאָס קאַזשאָנע, און אויב איך האָב מיטלען צו לעבן פאַר אייגנס. אָסיפּ איז געווען איינער פון די פיר קעכערס, וואָס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן און באַשטימט געוואָרן דורך די אַרעסטאַנטן אין אונדזערע צוויי קיכן, כאָטש, איבעריקנס, זיי האָבן געהאַט די פולשטענדיקע פרייהייט יאָ אָנצונעמען אָדער נישט אָנצונעמען דעם אויסוואַל; און אָננעמענדיק, האָט מען געקענט כאָטש מאָרגן זיך אָפּזאָגן. די קעכער זיינען אַזוי אַרום אויך שוין נישט געגאַנגען אויף קיין אַרבעט, און זייער גאַנצער אַמט איז באַשטאַנען אין באַקן ברויט און קאָכן באָרשטש. מען האָט זיי גערופן בא אונדז נישט קעכערס, נאָר קעכינס (אין ווייבלעכן געשלעכט), איבעריקנס, נישט אויס גרינגשעצונג צו זיי, נאָר מער דערפאַר, וואָס אין קיך אַריין האָט מען אויסגעקליבן מענטשן קלוגע און ווי ווייט מעגלעך ערלעכע, נאָר

אזוי, גלאט, אויס ליבן שפּאַס, פון וואָס אונדזערע קעכערס האָבן
זיך כּלל נישט באַליידיקט. אָסיפּן האָט מען כמעט שטענדיק אויס-
געקליבן, און כּמעט עטלעכע יאָר כּסדר איז ער געווען קעכין, און
זיך אָפּגעזאָגט נאָר טיילמאָל אויף א צייט, ווען עס איז אים שוין
א צו גרויסער אומעט באַפאַלן, און עס האָט אים, צוזאַמען מיט דעם,
אַרומגענומען אַ חשק אדורכצוטראָגן בראָנפן. ער איז געווען אַ
זעלטן ערלעכער און גוטער מענטש, כאָטש ער איז אויך געקומען
פאַר קאָנטראַבאַנד דאָס איז געווען דער זעלבער קאָנטראַבאַנדיסט,
דער הויכער, געזונטער בחורעץ, וועגן וועלכן איך האָב שוין דער-
מאַנט; אַ פחדן פאַר אַלץ, באַזונדערס פאַר ריטער, אַ רויִקער, א נאָכ-
גיביקער, אַ ליבלעכער מיט אַלע, וואָס האָט זיך מיט קיינעם קיין-
מאָל נישט געקריגט, נאָר וועלכער האָט זיך נישט געקענט איינ-
האַלטן נישט אַדורכצוטראָגן קיין בראָנפן, נישט קוקנדיק אויף זיין
גאַנצער פּחדנות, אויס דער ליידנשאַפט צו קאָנטראַבאַנד. ער האָט
צוזאַמען מיט אַנדערע קעכערס אויך געהאַנדלט מיט בראָנפן, כאָטש,
פאַרשטייט זיך, נישט אין אַזאַ ברייטער מאָס, ווי, למשל, גאַזין,
ווייל ער האָט נישט געהאַט די דרייסטקייט אַ סך צו ריזיקירן. מיט
דעם אָסיפּן האָב איך געלעבט שטענדיק זייער גוט. וואָס אָמבאַ-
לאַנגט ווידער די מיטלען צו קענען האָבן אייגן עסן, האָט מען זיי
געדאַרפט זייער נישט קיין סך. איך וועל מיך נישט טועה זיין, אויב
איך וועל זאָגן, אַז אין אַ חודש איז מיר אַוועקגעגאַנגען אויף מיין
דערנערונג איינגאַנצן איין רובל, פאַרשטייט זיך, אַ חוץ דעם ב־ויט,
וואָס איז קאַז אָנע, און טיילמאָל דעם באָרשטש, אויב איך בין שוין
געווען זייער הונגעריק, נישט קוקנדיק אויף מיין עקל צו אים,
וועלכן איך האָב, איבעריקנס, שפּעטער איינגאַנצן אָנגעווירן. גע-
ווינטלעך האָב איך געקויפט אַ שטיקל רינד-פלייש, צו פונט אויף
א טאָג. און ווינטער האָט רינד-פלייש געקאָסט אַ גראָשן אַ פונט.
נאָך פלייש איז געגאַנגען אויפן מאַרק עמעצער פון די אינוואַלידן,

װעלכע זײַנען געװען בײַ אונדז צו אײנער אין יעדער קאַזאַרמע, אַכטונג צו געבן אויף דער אָרדנונג, און װעלכע האָבן אַלײן, מיט זײער אײגענעם װילן, גענומען אויף זיך די פליכט צו גײן אַלע טאָג אויפן מאַרק אײַנקויפן פאַר די אַרעסטאַנטן און האָבן נישט גענומען דערפאַר כמעט קײן שום באַצאָלטס, אַ חוץ אַמאָל עפּעס דאָרט אַ קלײניקײט געטון האָבן זײ דאָס פאַר זײער אײגענער רו, אַנדערש װאָלט זײ נישט מצליח געװען אין טורמע זיך אײַנצולעבן. אויף אַזאַ אופן האָבן זײ דורכגעטראָגן טיטון, טײ, פלײש, זעמל און אַנדערע זאַכן, אַ חוץ נאָר בלויז אפשר אײן בראָנפן. װעגן בראָנפן האָט מען זײ נישט געבעטן, כאָטש מען האָט זײ טײלמאָל אויך מכבד געװען. אָסיפּ האָט מיר געקאָכט עטלעכע יאָר כסדר אַלץ דאָס אײגענע שטיקל געבראָטענע פלײש. װי אַזוי דאָס איז שוין געװען געבראָטן, — דאָס איז אַן אַנדערע פראַגע, נאָר נישט אין דעם איז עס געגאַנגען. עס איז מערקװירדיק, װאָס איך האָב מיט אָסיפּן אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר נישט גערעדט אַפילו קײן צװײ װערטער. איך האָב אַ סך מאָל אָנגעהויבן צו רעדן מיט אים, נאָר ער איז עפּעס נישט פעיק געװען אונטערצוהאַלטן אַ געשפּרעך: ער פלעגט אַ שמײכל טון אָדער ענטפערן יאָ אָדער נײן און נישט מער. עס איז אַפילו מאָדנע געװען צו קוקן אויף דעם דאָזיקן זיבן-יעריקן הערקולעס.

נאָר אַ חוץ אָסיפּן איז, פון די מענטשן, װאָס האָבן מיר צוגעהאָלפן, געװען אויך סושילאָװ. איך האָב אים נישט גערופן און נישט אײַנגעלאַדן. ער האָט מיך װי עפּעס אַלײן געפונען און זיך אָנגעשטעלט בײַ מיר; איך געדענק אַפילו נישט, װען און װי אַזוי דאָס איז געשען. ער האָט אָנגעהויבן װאַשן פאַר מיר. נאָך די קאַזאַרמעס איז ספּעציעל געװען אײַנגעאָרדנט פאַר דעם אַ גרויסער גרוב, װוּ מען האָט געגאָסן די פּאָמיעס. בײַ דעם גרוב האָט מען, אין קאַזשאָנע קאָרטעס, געװאַשן די װעש פון די אַרעסטאַנטן. אַ חוץ דעם

האָט זיך סושילאָוו אויסגעזוכט טויזנט אַנדערע קלייניקייטן, כּדי מיך צופֿרידן צו שטעלן: ער האָט אויך געקאָכט מיין טשייניק, געלאָפֿן אין פֿאַרשידענע שליחותן, אויסגעזוכט עפּעס פֿאַר מיר, אַוועקגעטראָגן מיין קורטקע צו פֿאַרבן, אויסגעשמירט מיינע שטיוול אַ פּאָר מאָל אין חודש; דאָס אַלץ האָט ער געטון מיט חשק, געשיקט, ווי עס וואָלטן, גאָט ווייסט, וואָס פֿאַר אַ פֿליכטן געלעגן אויף אים, מיט איין וואָרט, ער האָט אינגאַנצן צוגעבונדן זיין גורל מיט מיינעם און גענומען מיינע זאַכן אויף זיך. ער האָט קיינמאָל, למשל, נישט געזאָגט: „איר האָט אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל העמדער, אייער קור-טקע איז צעריסן און אַזוי ווייטער, נאָר שטענדיק: מיר האָבן אַצינד אַזוי פֿיל און אַזוי פֿיל העמדער, די קורטקע איז אונדז צעריסן.“ ער האָט מיר כּסדר געקוקט אין די אויגן אַריין און, דאַכט זיך, אָנ-גענומען דאָס פֿאַר דער הויפּט-באַשטימונג פֿון זיין גאַנצן לעבן. קיין פֿאַך אָדער, ווי עס זאָגן די אַרעסטאַנטן, קיין האַנט-אַרבעט האָט ער נישט געקענט און, דאַכט זיך, נאָר בײַ מיר זיך פֿאַרדינט וועלכע קאָפּעקע. איך האָב אים געצאָלט וויפֿיל איך האָב געקענט, דאָס הייסט, מיט גראָשנס, און ער איז שטענדיק געבליבן זייער צופֿרידן. ער האָט נישט געקענט נישט-דינען בײַ עמעצן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט אויסגעקליבן דווקא מיך, באַזונדערס דערפֿאַר, וואָס איך בין געווען העפֿלעכער פֿאַר אַנדערע און ערלעכער אין צאָל. ער איז געווען פֿון די, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געקענט רייך ווערן און זיך בעסער מאַכן די לאַגע און וועלכע פֿלעגן זיך אונטערנע-מען צו היטן די מאַידאַנעס, אָפּשטייענדיק גאַנצע שעהן אין הויף אויפֿן פֿראָסט, איינהערנדיק זיך אין יעדן קלאַנג אויפֿן הויף צי דער פּלאַץ-מאַיאָר קומט נישט, און גענומען דערפֿאַר צו פֿינף קאָ-פּעקעס אין זילבער, שיער נישט פֿאַר אַ גאַנצער נאַכט, און ווען זיי האָבן פֿאַרהערט, האָבן זיי אָנגעוווירן אינגאַנצן און באַצאָלט נאָך דערפֿאַר מיטן רוקן. איך האָב שוין גערעדט וועגן זיי. די כאַראַק-

טעריסטיק פון די מענטשן איז באַשטאַנען אין פאַרניכטן זייער פּער-
זאָן שטענדיק, אומעטום און שיער נישט פאַר אַלע, און אין כלל-
זאַכן שפּילן זיי נישט נאָר די צווייטע, נאָר אַפילו די דריטע ראָלע.
דאָס אַלץ איז שוין בײַ זיי געלעגן אַזוי אין דער נאַטור. סושילאָוו
איז געווען זייער אַ נעבעכדיק מענטשל, זייער אַן הכנעה־יקס און
אַראָפּגעפאַלנס בײַ זיך, אַפילו אַ דערשלאָגנס, כאָטש עס האָט אים
אויך בײַ אונדז קיינער נישט געשלאָגן, נאָר אַזוי שוין פון דער נאַ-
טור אַ דערשלאָגענער, איך האָב שטענדיק געהאַט אויף אים צוליב
עפּעס וואָס רחמנות. איך האָב אַפילו נישט געקענט קיין בליק טון
אויף אים אָן דעם דאָזיקן געפיל, און פאַרוואָס איך האָב אויף אים
רחמנות געהאַט וואָלט איך אַליין נישט געקענט ענטפערן. רעדן מיט
אים האָב איך אויך נישט געקענט, אויך ער האָט נישט געקענט
רעדן, און דאָס איז אים, ווייזט אויס, זייער שווער אָנגעקומען, און
ער איז נאָר דאַמאָלס אויפגעלעבט געוואָרן, ווען, כדי צו פאַרענ-
דיקן אַ שמועס, וועסטו אים געבן בעסער עפּעס צו טון, וועסט אים
בעטן אַראָפּגיין, אָדער אַ לויף טון ערגעץ. איך האָב מיך אַפילו,
ענלעך, איבערצייגט, אַז איך פאַרשאַף אים מיט דעם פאַרגעניגן. ער
איז געווען נישט הויך און נישט נידעריק לויטן וווּקס, נישט גוט
און נישט שלעכט, נישט נאַריש און נישט קלוג, נישט יונג און נישט
אַלט, אַ ביסל געשטיפּלט, כמעט בלאָנד. קיין שום אײַנגאַנצן באַ-
שטימטעס האָט מען קיינמאָל וועגן אים נישט געקענט זאָגן. איינס נאָר:
ער האָט, ווי מיר דאַכט זיך, און אויף וויפיל איך האָב געקענט באַ-
שטימען, געהערט צו דעם זעלבן מין מענטשן, וואָס סיראָטקין,
און צום מייסטן נאָר לויט זײַן דערשלאָגנקייט און הכנעהדיקייט.
פון אים פלעגן טיילמאָל חוזק מאַכן די אַרעסטאַנטן, הויפּטזעכלעך
דערפאַר, וואָס ער האָט זיך ג ע ב י ט ן אויפן וועג, גייענדיק אין דער
פּאַרטיע קיין סיביר, און ג ע ב י ט ן האָט ער זיך נאָר אַ רויטער רו-
באַשקע און פאַר אַ רובל אין זילבער. אָט פאַר דעם נישטיקן פּרײַז

פאַר וועלכן ער האָט זיך פאַרקויפט, האָבן טאַקע געלאַכט פון אים די אַרעסטאַנטן. בייטן זיך — הייסט, בייטן זיך מיט עמעצן מיטן נאָמען, און פאָלגלעך אויך מיטן גורל. ווי וווּנדערלעך עס זאָל נישט אויסזען דער פאַקט, איז ער דאָך אַן אמתער, און אין מיין צייט האָט ער נאָך עקזיסטירט, צווישן די קיין סיביר גייענדיקע אַרעסטאַנטן, אין דער פולער קראַפט, פאַרהייליקט דורך טראַדיציעס און באַשטימט לויט געוויסע פאָרמען. אין אָנהייב האָב איך דאָס בשום אופן נישט געקענט גלייבן, כאָטש עס איז מיר, ענדלעך, אויסגעקומען זיך איבערצוצייגן אין דעם מיט די אייגענע אויגן.

דאָס ווערט געמאַכט אָט אויף וואָס פאַר אַן אופן. מען פירט, למשל, קיין סיביר אַ פּאַרטיע אַרעסטאַנטן. עס גייען אַלערליי — אי אויף קאַטאָרגע, אי אויף פאַבריק-אַרבעט, אי אויף פאָסעלעניע; זיי גייען צוזאַמען. ערגעץ-ווו, אויפן וועג, נו, כאָטש אין פּערמער גובערניע, וויל זיך עמעצער פון די פאַרשיקטע בייטן מיט אַן אַנדערן. למשל, אַ געוויסער מיכאַילאָוו, אַ מערדער, אָדער אויספירער פון עפּעס אַן אַנדערן וויכטיקן פאַרברעך, האַלט דאָס גיין אויף קאַטאָרגע, אויף אַ סך יאָרן, פאַר זיך פאַר אומבאַקוועם. לאָמיר זאָגן, ער איז אַ כיטרער, אַ דורכגעטריבענער, וואָס פאַרשטייט אַ געשעפט; זוכט ער זיך טאַקע אויס עמעצן פון דער זעלבער פּאַרטיע, אַ מער פשוטן, אַ מער דערשלאָגענעם, אַ מער הכנעהדיקן, און אַזעלכן, וועלכן עס איז באַשטימט געוואָרן אַ שטראָף פאַרהעלטנישמעסיק נישט קיין גרויסע: אָדער אין דער פאַבריק אַריין אויף ווייניק יאָרן, אָדער אויף פאָסעלעניע, אָדער אַפילו אויף קאַטאָרגע, נאָר אויף אַ קלענערן טערמין. ענדלעך, געפינט ער סושילאָוון. סושילאָוו שטאַמט פון הויף-אַרבעטער און איז פאַרשיקט געוואָרן בלויז אויף פאָסעלעניע. ער גייט שוין אַנדערהאַלבן טויזנט ווערסט, פאַרשטייט זיך, אָן אַ קאָפּעקע געלט, ווייל סושילאָוו קען קיינמאָל נישט פאַרמאָגן קיין קאָפּעקע — ער גייט אַן אויסגעמוטשעטער. אַן אָפּגעשטאַנענער, בלויז

אויף די רעגירונגס-קעסט, אָן אַ בעסערן ביסן, כאָטש פון צייט-צו-
צייט, בלויז אין דעם זעלבן אָנטון, באַדינענדיק יעדן פּאַר נישטיקע
קופּערנע גראָשנס. מיכאַילאָוו צערעדט זיך מיט סושילאָוון, דערנענ-
טערט זיך צו אים, באַפריינדעט זיך מיט אים און, ענדלעך, ערגעץ
אויף אַן עטאַפּ*) טרינקט ער אים אָן מיט בראָנפן. צום סוף מאַכט
ער אים אַ פאָרשלאַג: צי וואָלט ער זיך נישט געוואָלט בייטן? איך
בין, זאָגט ער, מיכאַילאָוו, אַזוי און אַזוי, איך גיי עפּעס יאָ אויף
קאַטאָרגע נישט אויף קאַטאָרגע, נאָר אין עפּעס „אַ באַזונדערער אָפּ-
טיילונג". כאָטש דאָס איז אויך קאַטאָרגע, נאָר עפּעס אַ באַזונדע-
רע, אַ ביסל אַ בעסערע, ווייזט אויס. וועגן דער באַזונדערער אָפּ-
טיילונג האָבן, אין דער צייט פון איר עקזיסטענץ, נישט געוווסט
אַפילו אויך אַלע פון דער נאַטשאַלסטוואָ, למשל, — אַפילו אין פּעטער-
בורג. דאָס איז געווען אַזאַ אָפּגעטיילט און אָפּגעזונדערט ווינקל,
אין איינעם פון די ווינקעלעך פון סיביר, וואָס איז געווען אַזוי ווי-
ניק באַוווּסט (אין מיין צייט איז דאָרט געווען אפשר זעכציק מענטשן),
אַז עס איז שווער געווען אַפילו אויף זיין שפּור צו פאַלן. איך
האָב באַגעגנט דערנאָך מענטשן, וואָס האָבן געדינט און גע-
קענט גוט סיביר, וועלכע האָבן פון מיר ערשט געהערט דאָס ערש-
טע מאָל וועגן דער עקזיסטענץ פון אַ „באַזונדערער אָפּטיילונג". אינם
געזעץ-בוך איז עס דערמאָנט געוואָרן אינגאַנצן אפשר מיט זעקס
שורות: „עס ווערט געגרינדעט בײַ אַזאַ און אַזאַ טורמע אַ באַזונדערע
אָפּטיילונג פאַר די וויכטיקסטע פאַרברעכער, ביז עס וועט געעפנט
ווערן אין סיביר די שווערסטע קאַטאָרגע". אַפילו די ארעסטאַנטן
אליין האָבן נישט געוווסט פון דער דאָזיקער „אָפּטיילונג", אַ וואָסע-
רע זי איז — צי אַן אייביקע, צי מיט אַ טערמין? קיין טערמין איז
נישט באַשטימט געווען, עס איז נאָר געזאָגט געווען — ביז דער

*) נאַטשאַלניק פון די ארעסטאַנטן.

גרינדונג פון דער שווערסטער קאַטאָרגע און נישט מער; ווייזט דאָך אויס „אויף אייביקער קאַטאָרגע". עס איז דעריבער נישט קיין חידוש, וואָס נישט סושילאָוו און אויך נישט קיינער פון דער פאַרטיע האָבן נישט געוווסט, נישט אויסשליסנדיק אפילו דעם פאַרשיקטן מיכאַילאָוון אַליין, וועלכער האָט געהאַט אַ באַגריף וועגן דער באַזונדערער אָפּטיילונג אפשר נאָר בלויז, אורטיילנדיק לויט זיין פאַרברעך, וועלכער איז געווען זייער גרויס, און פאַר וועלכן ער איז אָפּגעגאַנגען אַ דריי אָדער פיר טויזנט וויאָרסט, פאָלגלעך, וועט מען אים דאָך נישט שיקן אויף קיין גוט אָרט. סושילאָוו אָבער גייט נאָר בלויז אויף פּאָסעלעניע; וואָס־זשע דאַרף מען נאָך בעסער? „ווילסט זיך אפשר בייטן?" סושילאָוו, אַ ביסל אונטערן גלעזל, אַ נשמה אַ פשוטע, איז פול מיט דאַנקבאַרקייט צו דעם אַזוי פריינטלעכן מיכאַילאָוון און באַשליסט זיך דעריבער נישט אָפּצוזאָגן. דערצו האָט ער שוין געהערט אין דער פאַרטיע, אַז בייטן זיך קען מען, אַז אַנדערע בייטן זיך אויך, פאָלגלעך איז דאָך דאָ קיין שום אומגעוויינטלעכס און איבערשכלדיקס נישטאָ. — און זיי זיינען ביידע מסכים. דער געווינסלאָזער מיכאַילאָוו, אויסנוצנדיק די אומגעוויינטלעכע פשטות, קויפט בײַ אים זיין נאָמען פאַר אַ רובאַשקע און פאַר אַ זילבערנעם רובל, וועלכע ער גיט אים טאַקע באַלד פאַר עדות. צומאָרגנס, איז שוין סושילאָוו נישט שיכור, נאָר מען גיט אים ווידער צו טרינקען; נו, קען מען זיך דאָך נישט אָפּזאָגן: דער באַקומענער זילבערנער רובל איז שוין פאַרטרונקען, די רויטע רובאַשקע — אַ ביסל שפּעטער — אויך. ווילסט נישט? גיבזשע אָפּ דאָס געלט. און ווו זאָל סושילאָוו נעמען אַ גאַנצן זילבערנעם רובל? און נישט אָפּגעבן, וועט דער אַרטעל נייטן צו אָפּצוגעבן: דאָס ווערט אָפּגעהיטן אין אַרטעל שטרענג. דערצו נאָך, אויב דו האָסט געגעבן דיין צוזאָג — האַלט וואָרט, אויך דאָס היט דער אַרטעל אָפּ. ווען נישט, וועלן זיי צעבייסן. זיי וועלן אָנהרגע-

נען, אָדער פּשוט דערהרגענען, אַלנפאַלס שרעקן זיי מיט דעם.

וואָרים, אין אמתן, זאָל די קאָמפּאַניע דערלאָזן כאָטש איינ־מאָל אין אַזאַ פאַל צו אַ גרינגשעצונג, וועט אויך די געוועלבהייט זיך צו טוישן מיט די נעמען מוזן אונטערגיין. ווען מען וועט קענען זיך אָפּזאָגן פון דעם געגעבענעם צוזאָג און וועלן צוניסט מאַכן דעם געשלאָסענעם האַנדל, שוין האָבנדיק באַקומען דאָס געלט, — ווער־זשע וועט אים שוין דערנאָך וועלן האַלטן? מיט איין וואָרט — דאָ האָבן מיר צו טון מיט אַן אַלגעמיינער אַרטעל־זאַך, און דעריבער אויך איז די פּאַרטיע אַזוי שטרענג צו דער דאָזיקער זאַך. ענדלעך, זעט סו־שילאָוו, אַז ער וועט זיך שוין נישט אָפּבעטן, און אַנטשליסט זיך שוין איינגאַנצן איינצושטימען. מען מאַכט דאָס באַקאַנט דער גאַנצער פּאַר־טיע; נו, ווען דאָרט עס איז בייטיק, גוט מען נאָך עפּעס אויך, און צו טרינקען דערצו, אויב מען דאַרף. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז אַלץ איינס: צי מיכאַילאָוו אָדער סושילאָוו וועט גיין צום טיוול אויף די הערנער אַרויף; נו, און אַ טרינק בראָנפן געטון האָט מען אויך, באַקומען עפּעס האָט מען אויך — פאָלגלעך מאַכן זיי אויך אַ שווייג. באַלד אויפן ערשטן עטאַפּ קומט פּאָר, למשל, אַן אויסרופן פון די נעמען, עס קומט צו מיכאַילאָוון; „מיכאַילאָוו!" — סושילאָוו רופט זיך אָן: איך! „סושילאָוו!" — שרייט מיכאַילאָוו: איך! — און אַזוי גייט דאָס אַדורך. קיינער רעדט שוין אַפילו נישט מער וועגן דעם. אין טאָבאָלסק ווערן די פאַרשיקטע סאָרטירט, „מיכאַילאָוו" גייט אויף פּאָסעלעניע און „סושילאָוו" ווערט אונטער אַ פאַרשטאַרקטן קאָנוואָי אָפּגעפירט אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג. נאָכדעם איז שוין קיין שום פּראָטעסט נישט מעגלעך; וואָרים, מיט וואָס וואָלט מען דאָס זאַקע, אין אמתן, געקענט דערווייזן? און אויף וויפל יאָר וואָלט זיך אַזאַ עסק פאַרצויגן? און וואָס וואָלט ערשט דערפון געוואָרן? וווּ זיינען, ענדלעך, די עדות? זיי וועלן זיך אָפּזאָגן, אויב מען זאָל זיי שוין אַפילו יאָ געפינען. און אַזוי בלייבט שוין אין רעזולטאַט,

אַז סושילאָוו איז פֿאַר אַ זילבערנעם רובל און אַ רויטער רובאַשקע אָנגעקומען אין דער „באַזונדערער אָפּטיילונג".

די אַרעסטאַנטן האָבן געלאַכט פֿון סושילאָוון — נישט דערפֿאַר, וואָס ער האָט זיך געביטן (כאָטש צו די, וואָס ביטן זיך מיט זייער לייכטער אַרבעט אויף אַ שווערער, פֿילט מען בכלל אַ פֿאַראַכטונג, ווי צו אַלע פּלוצלינג דורכגעפֿאַלענע נאַראָנים), נאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט גענומען נישט מער ווי נאָר אַ רויטע רובאַשקע און אַ זילבערנעם רובל: שוין אַ צו נישטיקע באַלוינונג. געוויינטלעך, בייט מען זיך פֿאַר גרויסע סומעס, ווידער רעכענענדיק פֿאַרהעלטנישמעסיק. מען נעמט אַפֿילו אויך צו עטלעכע צענדליק רובל. נאָר סושילאָוו איז געווען אַזוי נאָכגיביק, אַזוי כאַראַקטערלאָז און אַזוי נישטיק אין יעדנס אויגן, אַז עס איז עפּעס אַפֿילו קיינעם נישט אויסגעקומען אַפֿילו צו לאַכן אים.

איך האָב שוין געהאַט געלעבט צוזאַמען מיט סושילאָוון אַ לאַנגע צייט, שוין עטלעכע יאָר. ביסלעכווייז האָט ער זיך זייער צוגעבונדן צו מיר; איך האָב נישט געקענט דאָס נישט באַמערקן, אַזוי, אַז אויך איך צו אים בין זייער צוגעוווינט געוואָרן. נאָר איינמאָל — איך קען מיר דאָס קיינמאָל נישט מוחל זיין, — האָט ער עפּעס נישט דערפֿילט מיינס אַ ביטע, כאָטש ער האָט נאָר וואָס געהאַט גענומען בײַ מיר געלט, און איך בין געווען אַזוי גרויזאַם אים צו זאָגן: „אָט, סושילאָוו, געלט נעמט איר, און טון, טוט איר נישט". סושילאָוו האָט נישט געענטפֿערט, איז אַוועקגעלאָפֿן באַזאָרגן מיין זאַך, נאָר איז עפּעס פּלוצלינג אומעטיק געוואָרן. עס זיינען אַוועק אַ טאָג צוויי. איך האָב געטראַכט: עס קען נישט זיין, אַז דאָס זאָל זיין צוליב מיינע ווערטער. איך האָב געוווּסט, אַז איין אַרעסטאַנט אַנטאָן וואַסיליעוו, האָט דרינגענד געפֿאָדערט פֿון אים עפּעס אַ גראָשעדיקן חוב. ער האָט אַוודאי נישט קיין געלט און האָט מורא צו בעטן בײַ מיר. אויפֿן דריטן טאָג, זאָג איך צו אים: „סושילאָוו, איר

האָט, דאַכט זיך, געוואָלט בעטן בײַ מיר געלט, פֿאַר אַנטאָן וואַסי־ ליעוון? — נאָט אײַך". איך בין געזעסן דאַמאָלס אויף די נאַרעס; סושילאָוו איז געשטאַנען פֿאַר מיר. ער איז געווען, דאַכט זיך, זייער גערירט פֿון דעם, וואָס איך האָב אים אַליין פֿאָרגעלייגט געלט, אַליין זיך דערמאַנט וועגן זײַן שווערער לאַגע, נאָך מער, צוליב דעם, וואָס ער האָט אין דער לעצטער צײַט, לויט זײַן מיינונג, גע־ האַט גענומען שוין צו פֿיל בײַ מיר, אַזוי, אַז ער איז שוין אַפֿילו נישט דרייסט געווען צו האָפֿן, אַז איך וועל אים נאָך געבן. ער האָט אַ קוק געטון אויפֿן געלט, דערנאָך אויף מיר, פּלוצלינג זיך אָפּגע־ קערט און אַרויסגעגאַנגען. דאָס אַלץ האָט מיך זייער איבערראַשט. איך בין אים נאָכגעגאַנגען און אים געפֿונען הינטער די קאַזאַר־ מעס. ער איז געשטאַנען בײַ דער טורמע־פּאַרצוימונג, מיטן פּנים צום פּלויט, צוגעדריקנדיק צו אים דעם קאָפּ און אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אים מיט דער האַנט. — „סושילאָוו, וואָס איז מיט אײַך?" — האָב איך אים געפֿרעגט. ער האָט נישט געקוקט אויף מיר, און איך האָב, צו מײַן גרויסער פֿאַרווּנדערונג, באַמערקט, אַז ער איז גרייט זיך צו צעוויינען: — „איר, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש... מיינט... — האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ ציטערדיק קול, און באַמיענ־ דיק זיך צו קוקן אין אַ זײַט, — אַז איך... פֿאַר געלט... און איך... איך... ע־ע־ע־ך!". דאָ האָט ער זיך ווידער אויסגעדרייט צום פּלויט, אַזוי, אַז ער האָט אַפֿילו אַ קלאַפּ געטון אָן אים מיטן שטערן, — און, ווי ער האָט זיך דאָס צעוויינט! דאָס ערשטע מאָל האָב איך געזען אויף קאַטאָרגע אַ מענטש וויינען. איך האָב אים קוים אײַנגעטומעט, און כאָטש ער האָט מיך פֿון דער צײַט אָן, אויב עס איז נאָר מעגלעך, נאָך געטרייער אָנגעהויבן צו באַדינען און „מיך צו היטן", דאָך האָב איך, לויט עטלעכע, כמעט אומבאַמערק־ לעכע סימנים, באַמערקט, אַז זײַן האַרץ האָט מיר נישט געקענט מוחל זײַן מײַן פֿאָרוואָרף. כאָטש אַנדערע האָבן געמעגט לאַכן פֿון

אים, חוזק געמאַכט פון אים בײַ יעדער באַקוועמער געלעגנהייט, שטאַרק אים געזידלט טײַלמאָל, — און ער האָט דאָך געלעבט מיט זיי גוט און פרײַנטלעך און קיינמאָל זיך נישט באַליידיקט. יאָ, זייער שווער איז אַמאָל צו דערקענען אַ מענטש, אפילו נאָך לאַנגע יאָרן פון באַקאַנטשאַפט!

אָט פאַרוואָס די קאַטאָרגע האָט זיך מיר נישט געקענט באַלד פון ערשטן בליק פאָרשטעלן אין איר אמתן אויסזען, ווי זי האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט שפעטער. אָט פאַרוואָס איך האָב אויך געזאָגט, אַז אויב איך האָב אפילו געקוקט אויף אַלץ מיט אַזאַ דורשטיקער, אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט, האָב איך דאָך נישט געקענט דערזען אַ סך זאַכן, וואָס האָבן זיך געפונען בײַ מיר אונטער דער נאָז. נאַטירלעך, האָבן מיך איבערראַשט אין אָנהייב דערשיינונגען גרעסערע, שטאַרק זיך אָנזעעוודיקע, נאָר אויך די, קען זײַן, זײַנען אויפגענומען געוואָרן דורך מיר נישט ריכטיק און האָבן נאָר איבערגעלאָזט אין מײַן נשמה איין שווערן האָפנונגסלאָז־אומעטיקן אײַנדרוק. זייער אַ סך האָט צוגעהאָלפן צו דעם מײַן באַגעגעניש מיט אַ—וו, אויך אַן אַרעסטאַנט, וועלכער איז אָנגעקומען אַ ביסל פריער פאַר מיר אין טורמע אַרײַן, און וועלכער האָט מיך איבערראַשט באַזונדערס מיט זײַן פּײַנלעכן אײַנדרוק אין די ערשטע טעג פון מײַן אָנקומען אויף קאַטאָרגע. איך בין, איבעריקנס, געוווויר געוואָרן נאָך פאַר מײַן אָנקומען אין טורמע אַרײַן, אַז איך וועל מיך דאָרט טרעפן מיט אַ—וו. ער האָט מיר פאַרסמט די דאָזיקע ערשטע שווערע צײַט און פאַרגרעסערט מײַנע גײַסטיקע לײַדן. איך קען נישט שווײַגן וועגן אים.

דאָס איז געווען דער עקלהאַפטסטער בײַשפּיל, צו וועלכן עס קען זיך נאָר אַראָפּלאָזן און זיך דערנידעריקן דער מענטש, און ווי ווײַט ער קען צעפּטייטן אין זיך יעדעס מאָראַלישע געפיל, אָן דער מינדסטער מי און חרטה. אַ—וו איז געווען אַ יונגער מענטש, פון

די דוואָריאַנעס, וועגן וועלכן איך האָב שוין אַביסל דערמאָנט, זאָגנ-
דיק, אַז ער האָט אָפּגעטראָגן צו אונדזער פּלאַץ-מאַיאָר אַלץ, וואָס
עס טוט זיך אין טורמע, און אַז ער איז געווען באַפרייַנדעט מיט
זיין דינער פּיעדקע.

אָט איז זיין קורצע געשיכטע:

נישט ענדיקנדיק אין ערגעץ דעם קורס און צעקריגנדיק זיך
אין מאָסקווע מיט זיינע עלטערן, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן פאַר
זיין אויסגעלאַסענער אויפפירונג, איז ער אַוועק קיין פּעטערבורג און,
כדי צו קריגן געלט, האָט ער זיך אַנטשלאָסן אויף אַ נידערטרעכ-
טיקע מסירה, דאָס הייסט, ער האָט זיך אַנטשלאָסן צו פאַרקויפן דאָס
בלוט פון צען מענטשן, כדי צו קענען וואָס שנעלער באַפרידיקן זיין
נישט געזעטיקטע תאווה צו די געמיינסטע אויסגעלאַסנסטע תענוגים,
צו וועלכע ער איז, פאַרשיכורט פון פּעטערבורג, פון אירע קאָנדי-
טאָרייען און שענקען געוואָרן אַזוי גיריק. אַז, זייענדיק אַ מענטש
נישט קיין נאַר, האָט ער דאָך ריזיקירט אָפּצוטון אַזאַ נאַרישע
און לעכערלעכע זאַך. מען האָט אים שנעל געכאַפּט; אין זיין
מסירה האָט ער אַריינגעפּלאָנטערט אומשולדיקע מענטשן, אַנדערע אָפּ-
גענאַרט, און מען האָט אים דערפאַר פאַרשיקט קיין סיביר, אין
אונדזער טורמע אַריין, אויף צען יאָר. ער איז נאָך געווען זייער יונג,
דאָס לעבן האָט זיך פאַר אים נאָר-וואָס אָנגעהויבן. עס האָט זיך
געדאַכט, אַז אַזאַ שרעקלעכע ענדערונג אין זיין גורל האָט אים גע-
דאַרפט דערשלאָגן, אַרויסרופן זיין נאַטור כאָטש אויף אַ געוויסן
ווידערשטאַנד, אויף אַ געוויסן איבערברוך. נאָר ער האָט אָן דעם
מינדסטן ווידערגעפיל אָנגענומען זיין נייעם גורל, אפילו נישט אַרויס-
געטרעטן קעגן אים מאָראַליש, נישט דערשראָקן זיך פאַר אים אין קיין
שום הינזיכט, אַ חוץ אפשר נאָר פאַר דעם „מוז" צו אַרבעטן און זיך
צו שיידן מיט די קאָנדיטאָרייען און שענקען. אים האָט זיך נאָך אפילו
געדאַכט, אַז דער נאָמען קאַטאָרזשניק האָט אים ערשט אויפגעבונד-

די הענט אויף נאָך גרעסערע געמיינהייטן און העסלעכקייטן. „אויב אַ קאַטאָרזשניק, זאָל שוין טאַקע זיין אַ קאַטאָרזשניק; אויב אַ קאַטאָרזשניק, קען מען דאָך שוין, הייסט עס, אָפּטאָן די גרעסטע געמיינהייטן און זיך אַפילו נישט שעמען" בוכשטעבלעך, דאָס איז געווען זיין מיינונג. איך דערמאָן מיך וועגן דעם דאָזיקן מיאוסן באַשעפעניש ווי וועגן אַ פענאָמען. איך האָב עטלעכע יאָר דורכגעלעבט צווישן מערדער, אויסגעלאַסנהייטן און באַוווסטע גנבים. נאָר, איך זאָג אויף זיכער, אַז איך האָב נאָך אין לעבן נישט באַגעגנט אַזאַ פאָלשטענדיקע מאָראַלישע געפאַלנקייט, אַזאַ פאָלשטענדיקע אויסגעלאַסנקייט און אַזאַ עזותדיקע נידערטרעכטיקייט, ווי אין א—ון. בײַ אונדז איז געווען אַ פאָטער-מערדער פון די דוואָריאַנעס; איך האָב שוין דערמאָנט וועגן אים; נאָר איך האָב מיך איבערצייגט פון אַ סך שטריכן און פאַקטן, אַז אַפילו דער, איז געווען אומפאַרגלייכלעך איידעלער און מענטשלעכער פאַר א—ון.

פאַר מיינע אויגן איז, אין דער גאַנצער צייט פון מיין טורמע-לעבן, א—ון געוואָרן און געווען עפעס אַ שטיק פלייש, מיט ציין און מיט אַ מאָגן, און מיט אַ נישט געשטילטער דורשט נאָך די געמיינסטע, חיהשסטע, קערפּערלעכע פאַרגעניגנס, און פאַר דער באַפרידיקונג פון דער קלענסטער און נאַרישסטער פון די דאָזיקע פאַרגעניגנס, איז ער פעיק געווען אויפן קאַלטבלוטיקסטן אופן צו דערהרגענען, דערשטעכן, מיט איין וואָרט, אויף אַלץ, אַבי די זאַך וואָלט נאָר געקענט געהיים בלייבן. איך בין גאָרנישט מגזם: איך האָב א—ון גוט דערקענט. דאָס איז געווען אַ ביישפּיל, צו וואָס עס האָט געקענט דערגיין בלויז די קערפּערלעכע זייט פון מענטש, וועלכע איז נישט געצוימט געוואָרן אינערלעך דורך קיין שום נאָרמע, דורך קיין שום געזעצלעכקייט. און ווי עקלהאַפט איז מיר געווען צו קוקן אויף זיין שטענדיק שפּאָטישן שמייכעלע. דאָס איז געווען אַ פאַרזעעניש. אַ מאָראַלישער קוואַזימאָדאָ. גוט נאָך צו צו

דעם, אַז ער איז געווען כיטרע און קלוג, גאַנץ שיין, אַ ביסל אַפילו געלערנט, געהאַט פעיִקייטן. ניין! בעסער שוין אַ שׂרפה, בעסער אַ מגפה און אַ הונגער, איידער אַזאַ מענטש אין דער געזעלשאַפט! איך האָב געזאָגט, אַז אין טורמע איז אַלץ אַזוי נידעריק געפאַלן, אַז שפּיאָנעריי און מסירות האָבן געבליט און געוואַקסן, און די אַרעסטאַנטן זיינען גאָרנישט בייז געווען אויף דעם. אדרבא, מיט א—ון זיינען זיי געווען אַלע אין גוט-פריינטשאַפט און זיך באַצויגן צו אים אַ סך פריינטלעכער, ווי צו אונדז. די ליבלעכקייטן צו אים פון אונדזער שיכורן מאַיאָר האָבן אים צוגעגעבן אין זייערע אויגן אַ וויכטיקן ווערט. צווישן אַנדערן, האָט ער פאַרזיכערט דעם מאַיאָר, אַז ער קען מאָלן פּאָרטרעטן (די אַרעסטאַנטן האָט ער פאַרזיכערט, אַז ער איז געווען אין דער גוואַרדיע אַ פּאָרוטשניק), און יענער האָט געפאָדערט, אַז מען זאָל אים אַרויסשיקן אויף אַרבעט צו אים אַהיים, אויף דעם, פאַרשטייט זיך, אַז ער זאָל מאַכן דעם מאַיאָר אַ פּאָרטרעט. דאָ טאַקע האָט ער זיך נענטער באַפריינדעט מיטן דינער פיעדקע, וועלכער האָט געהאַט אויף זיין הער אַן אויסערגעוויינטלעכן איינפלוס, און פאָלגלעך, אויך אויף אַלע און אויף אַלץ אין טורמע. א—וו האָט אונדז שפּיאָנירט אויף דער פאָדערונג פון מאַיאָר, און יענער, ווען ער פלעגט אים פּאַטשן שיכורערהייט, פלעגט ער אים זידלען, אַז ער איז אַ שפּיאָן און אַ מסור. עס פלעגט טרעפן, און גאַנץ אָפט, אַז באַלד טאַקע נאָך די פּעטש פלעגט דער מאַיאָר זיך אַוועקזעצן אויף אַ שטול און באַפעלן א—ון ער זאָל פאָרטזעצן דאָס מאָלן פון זיין פּאָרטרעט. אונדזער מאַיאָר האָט, דאַכט זיך, אין אמתן געגלייבט, אַז א—וו איז אַן אויסגעצייכנטער קינסטלער, שיער נישט קיין בריולאָוו, וועגן וועלכן אויך ער האָט געהערט, נאָר פונדעסטוועגן האָט ער זיך געהאַלטן פאַר באַרעכטיקט צו פּליאַסקען אים אין די באַקן, ווייל, פלעגט ער זאָגן, כאָטש דו ביזט אַצינד נאָך אַלץ דער אייגענער קינסטלער,

אָבער אַ קאַטאָרזשניק, און מעגסטו זיין אַזוי גרויס אַפילו
ווי בריולאָוו, בין איך דאָך דיין נאַטשאַלניק, און דעריבער, וואָס
איך וועל וועלן, וועל איך אויך טון מיט דיר. און צווישן אַנדערע
זאַכן, האָט אים אַ–וו אויך געמוזט אָראָפּציִען די שטיוול און אַרויס-
טראָגן פאַרשידענע וואַזעס פון שלאָפצימער, און דאָך האָט ער
לאַנג זיך נישט געקענט אָפּזאָגן פון דעם געדאַנק, אַז אַ–וו איז אַ
גרויסער קינסטלער. די אַרבעט אַרום דעם פּאָרטרעט האָט זיך גע-
צויגן אָן אַ סוף, כמעט אַ יאָר. ענדלעך, איז דער מאַיאָר געפאַלן אויפן
שכל, אַז מען נאַרט אים, און איבערצייגנדיק זיך אינגאַנצן, אַז דער
פּאָרטרעט פאַרענדיקט זיך נישט, נאָר פאַרקערט, אַז מיט יעדן טאָג
ווערט ער אַלץ מער און מער נישט ענלעך צו אים, איז ער בייז גע-
וואָרן, גוט אָנגעהרגעט דעם קינסטלער און אים אָפּגעשיקט אין טור-
מע אַריין און באַשטראָפט מיט שוואַרצער אַרבעט. אַ–וו, אַפּנים,
האָט דאָס באַדויערט: אי עס אים שווער געווען זיך אָפּצוזאָגן פון
די פריילעכע טעג, פון די מתּנות פון מאַיאָרס טיש, פון זיין פריינט
פיעדקין און פון אַלע תּענוגים, וועלכע זיי האָבן זיך צוגעטראַכט
אין צווייען באַם מאַיאָר אין קיך. אַלנפאַלס, האָט כאָטש דער מאַ-
יאָר, מיט דער דערווייטערונג פון אַ–וון, אויפגעהערט פאַרפאָלגן
מ–ן, דעם אַרעסטאַנט, אויף וועלכן אַ–וו האָט כסדר געמסרט, און
אָט פאַרוואָס: מ. איז אין דער צייט, ווען אַ–וו איז אָנגעקומען אין
טורמע אַריין, געווען איינער אַליין. עס איז אים זייער אומעטיק גע-
ווען; ער האָט נישט געהאַט קיין שום געמיינזאַמס מיט די איבע-
ריקע אַרעסטאַנטן, ער האָט געקוקט אויף זיי מיט שרעק און עקל,
נישט באַמערקט און פאַרזען אין זיי אַלץ, וואָס וואָלט געקענט ווירקן
אויף אים פון דער גוטער זייט, און זיך נישט צונויפגעקומען מיט זיי.
יענע האָבן אים געצאָלט מיט דער זעלבער פיינטשאַפט. בכלל איז די
לאַגע פון מענטשן, וועלכע זיינען ענלעך צו מ–ן, אין טורמע שרעק-
לעך. די סיבה, צוליב וועלכער אַ–וו, איז אַריינגעפאַלן אין טור-

מע, איז געווען מ—ן באַקאַנט. אַ—וו ווידער, פאַרשטייענדיק מיט וועמען ער האָט דאָ צו טון, האָט אים באַלד פאַרזיכערט, אַז ער איז פאַרשיקט געוואָרן פאַר אַ זאַך, וואָס איז אינגאַנצן דער היפך פון אַ מסירה, כמעט פאַר דעם זעלבן, פאַר וועלכן עס איז פאַרשיקט געוואָרן מ. מ. האָט זיך שרעקלעך דערפריידט מיט דעם חבר, מיט דעם פריינט. ער האָט אים אָפגעהיטן, געטרייסט אים אין די ערשטע טעג קאַטאָרגע, רעכענענדיק, אַז ער מוז שטאַרק ליידן, ער האָט אים אַוועקגעגעבן זיין לעצט געלט, געקאָרמיעט אים, געטיילט זיך מיט אים מיט די בייטיקסטע זאַכן. נאָר אַ—וו האָט אים באַלד פיינט געקריגן, און טאָקע דערפאַר, וואָס ער איז געווען איידל, דערפאַר, וואָס ער האָט מיט אַזאַ שרעק געקוקט אויף יעדער געמיינהייט, דערפאַר טאָקע, וואָס ער איז אינגאַנצן נישט געווען ענלעך צו אים, און אַלץ, וואָס מ. האָט אים, אין די פריערדיקע געשפרעכן, איבערגעגעבן וועגן דער טורמע און וועגן מאַיאָר, דאָס אַלץ האָט אַ—וו געאיילט, באַ יעדער געלעגנהייט, איבערצוגעבן דעם מאַיאָר.

דער מאַיאָר האָט שרעקלעך פיינט געקריגן אַ—ון; און ווען נישט דער איינפלוס פונם קאָמענדאַנט, וואָלט ער אים געברענגט צו אַן אומגליק. אַ—וו ווידער, נישט נאָר וואָס ער האָט זיך נישט פאַרשעמט, ווען מ. איז דערנאָך געוווּיר געוואָרן וועגן זיין געמיינהייט, נאָר ער האָט נאָך אַפילו ליב געהאַט זיך צו טרעפן מיט אים און מיט אַ שמייכעלע צו קוקן אויף אים. דאָס האָט אים אַפנים פאַרשאַפט פאַרגעניגן. אויף דעם האָט מיר עטלעכע מאָל אָנגעוויזן מ. אַליין. דאָס דאָזיקע געמיינע באַשעפעניש איז דערנאָך אַנטלאָפן מיט איין אַרעסטאַנט און מיט אַ קאָנוואָי, נאָר וועגן דעם וועל איך דערציילן שפעטער. ער האָט זיך אין אָנהייב צו מיר אויך צוגעלעקט, מיינענדיק, אַז איך האָב נישט געהערט וועגן זיין געשיכטע. איך חזר איבער, ער האָט מיר פאַרסמט די ערשטע טעג פון מיין קאַטאָרגע און זיי מיר נאָך מער פאַרמיאוסט אַפילו פאַר

דער דאָזיקער שרעקלעכער געמיינהייט און נידערטרעכטיקייט, אין וועלכער מען האָט מיך אַריינגעוואָרפן, צווישן וועלכער איך האָב מיך פּלוצלינג דערזען. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָ איז אַלץ אַזוי געמיין און נידעריק! נאָר איך האָב אַ טעות געהאַט: איך האָב געאורטיילט וועגן אַלע לויט אַ—וון.

אין די דאָזיקע דריי טעג, האָב איך מיך אַרומגעשלעפּט אין גרויס אומעט איבער דער טורמע, בין געלעגן אויף די נאַרעס, האָב אַוועקגעגעבן אַ בעסערן אַרעסטאַנט, וואָס איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן דורך אַקים אַקימיטשן, צו נייען, פון דער מיר ארויסגעגעבענער קאַזיאָנער לייוונט, העמדער. פאַרשטייט זיך פאַר געצאָלטס (צו עטלעכע גראָשן פון אַ העמד), האָב מיר געשאַנט, לויט דער דרינגענדער עצה פון אַקים אַקימיטשן אַן איינלייג־מאַטראַצל (פון וואָילאָק, אַרומגענייט מיט לייוונט), זייער אַ דינס, ווי אַ לאַטקע, און אַ קישן, אָן אָנגעשטאָפּטס מיט האָר, אויף וועלכן עס איז מיר זייער האַרט געווען, פון נישט געוווינהייט. אַקים אַקימיטש האָט שטאַרק געזאָרגט וועגן איינאָרדנען מיר די אַלע זאַכן און האָט אַליין אַנטייל גענומען אין דעם. מיט זיינע אייגענע הענט האָט ער מיר אויפגעבייט אַ קאָלדרע פון שטיקלעך אַלטן קאַזיאָנעם טוך, וואָס ער האָט אויסגעקליבן פון די צעריסענע הויזן און רעקלעך, וועלכע איך האָב געקויפט באַ אַנדערע אַרעסטאַנטן, — קאַזיאָנע זאַכן זיינען, נאָך דעם טערמין פון טראָגן זיי, געבליבן דאָס אייגנטום פון אַרעסטאַנט. זיי פלעגן באַלד פאַרקויפט ווערן דאָ טאַקע אין טורמע, און ווי אָפּגעטראָגן די זאַך זאָל נישט געווען זיין, האָט זי דאָך געהאַט די האָפּנונג פאַרקויפט צו ווערן פאַר אַ וואָסער נישט איז פּרייז. דאָס אַלץ האָט מיך אין אָנהייב שטאַרק פאַרוווּנדערט. בכלל, איז דאָס געווען די צייט פון מיין ערשטן באַגעגעניין זיך מיטן המון. איך אַליין בין אויך פּלוצלינג געוואָרן אַזאַ פּראָסטער, אַ־אַ קאַטאָרזשנער, פּונקט ווי זיי, זייערע געוווינהייטן, באַגריפן, מיינונגען, זיטן — זיינען גע-

חזרן איך מיינע, לכל הפחות, לויט דער פאָרם, לויטן געזעץ. כאָטש אין תוך בין איך נישט איינשטימיק געווען מיט זיי. איך בין געווען פאַרוווּנדערט און איבערגעשראָקן, פּונקט, ווי איך וואָלט מיר נישט געהאַט פאָרגעשטעלט פריער דאָס אַלץ און געהערט וועגן אַלעם, כאָטש איך האָב דאָס אַלץ אי שוין געוווּסט, אי געהאַט געהערט. נאָר די ווירקלעכקייט מאַכט אינגאַנצן אַן אַנדערן איינדרוק, ווי דאָס וויסן און הערן. צו האָב איך מיר געקאָנט, למשל, פריער כאָטש פאָרשטעלן, אַז אַזעלכע זאַכן, אַזעלכע אַלטע אָפּגעטראָגענע שמאַטעס קענען זיך רעכענען אויך פאַר זאַכן? — און אָט האָב איך דאָך מיר אויפגעגעבן פון די דאָזיקע אַלטע זאַכן אַ קאָלדרע! עס איז אויך שווער געווען זיך פאָרצושטעלן, פון וואָס פאַר אַ סאָרט עס איז געווען דער טוך, וואָס איז באַשטימט געווען אויף די אַרעסטאַנטן-קליידער. פון אויסזען, איז עס טאַקע, אין אמתן, ווי ענלעך געווען אויף טוך, דיק, זעלנעריש; נאָר קוים איז עס נאָר אַ ביסל אָפּגעטראָגן געוואָרן, האָט עס זיך באַלד פאַרוואַנדלט ווי אין אַ סיטש און זיך שרעקלעך צעריסן. איבעריקנס, דאָס טוכענע אָנטוּן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אויפן טערמין פון אַ יאָר, נאָר מיט דעם טערמין איז שווער געווען זיך אַן עצה צו געבן. דער אַרעסטאַנט אַרבעט, טראָגט אויף זיך משאות, דאָס מלבוש רייבט זיך אויס און ווערט שנעל צעלעכערט. די פעלצן ווידער זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אויף דריי יאָר און געוויינטלעך האָבן זיי געדינט אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט אי אַלס מלבוש, אי אַלס צודעק, אי אַלס אונטערלאָג. נאָר די פעלצן זיינען שטאַרקע, כאָטש עס איז אויך קיין זעלטנהייט נישט געווען צו זען אויף עמעצן, אין סוף פון דריטן יאָר, דאָס הייסט, ביַם פאַרענדיקן דעם טערמין פון טראָגן אַ פעלץ, אַ פאַרלאַטעטן מיט פּראָסטער לייוונט. נישט קוקנדיק אויף דעם, זיינען, אַפילו שוין זייער אָפּגעטראָגענע, נאָכן פאַרענדיקן זייער באַשטימטן טערמין, פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ קאָפּעקעס פערציק

אין זילבער. טייל אָבער, וועלכע זיינען כאַרבליבן גאַנץ, זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר זעקס אָדער אַפילו זיבן צוואַנציקלעך אין זילבער. אויף קאַטאָרגע האָט דאָס געהייסן אַ סך געלט.

געלט ווידער, — איך האָב שוין גערעדט וועגן דעם, — האָט געהאַט אין טורמע אַ שרעקלעכע באַדייטונג, אַ מאַכט. מען קען באַשטימט זאָגן, אַז דער אַרעסטאַנט, וועלכער האָט געהאַט כאָטש אַ ביסל געלט אויף קאַטאָרגע, האָט צען מאָל ווייניקער געליטן, ווי דער, וועלכער האָט אינגאַנצן גאָרנישט געהאַט, כאָטש דער צווייטער איז אויך פאַרזאָרגט געווען מיט אַלץ פון דער רעגירונג, און צו וואָס וואָלט אים, דאַכט זיך, געדאַרפט געלט? — אַזוי האָט געטראַכט אונדזער נאַטשאַלסטווע. דאָך, חזר איך איבער נאָך אַמאָל, אַז אויב די אַרעסטאַנטן וואָלטן אָנגעוווירן יעדע מעגלעכקייט צו האָבן אייגן געלט, וואָלטן זיי, אָדער משוגע געוואָרן, אָדער אויסגעשטאָרבן, ווי די פליגן (נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי זיינען געווען מיט אַלעם פאַרזאָרגט), אָדער, ענדלעך, זיך אַריינגעלאָזט אין די אומערהערטסטע פאַרברעכנס — טייל פון אומעט, אַנדערע ווידער, כדי וואָס שנעלער באַשטראָפט צו ווערן און אומגעבראַכט צו ווערן, אָדער, ווי עס איז, „איבערצובייטן דעם גורל” (אַ טעכנישער אויסדרוק). אויב אָבער דער אַרעסטאַנט, באַקומענדיק, כמעט מיט בלוטיקן שווייס, זיין קאָפּעקע אָדער באַשליסנדיק זיך, כדי זי צו ערווערבן, אויף אומגעוויינטלעכע כיטרעקייטן, וואָס זיינען אָפט פאַרבינדן מיט גנבות און שווינדלערייען, פאַרשווענדט זי, אין דער זעלבער צייט, אַזוי אומבאַרעכנט, מיט אַזאַ קינדערישער לייכטזיניקייט, דערוויזט דאָס נאָך גאָרנישט, אַז ער שעצט זי נישט, כאָטש עס וואָלט אַפילו פון ערשטן בליק אַזוי אויסגעזען. אויף געלט איז דער אַרעסטאַנט גיריק ביז קרענקלעכקייט, ביז משוגעת. און אויב ער וואַרפט זיך אַפילו דערמיט, ווי מיט שפּענדלעך, ווען ער שיכורט, וואַרפט ער זיך דערמיט דערפאַר, ווייל ער גיט עס אויס אויף אַ

זאַך, וואָס שטייט בא אים נאָך מיט איין שטאַפּל העכער פאַר געלט.
וואָס זשע שטייט באַם אַרעסטאַנט העכער פאַר געלט? די פרייהייט, אָדער א וואַסער נישט איז כאָטש פאַרשטעלונג וועגן דער פרייהייט.
און די אַרעסטאַנטן זיינען גרויסע פאַנטאַזיאָרן. וועגן דעם וועל איך שפּעטער עפּעס דערציילן, נאָר אַז עס איז געקומען צום וואָרט, צי וועט מען גלייבן, אז איך האָב געזען פאַרשיקטע אויף אַ צוואַנציק-יעריקן טערמין, וועלכע האָבן גרויסגערעדט צו מיר אליין, זייער רויק, אַזעלכע, למשל, פראַזן:
— וואַרט נאָר צו, גאָט וועט געבן, איך וועל ענדיקן דעם טערמין, און דאַמאָלס ..
די גאַנצע באַדייטונג פון דעם וואָרט „אַרעסטאַנט" איז דאָך — מענטש אָן ווילן, און פאַרשווענדנדיק געלט, האַנדלט ער דאָך שוין לויט זיין אייגענעם ווילן. נישט קוקנדיק אויף קיין שום שטעמפּלען, קייטן און די פאַרהאַסטע סלופּעס פון טורמע-פּאַרקן, וואָס פאַרשטעלן אים גאָטס וועלט און צוימען אים אַרום, ווי אַ חיה אין אַ שטייג, — קען ער דאָך קריגן בראָנפן, דאָס הייסט, זיך פאַר-שאַפן אַ שרעקלעך פאַרבאָטן פאַרגעניגן, באַניצן זיך מיט בראָנפן, אַפילו טיילמאָל (כאָטש נישט שטענדיק) איבערקויפן די נאָנטסטע נאַטשאַלניקעס, אינוואַלידן און אַפילו די אונטער-אָפיצירן, וועלכע וועלן דורך די פינגער קוקן אויף דעם, וואָס ער ברעכט אָפּ פון געזעץ און דיסציפּלין, נאָך מער, ער קען זיך אַפילו אַ ביסל פרייערלעך מאַכן איבער זיי, און זיך פרייערלעך מאַכן איבער עמעצן האָט דער אַרעסטאַנט שרעקלעך ליב, דאָס הייסט, זיך פאָרשטעלן פאַר די חברים און איבערצייגן זיך אַליין כאָטש אויף אַ צייט, אַז ער האָט אַ סך מער ווילן און מאַכט, ווי עס דאַכט זיך, — מיט איין וואָרט — ער קען זיך אָנהוליען, אָנקריגן, שטאַרק באַליידיקן עמעצן, מאַכן צו אַש און ערד און דערווייזן, אַז דאָס אַלץ קען ער, אַז דאָס אַלץ איז אין „אונדזערע הענט", דאָס הייסט, איבערצייגן זיך אין

דעם, וועגן וועלכן דער אָרעמער קען אַפילו קיינמאָל קיין טראכט נישט טון. אַזוי איז דאָס: אָט פאַרוואָס, קען זיין, עס באַגערט זיך אויך בײַ די אַרעסטאַנטן, אַפילו אין ניכטערנעם צושטאַנד, די אַל-געמיינע נייגונג זיך גרויס צו האַלטן, צו באַרימען, צו דערהייבן כמעט ביז נאַיוועטעט און קאָמיזם די אייגענע פּערזענלעכקייט, מעג דאָס זיין בלויז אַן איינרעדעניש. אַחוץ דעם, איז דאָך דאָס האַלטן פאַר-בינדן מיט אַ געוויסער ריזיקע, — הייסט דאָך, אַז דאָס אַלץ האָט כאָטש אַ געוויסע פאָרשטעלונג פון פרייהייט אין זיך. און וואָס ווערט נישט אַוועקגעבן פאַר פרייהייט? וועלכער מיליאָנער, ווען מען וואָלט אים געהאַט צוגעבונדן מיט אַ פּעטלע דעם האַלדז, וואָלט דאָס נישט אַוועקגעגעבן אַלע זיינע מיליאָנען כאָטש פאַר איין שלונג לופט?

עס וווּנדערן זיך טיילמאָל די נאַטשאַלניקעס, וואָס — אָט האָט זיך אַ געוויסער אַרעסטאַנט געלעבט עטלעכע יאָר אַזוי רויק, אַזוי מוסטערהאַפט, אַז מען האָט אים אַפילו פאַר אַ דעסיאַטניק *) גע-מאַכט פאַר זיין אויסגעצייכנטער אויפפירונג, און פּלוצלינג, נישט צו וויסן פון וואַנען און פון וואָס — פּונקט ווי עס וואָלט אין אים אַ טייוול אַריין, — האָט ער זיך אַ צעלאָזט געטון, אַ צעהוליע גע-טון, זיך אויסגעזידלט מיט יעדן, און טיילמאָל אַפילו נאָך אויפן גרעסטן פאַרברעכן ריזיקירט: אָדער אויף אַן עפנטלעכער באַליידי-קונג קעגן דער העכערער נאַטשאַלסטוואָ, אָדער ער האָט דערהרגעט עמעצן, אָדער געשענדעט און אַזוי ווייטער. מען קוקט אויף אים און מען וווּנדערט זיך. און דערווייל, קען זיין, אַז די גאַנצע סיבה פון דעם פּלוצלינגן אויסברוך פון דעם דאָזיקן מענטש, פון וועלכן מען האָט ווייניקער פון אַלץ געקענט דאָס דערוואַרטן — איז אַ פיינלעך, פּלאַטשדיק אויפברויזן פון זיין פּערזענלעכקייט, די אינ-סטינקטיווע בענקשאַפט נאָך זיך אַליין, דער פאַרלאַנג זיין אַרויסצו-

---

*) אַן עלטסטער איבער צען פערזאָן.

זייזן, צו לאָזן פילן די אייגענע דערנידעריקטע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט און דערגאַנגען ביז צאָרן, ביז ווילדקייט, ביז משוגעת, ביז קאָנוולסיע, ביז פלאַטערניש. אַזוי, קען זיין, קלאַפּט אַ לעבעדיק־באַגראָבענער, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט, אין דעק פון זיין אָרון און מאַטערט זיך זי אַראָפּצוּוואַרפן, כאָטש דער פאַרשטאַנד וואָלט אים, פאַרשטייט זיך, געקענט איבערציַיגן, אַז אַלע זיינע אָנשטרענגונגען וועלן בלייבן אומזיסטע. נאָר דאָס איז דאָך די גאַנצע זאַך, וואָס דאָ אַרבעט שוין נישט דער פאַרשטאַנד: דאָס איז שוין בלויז אַזאַ פלאַטערניש, מיר וועלן נאָך נעמען אין אַכט, אַז כמעט יעדער פרייער אויסדרוק פון פּערזענלעכקייט באַם אַרעסטאַנט ווערט גערעכנט פאַר אַ פאַרברעך, און אין דעם פאַל איז אים שוין נאַטירלעך אַלץ איינס, צי אַ גרויסער, צי אַ קליינער פאַרברעך. אויב הוליען — זאָל שוין טאַקע זיין געהוליעט, אויב ריזיקירן — זאָל שוין טאַקע זיין ריזיקירט אויף אַלץ, אַפילו אויף אַ מאָרד. און עס איז דאָך נאָר גענוג אָנצוהייבן: דער מענטש ווערט שוין דערנאָך פאַרשיכּורט, ער וועט זיך שוין אַפילו נישט קענען איינהאַלטן! און דעריבער, וואָלט אַ סך בעסער געווען, נישט צו דערפירן צו דעם. עס וואָלט פאַר אַלע געזונטער געוועז.

יאָ; נאָר ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

## VI.

# דער ערשטער חודש.

באַם אַרייַנטרעטן אין טורמע, האָב איך געהאַט אַ ביסל געלט; באַ זיך האָב איך געהאַט נישט קיין סך, אויס מורא. מען זאָל עס מיר נישט צונעמען, נאָר אויף יעדן פאַל, איז עס געווען באַהאַלטן, דאָס הייסט, אייַנגעבונדן אין דער באַנד פון דער עוואַנגעליע, וועלכע מען האָט געקענט מיטנעמען אין טורמע אַריין, עטלעכע רובל. דאָס בוך, מיט דעם דערין אייַנגעקלעבטן געלט, האָבן מיר געשענקט נאָך אין טאָבאָלסק די, וועלכע האָבן געליטן דאָרט אויך אַלס פאַרשיקטע שוין צענדליקער יאָרן, און זייַנען דאָ געוווינט געווען צו זען אין יעדן אומגליקלעכן זייערס אַ ברודער. עס זייַנען דאָ, און הערן נישט אויף צו זייַן, אין סיביר אַזעלכע מענטשן, וועלכע שטעלן זיך, דאַכט זיך, פאַר דעם ציל פון זייער לעבן דאָס ברידערלעכע אַרומגיין אַרום די „אומגליקלעכע", דאָס מיטלייַדן און מיטפילן מיט זיי, ווי מיט אייגענע קינדער, אינגאַנצן אָן דעם מינדסטן נוץ פאַר זיך, הייליק. איך קען נישט דערמאַנען דאָ כאָטש אין קורצן איין באַגעגעניש. אין דער שטאָט, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען אונדזער טורמע, האָט געוווינט איין פרוי, נאַסטאַסיע איוואַנאָוונאַ, אַן אלמנה. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער פון אונדז האָט די גאַנצע צייט פון זייַן פאַרברענגען אין טורמע, זיך נישט געקענט באַקענען מיט איר פערזענלעך. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט פאַר דער באַשטימונג פון איר לעבן אויסגעקליבן דאָס העלפן די פאַרשיקטע, נאָר

מער ווי פאַר אַלע האָט זי געזאָרגט פאַר אונדז. צי איז אַמאָל פאָר־
געקומען אין איר פאַמיליע אַזאַ ענלעך אומגליק, אָדער עס האָט
עמעצער פון די, וואָס זיינען באַזונדערס טייער און נאָענט געווען איר
האַרץ, געליטן אַמאָל צוליב אַזאַ פאַרברעך? זי האָט עפּעס, ווי פאַר
אַ באַזונדער גליק געהאַלטן דאָס טון פאַר אונדז אַלץ, וואָס זי האָט
נאָר געקענט. קיין סך האָט זי, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט; זי
איז געווען זייער אָרים, נאָר מיר, זיצנדיק אין טורמע, האָבן געפילט,
אַז דאָרטן, אויף יענער זייט טורמע, האָבן מיר זייער אַן איבערגע־
געבענעם פריינט. צווישן אַנדערע זאַכן, האָט זי אונדז אויך אָפט
איבערגעגעבן ידיעות, אין וועלכע מיר האָבן זיך זייער גענייטיקט.
אַרויסקומענדיק פון טורמע און אַוועקלאָזנדיק זיך אין אַן אַנדערער
שטאָט אַריין, האָב איך באַוויזן צו זיין באַ איר און זיך צו באַקע־
נען מיט איר פּערזענלעך. זי האָט געוווינט ערגעץ אויף דער פאָר־
שטאָט באַ איינעם פון אירע נאָענטע קרובים. זי איז געווען נישט
אַלט און נישט יונג, נישט שיין און נישט מיאוס; מען האָט אפילו
נישט געקענט דערקענען צי זי איז קלוג, צי געלערנט? עס האָט
זיך באַמערקט אין איר, אויף יעדן טריט, נאָר אַן אומענדלעכע גוטס־
קייט, אַן אומבאַזיגבאַרער פאַרלאַנג צופרידן צו שטעלן, צו פאַר־
לייכטערן, צו טון פאַר אייך אומבאַדינגט עפּעס־וואָס אָנגענעמס.
דאָס אַלץ האָט דייטלעך אַרויסגעקוקט פון אירע גוטע בליקן. איך
האָב פאַרבראַכט באַ איר צוזאַמען מיט נאָך איינעם פון מיינע
טורמע־חברים כמעט אַ גאַנצן אָוונט. זי האָט אונדז אַזוי געקוקט
אין די אויגן אַריין, געלאַכט, ווען מיר האָבן געלאַכט, געאיילט
איינצושטימען מיט אונדז אין אַלעם, וואָס מיר האָבן נאָר געזאָגט;
זיך באַמיט אונדז מכבד צו זיין מיט וואָס זי האָט נאָר געקענט.
מען האָט דערלאַנגט טיי, צו פאַרבייסן, אַזעלכע זיסוואַרג, און ווען
י וואָלט געהאַט טויזנטער, וואָלט זי זיך, דאַכט זיך, געפריידט נאָר
דערפאַר, וואָס זי וואָלט אונדז געקענט בעסער צופרידן שטעלן

און פֿאַרלײַכטערן אונדזערע חברים, וואָס זײַנען נאָך איבערגעבליבן אין טורמע. געזעגענענדיק זיך, האָט זי אונדז געגעבן צו פּאַפּיראָסן-פּושקעס אַלס אָנדענק. די פּאַפּיראָסן-פּושקעס האָט זי אַליין געהאַט צונויפֿגעקלעפּט פֿאַר אונדז פֿון קאַרדאָן (אײן גאָט ווייס, ווי אַזוי זיי זײַנען צונויפֿגעקלעפּט געוואָרן), זי האָט זיי באַקלעפּט מיט קאָלירט פּאַפּיר, פּונקט מיט אַ זעלכן, מיט וועלכן מען באַקלעפּט קורצע אַריטמעטיקעס פֿאַר די קינדער-שולן (און, עס קען זײַן, אַז זי האָט טאַקע פֿאַרנוצט אַזאַ אַריטמעטיק אויף אַרומצוקלעפּן זיי). פֿאַר שײנקייט וועגן זײַנען בײדע פּאַפּיראָסן-פּושקעס געווען אַרומגעקלעפּט מיט אַ דין קענטל גאָלד-פּאַפּיר, נאָך וועלכן זי איז, אוודאי, אומישנע געגאַנגען אין די געוועלבן אַרײַן. „אָט, איר רויכערט דאָך פּאַפּיראָסן, וועט דאָס אײַך, אפשר, צונויץ קומען", האָט זי געזאָגט, ווי זי וואָלט זיך פֿאַרשעמט, אַנטשולדיקט פֿאַר אונדז פֿאַר איר מתנה... טייל זאָגן (איך האָב וועגן דעם געהערט און געלייענט), אַז די גרעסטע ליבע צום גאַנצן איז אײנצײַטיק אויך דער גרעסטער עגאָיזם. וואָס פֿאַר אַן עגאָיזם עס האָט געקענט זײַן אין איר האַנדלונג, — קען איך בשום אופֿן נישט פֿאַרשטיין.

כאָטש איך האָב באַם אַרײַנגיין אין טורמע גאָרנישט געהאַט קיין סך געלט, דאָך האָב איך עפּעס נישט געקענט דעמאָלס ערנסט בייז זײַן אויף די קאַטאָרזשניקעס, וועלכע זײַנען, כמעט אין די ערשטע שעהן פֿון מײַן טורמע-לעבן, האָבנדיק מיך שוין אײנמאָל אָפּגענאַרט, ווידער זייער נאַיוו געקומען צום צווייטן, צום דריטן און אַפֿילו צום פֿינפֿטן מאָל באָרגן בײַ מיר. נאָר אין אײנעם מוז איך מיך אָפֿנהאַרציק מודה זײַן: עס האָט מיך זייער פֿאַרדראָסן, וואָס דער דאָזיקער גאַנצער עולם, מיט זײַנע נאַיווע כיטרעקייטן, האָט מיך אומבאַדינגט געמוזט האַלטן, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, פֿאַר אַ נאַר און אַ שוטה, און האָט געמוזט לאַכן פֿון מיר, טאַקע דערפֿאַר, וואָס איך האָב זיי צום פֿינפֿטן מאָל געגעבן געלט. זיי האָט זיך אומבאַדינגט

געמוזט דאַכטן, אַז איך פאַרשטיי מיך נישט אויף זייערע אָפּנאַרערייען און כיטרעקייטן, און פאַרקערט, אויב איך וואָלט זיי געווען אָפּגעזאָגט און אָפּגעטריבן פון מיר, בין איך איבערצייגט, אַז זיי וואָלטן מיך געווען אָנגעהויבן אומפאַרגלייכלעך מער צו אַכטן. נאָר ווי דאָס האָט מיך נישט פאַרדראָסן, האָב איך זיי דאָך אָפּזאָגן נישט געקענט. און פאַרדראָסן האָט מיך דערפאַר, וואָס איך האָב ערנסט און פּליי־סיק געטראַכט, אין די דאָזיקע ערשטע טעג, ווי אַזוי און אין וואָס פאַר אַ באַציִונגען איך דאַרף זיין מיט זיי. איך האָב געפילט און פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע גאַנצע סביבה איז פאַר מיר אינגאַנצן ניי, אַז איך געפין מיך ווי אין אַ פינסטערניש, און אַז אין אַזאַ פינסטערניש וועט נישט מעגלעך זיין דורכצולעבן אַזוי פיל יאָרן. מען האָט זיך געדאַרפט צוגרייטן. פאַרשטייט זיך, איך האָב באַשלאָסן, אַז פריִער פאַר אַלץ דאַרף מען האַנדלען כּשוּט, ווי דאָס אינערלעכע געפיל און דאָס געוויסן דיקטירן. נאָר איך האָב אויך געוווּסט, אַז דאָס איז נאָר אַן אַפאָריזם, און אַז מיר וועט ענדלעך אַנטקעגנקומען די אומדערוואַרטעטסטע פּראַקטיק.

און דערפאַר, נישט קוקנדיק אויף אַלע קליינע דאגות וועגן מיין איינאָרדנען זיך אין קאַזאַרמע, וועגן וועלכע איך האָב שוין דערמאַנט און אין וועלכע עס האָט מיך, לויט זיין חזקה, אַריינגעצויגן אַקים אקימיטש, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס זיי האָבן מיך אויך אַ ביסל צעשטרייט, — האָט דאָך אַ שרעקלעכער, גיפטיקער אומעט אַלץ מער און מער מיך געפּייניקט. „אַ טויט הויז!", האָב איך מיר אַליין געזאָגט, צוקוקנדיק זיך טיילמאָל צווישן טאָג און נאַכט, פון אונדזער קאַזאַרמע, צו די אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן זיך שוין צונויפגעזאַמלט פון דער אַרבעט און זיך פּויִל אַרומגעשלעפּט איבערן פּלאַץ פון טורמע־הויף: פון די קאַזאַרמעס אין קיך אַריין און צוריק. איך האָב מיך צוגעקוקט צו זיי, און לויט זייערע פּנימער און באַוועגונגען זיך באַמיט צו דערגיין, וואָס פאַר אַ מענטשן דאָס זיינען און

וואָס פאַר אַ כאַראַקטערן זיי האָבן? זיי האָבן זיך געדרייט פאַר מיר
מיט אָנגעכמאַרעטע שטערנס, אָדער גאָר שוין צופיל פריילעכע (די
דאָזיקע צוויי אַרטן מענטשן באַגעגענען זיך צום מערסטן און זיינען
כמעט די כאַראַקטעריסטיק פון דער קאַטעגאָריע), זיי האָבן זיך געזידלט
אָדער, גלאַט אַזוי, גערעדט צווישן זיך, אָדער, ענדלעך, זיך ארומ-
שפּאַצירט איינציקווייז, ווי אין פאַרטראַכטקייט, שטיל, רויִק, טייל מיט
אַ מידן און אַפּאַטישן אויסזען, טייל (אַפילו דאָ!) — מיט אַן אָנ-
בליק פון פאַרישעגעם שטאָלץ, מיט די היטלען אויף דער זייט, מיט
די פּעלצלעך אויף די אַקסלען אויפגעהאָנגען, מיט אַ חוצפּהדיקן, כיט-
רען בליק און עזותדיקן שמייכעלע. דאָס אַלץ איז מיין סביבה, מיין
איצטיקע וועלט — האָב איך געטראַכט, — מיט וועלכער איך וועל
מוזן, צי איך וועל יאָ וועלן צי נישט וועלן, לעבן... איך האָב געפּרוּווט
באַכפּרעגן און געוווּיר ווערן וועגן זיי בײַ אַקים אַקימיטשן, מיט וועלכן
איך האָב זייער ליב געהאַט צו טרינקען טיי, כדי נישט צו זיין אַליין.
אגב וועל איך זאָגן, אַז ניי, איז אין דער דאָזיקער ערשטער צייט גע-
ווען כמעט מיין איינציקע שפּייז. פון טיי האָט זיך אַקים אַקימיטש נישט
אָפּגעזאָגט, און ער האָט אַליין אויפגעשטעלט אונדזער קאָמישן, אַליין
געמאַכטן, קליינעם סאַמאָוואַר פון בלעך, וועלכן עס האָט מיר גע-
באָרגט אויף דערווייל מ. אַקים אַקימיטש האָט אויסגעטרונקען גע-
וויינטלעך איין גלאָז (ער האָט געהאַט אויך גלעזער), ער האָט אויס-
געטרונקען שטילשווייגנדיק און פיין, צוריקגעגעבנדיק עס מיר, געדאַנקט,
און באַלד זיך גענומען מאַכן מיין קאָלדרע. נאָר דאָס, וואָס איך
האָב געדאַרפט געוווּיר ווערן — האָט ער מיר זאָגן נישט געקענט
און אַפילו נישט פאַרשטאַנען, צוואָס איך אינטערעסיר מיך אַזוי
באַזונדערס מיט די כאַראַקטערן פון די, וואָס רינגלען אונדז אַרום און
פון די אונדז נאָענטע קאַטאָרזשניקעס, און ער האָט מיך אויסגע-
הערט אַפילו מיט עפּעס אַזאַ כיטרע שמייכעלע, וואָס איז מיר שטאַרק
געבליבן אין זכרון. ניין, עס ווייזט אויס, מען דאַרף אַליין מיט

אַלעם זיך באַקענען, און נישט נאָכפרעגן, האָב איך געטראַכט.

אויפן פירטן טאָג האָבן זיך אויך אַזוי, ווי יענעם מאָל, ווען איך בין מיך געגאַנגען איבערשמידן, אויסגעשטעלט באַלד אינדערפרי די אַרעסטאַנטן, אין צוויי רייען, אויפן קליינעם פּלאַץ פאַר דער הויכט-וואַך, בא די טורמע-טויערן. פון פאָרנט, מיטן פּנים צו זיי, און פון הינטן — האָבן זיך צעשטעלט די סאָלדאַטן, מיט אָנגעלאָדענע ביקסן און מיט אַרויפגעזעצטע באַגנעטן. דער סאָלדאַט האָט דאָס רעכט צו שיסן צום אַרעסטאַנט, ווען יענעם וואָלט איינגעפאַלן צו אַנטלויפן פון אים; נאָר אין דער זעלבער צייט איז ער אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיין שאָס, ווען ער וואָלט אים געטון נישט אין פאַל פון אַ שוין באמת גרויסער נויטווענדיקייט; דאָס זעלבע איז אויך אין פאַל פון אַן עפנטלעכן בונט פון די קאַטאָרזשניקעס; נאָר וועמען וואָלט עס איינגעפאַלן צו אַנטלויפן עפנטלעך? עס זיינען אָנגעקומען דער אינזשיניער-אָפיציר, דער קאָנדוקטאָר און אויך די אינזשיניער-אונטער-אָפיצירן און די סאָלדאַטן, די פּריסטאַוון איבער דער אַרבעט. מען האָט געמאַכט אַן אויסרוף; אַ טייל אַרעסטאַנטן, וואָס זיינען געגאַנגען אין די שוואַלניעס אַריין, זיינען אַוועקגעגאַנגען פריער פאַר אַלע; איבער זיי האָט די אינזשיניער-באַטשאַלסטוואָ נישט געהאַט צו זאָגן; זיי האָבן געאַרבעט אַליין אויף דער טורמע און זי באַנייט. דערנאָך האָט מען צעשיקט אין די ווערקשטעלן, און דערנאָך ערשט אויך צו דער געוויינטלעכער שוואַרצער אַרבעט. צוזאַמען מיט דער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ מענטשן צוויי און צוואַנציק אַרעסטאַנטן, בין אַוועק אויך איך. נאָך דעם פעסטונג, אויפן פאַרפרוירענעם טייך, האָבן זיך געפונען צוויי קאַזשאָנע באַרקעס*), וועלכע מען האָט, צוליב דעם, וואָס זיי האָבן שוין נישט געטויגט, געדאַרפט צענעמען, כדי דאָס אַלטע האָלץ זאָל כאָטש נישט

*) שיפלעך אַזעלכע.

קאַליע ווערן אַ מויכט. איבעריקנס, דאָס דאָזיקע גאַנצע אַלטע מאַנגעראַל איז זייער ווייניק ווערט געווען, כמעט גאָרנישט. האָלץ אין שטאָדט וואָס מען געקענט קריגן פאַר אַ נישטיקן גרייז און אַרום און אַרום זיינען וועלדער געווען אַ סך. געשיקט האָט מען כמעט נאָר דערפאַר, כדי די אַרעסטאַנטן זאָלן נישט זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט, וואָס די אַרעסטאַנטן אַליין האָבן גאַנץ גוט פאַרשטאַנען. צו אַזאַ אַרבעט האָבן זיי זיך שטענדיק גענומען פויל און אַפּאַטיש, און כמעט אינגאַנצן אַנדערש פלעגט זיין, ווען די אַרבעט אַן-און-פאַר-זיך איז געווען אַ נוציקע, אַ ווערטפולע, און באַזונדערס, ווען מען האָט געקענט אויסבעטן מען זאָל זי פאַרגעבן אויף שטיק. דאָ זיינען זיי ווי פון עפעס אויפגעלעבט געוואָרן, און כאָטש עס איז זיי פון דעם גאָרנישט אַרויסגעקומען, דאָך, האָב איך אַליין געזען, ווי זיי האָבן געאַרבעט איבער די כוחות, כדי זי וואָס שנעלער און בעסער צו פאַרענדיקן; אַפילו זייער אייגנליבע איז עפעס דאָ ווי פאַראינטערעסירט געוואָרן. אָבער בײַ דער איצטיקער אַרבעט, וועלכע איז געטאָן געוואָרן מער פאַר דער אויסערלעכער פאָרם ווי אויס נויטיקייט, איז שווער געווען אויסצובעטן, מען זאָל זי פאַרגעבן אויף שטיק, און מען האָט געדאַרפט אַרבעטן ביז צום באַראַבאַן, וועלכער האָט געקלאַפּט צום אַהיימגיין ערשט עלף אַ זייגער פאַר מיטאָג. דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער און נעפּלדיקער; דער שניי האָט געהאַלטן בײַ צעגיין. אונדזער גאַנצע גרופּקע איז אַוועק נאָכן פעסטונג צום ברעג, לייכט אינטערקלינגענדיק מיט די קייטן, וועלכע האָבן, כאָטש זיי זיינען געווען באַהאַלטן אונטער די קליידער, דאָך אַרויסגעגעבן אַ דינעם, שאַרפן און מעטאַלישן קלאַנג בײַ יעדן טריט. אַ צוויי-דריי מענטשן זיינען צוגעגאַנגען נאָך די נויטיקע אינסטרומענטן אין צייכהויז. איך בין געגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע און אַפילו עפעס ווי אויפגעלעבט געוואָרן: מיר האָט זיך געגלוסט וואָס שנעלער זען און געווויר ווערן, וואָס פאַר אַן אַרבעט

דאָס איז? וואָסערע דאָס איז אַזוינס די קאַטאָרגע-אַרבעט? און ווי אַזוי איך אַליין וועל דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן אַרבעטן?

איך געדענק אַלץ ביז דער קלענסטער איינצלהייט. אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט עפּעס אַ געוויסן שטאָט-מאַן מיט אַ בערדל. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַריינגערוקט די האַנט אין קעשענע. פון אונדזער גרופּקע האָט זיך באַלד אָפּגעטיילט איין אַרעסטאַנט, אַראָפּגענומען דאָס היטל, צוגענומען די נדבה — פינף קאָפּעקעס, און פלינק זיך צוריקגעקערט צו די זייניקע. דער שטאָט-מאַן האָט זיך איבערגעצלמט און זיך געגאַנגען זיין וועג. די דאָזיקע פינף קאָפּעקעס האָבן מיר באַלד אין דעם זעלבן פרימאָרגן אויסגעגעבן אויף זעמל, צעטיילנדיק זיי צווישן אונדזער גאַנצער פּאַרטיע גלייך אויף גלייך.

פון דער דאָזיקער גאַנצער גרופּקע אַרעסטאַנטן זיינען טייל געווען, ווי געוויינטלעך, אומעטיק, נישט רעדעוודיק, אַנדערע ווידער גלייכגילטיק און מיד, דריטע האָבן פויל געפּלוידערט צווישן זיך. איינער איז געווען פון עפּעס זייער צופרידן און פריילעך, ער האָט געזונגען און שיער נישט געטאַנצט אויפן וועג, צוקלינגענדיק באַ יעדן שפּרונג מיט די קייטן. דאָס איז געווען דער זעלבער נישט הויכער און פעסט-געבויטער אַרעסטאַנט, וועלכער האָט אין ערשטן פרימאָרגן מיינעם אין טורמע זיך צעקריגט מיטן צווייטן באַם וואַסער, אין דער צייט פון וואַשן זיך, דערפאַר, וואָס יענער האָט געהאַט די דרייסטקייט פעסט צו באַשטעטיקן וועגן אים, אַז ער איז אַ קאַגאַן. גערופן האָט מען דעם דאָזיקן פריילעכן בחור סקוראַטאָוו. ענדלעך, האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען עפּעס אַ שפּאַסיק לידל, פון וועלכן איך געדענק דעם צוזינג.

מ'האָט מיך חתונה געמאַכט אָן מיר —

איך בין אין דער מיל געווען.

עס האָט גאָר צוגעפּעלט אַ באַלאַלייקע.

זיין אומגעווינטלעכע פרייַלעכע שטימונג האָט, פאַרשטייט זיך, באַלד אויפגעוועקט בײַ עטלעכע פון אונדזער פאַרטיע פאַרדרוס, מען האָט זי אַפילו אָ געגומען שיער נישט פאַר אַ באַליידיקונג.

— ער האָט זיך צעוואַיעט! — האָט מיט פאָרוואורף אַ זאָג געטון איין צרעסטאַנט, צו וועלכן, איבעריקנס, די גאַנצע זאַך האָט קיין שייכות נישט געהאַט.

— איין לידל האָט דער וואָלף געהאַט, און דאָס האָט ער איבערגענומען, דער שלעפּער. — האָט באַמערקט אַ צווייטער, פון די אומעטיקע, מיט אַ כאַכלאַקישער אויסשפּראַך.

— איך בין טאַקע עלעהיי אַ שלעפּער, — האָט באַלד אָפּגעענטפערט סקוראַטאָוו, — און איר האָט אייך אין אייער פאָלטאַווע מיט אַ קלוסקע דערוואָרגן.

— זאָג ליגנט, זאָג! און אַליין וואָס האָסטו געגעסן! מיט אַ לאַטש באָרשטש געזופּט.

— און אַצינד, ווי דער טייוול וואָלט אים מיט יאָגדעס געקאָרמעט, — האָט צוגעגעבן אַ דריטער.

— איך בין, אין אמתן, ברידערלעך, אַ פאַרצויגענער מענטש — האָט געענטפערט מיט אַ לייכטן זיפץ סקוראַטאָוו, ווי ער וואָלט באַדויערט, וואָס ער איז אַזוי איידל אויפגעצויגן געוואָרן און, ווענדנדיק זיך צו צלע איינעם און ניט צו קיינעם באַזונדער — פון דער קינדהייט אָן אויף די בעסטע פלוימען און פּאַמפּרוסער חלה אויסגעפּרוווט (דאָס הייסט, דערצויגן. סקוראַטאָוו האָט אומישנע צעדרייט די ווערטער), די ליבלעכע ברידערלעך מייַנע האָבן נאָך אַצינד אויך אין מאָסקווע אַן אייגן געשעפט זייערס, אויף דער רוישנדיקסטער גאַס, ווי מיטן ווינט האַנדלען זיי, די רייכסטע סוחרים.

— און דו מיט וואָס האָסט געהאַנדלט?

— צוליב געוויסע אייגנשאפטן אליין אויך געהאקסן... אט דאמאלס טאקע, ברידערלעך, האב איך אויך די ערשטע צוויי הונדערט געקריגן...

— רובל? — האט אונטערגעכאפט איין נייגעריקער. ער האט אפילו א ציטער געטון, דערהערנדיק וועגן אזא גרויסער סומע געלט.

— ניין, ליבער מענטש, נישט קיין רובל, נאר שטעקנס — לוקא, א, לוקא!

— פאר וועמען לוקא, אבער פאר דיר לוקא קוזמיטש, — האט זיך פויל אנגערופן א קליין און דין ארעסטאנטל מיט א שארף געזל.

— נו, לוקא קוזמיטש, כאפט דיך דער טייוול, זאל שוין זיין אזוי.

— פאר וועמען לוקא קוזמיטש, אבער פאר דיר — פעטערל.

— נו, כאפט דיך דער טייוול מיטן פעטערל, עס לוינט אפילו נישט צו רעדן און א גוט ווארט האב איך דיר געוואלט זאגן. נו, איז אט, ברידערלעך, ווי אזוי דאס האט געטראפן, פארוואס איך האב מיך לאנג אין מאסקווע נישט געהאלטן, מען האט מיר געגעבן דארט צום סוף פופצן קאנטשיקעס און מיך ווייטער ארויסגעשיקט. אט בין איך...

— און פארוואס האבן זיי דיך ארויסגעשיקט?... — האט איבערגעהאקט איינער, וואס האט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו דער דערציילונג.

— ווארים — גיי נישט אין קאראנטין *), טרינק נישט קיין שפינטן, שפיל נישט אויף דער בעלענדראסע. אזוי, אז איך האב נישט באוויזן, ברידערלעך, אין מאסקווע רייך צו ווערן. און זייער,

*) קאראנטין — שענק; שפינטן — בראנפן; בעלענדראסע — באלאלייקע.

דער האָט זיך מיר שוין דאָס געגלוסט, איך זאָל רייך זיין. און אַזוי, אַזוי האָט זיך מיר שוין דאָס געגלוסט, אַז איך ווייס שוין אַליין נישט, ווי אַזוי דאָס צו זאָגן.

אַ סך האָבן זיך צעלאַכט. סקוראַטאָוו איז געווען, אַפּנים, פון די פּריוויליקע פריילעך־מאַכער, אָדער בעסער געזאָגט: לצים, וועל־כע האָבן ווי גענומען אויף זיך די פליכט פריילעך צו מאַכן זייערע אומעטיקע חברים. און, פאַרשטייט זיך, אַז אַ חוץ זידלערייען האָבן זיי פאַר דעם נישט געקריגן. ער האָט געהערט צו אַ באַזונדערן מערקווירדיקן טיפּ, וועגן וועלכן עס וועט מיר נאָך, קען זיין, אויס־קומען צו רעדן.

— דיך לויגט נאָך אַצינד אויך אָנשטאָט אַ סאָבאָל צו דער־הרגענען — האָט באַמערקט לוקאַ קוזמיטש. — זעסט, דאָס בלויזע אָנטון דיינס וועט אפשר הונדערט רובל ווערט זיין.

סקוראַטאָוו האָט געהאַט אויף זיך דעם עלטסטן, אָפּגעטראָגנסטן פּעלץ, אויף וועלכן עס האָבן זיך אין אַלע זייטן געוויזן לאַטעס. ער האָט גאַנץ גלייכגילטיק, נאָר אויפמערקזאַם, באַקוקט אים פון אויבן ביז אַראָפּ.

— דער קאָפּ איז דערפאַר אַ כך ווערט, ברידערלעך, דער קאָפּ! — האָט ער געענטפערט — ווען איך האָב מיך אפילו מיט מאָסקווע געזעגנט בין איך אויך פון דעם געטרייסט געווען, וואָס דער קאָפּ וועט מיט מיר מיטגיין, זיי געזעגנט מאָסקווע, אַ דאַנק פאַר דעם באָד, פאַר דעם פרייען גייסט, אויסגעצייכנט האָט איר מיך דאָרט צעקאַטעוועט! און! אויפן פּעלץ האָסטו נישט, ליבער מענטש, אַצינד וואָס צו קוקן...

— וואָס־זשע דען אויף דיין קאָפּ קוקן?

— דער קאָפּ איז דאָך אָבער אויך נישט זיינער, נאָר אַ גע־שענקטער — האָט זיך ווידער אַריינגעמישט לוקאַ. — מען האָט

אים דאָך, אין כריסטוסעס נאָמען, אין טיומען געשענקט, ווען ער איז מיט דער פּאַרטיע דורכגעגאַנגען.

— וואָס־זשע, סקוראַטאָוו, אַ פּאַך האָסטו עפּעס געקענט?

— וואָס פאַר אַ פּאַך דאָרט! אַ פּירער איז ער געווען, בלינ־דע אַרומגעפּירט, גראָשנס באַ זיי געגנבעט, — האָט באַמערקט איי־נער פון די צוגעבראָגזטע — אָט וואָס זיין גאַנץ פּאַך איז געווען.

— איך האָב, אין אמתן, געפּרוּווט אַמאָל שטיוול נייען — האָט געענטפערט סקוראַטאָוו. גאָרנישט לייגנדיק קיין אַכט אויף דער בייסנדיקער באַמערקונג. — אינגאַנצן איין פּאָר אויפגענייט.

— וואָס־זשע, מען האָט זיי געקויפט?

— יאָ, עס האָט זיך אָפּגעריסן אַזעלכער, וואָס האָט, אפנים, פאַר גאָט נישט קיין מורא געהאַט, טאַטע־מאַמע נישט ערלעך גע־האַלטן — האָט אים גאָט באַשטראָפט — ער האָט זיי געקויפט.

אַלע אַרום סקוראַטאָוון האָבן זיך געקאָלערט פאַר געלעכטער.

— און דערנאָך האָב איך נאָך איינמאָל געאַרבעט, שוין דאָ, — האָט סקוראַטאָוו ווייטער דערציילט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער קאַלטבלוטיקייט, — סטעפּאַן פעדאָראָוויטש פּאָמאַרצעווי, דעם פּאָ־רוטשניק, אַן אונטערנייעכץ געמאַכט.

— וואָס־זשע איז ער, צופרידן געווען?

— ניין, ברידערלעך, נישט צופרידן. אויף טויזנט יאָר פאַר־שאָלטן, און מיר נאָך אַ קני פון הינטן נאָכגעגעבן. זיכער שוין צו בייז, אפנים, געווען. — עך, אָפּגענאַרט מיך מיין לעבן, אָפּגענאַרט דאָס קאַטאָרזשנע

וואַרט נאָר צו, אַך, וואַרט אַ ביסל,

אַך־קולינס כאַן איז אויפן הויף...

ער האָט זיך פּלוצלינג ווידער צעזינגען און אָנגעהויבן צו טופּען, אונטערשפּרונגענדיק מיט די פיס.

— זעסט אַ מיאוסער מענטש דאָס איז! — האָט אַ ברום געטון דער לעבן מיר גייענדיקער כאַכאָל, אָנשטעלנדיק אויף מיר קרום מיט אַ בייזער פאַראַכטונג, זיינע אויגן.

— אַן אומנוצלעכער מענטש! — האָט באַמערקט אַ צווייטער מיט אַ זיכערן און ערנסטן טאָן.

איך האָב לחלוטין נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס זיי בייזערן זיך אויף סקוראַטאָוון, און בכלל — פאַרוואָס אַלע פריילעכע, ווי עס איז מיר שוין געלונגען צו באַמערקן אין די דאָזיקע ערשטע טעג, זיינען עפּעס ווי פאַראַכטעט געוואָרן פון זיי. דאָס בייזערן זיך פון כאַכאָל און פון די אַנדערע האָב איך געהאַלטן פאַר אַ פּערזענלעכס, נאָר דאָס איז געווען נישט קיין פּערזענלעכס, נאָר אַ פאַרדרוס דערפאַר, וואָס סקוראַטאָוו איז נישט געווען אויסגעהאַלטן, וואָס ער האָט נישט געהאַט אויף זיך די שטרענגע, בייזע מינע פון זעלבסט-שטאָלץ, פון וועלכער עס איז אַרומגעגאַנגען די גאַנצע קאַטאָרגע, ביז פּעדאַנטיזם, מיט איין וואָרט, דערפאַר, וואָס ער איז געווען, לויט זייער אויסדרוק טאַקע, „אַן אומנוצלעכער" מענטש. פונדעסטוועגן, איז מען נישט אויף אַלע פריילעכע בייז געווען און נישט אַלע אַזוי טראַקטירט, ווי סקוראַטאָוון און אַנדערע אים ענלעכע. ווי ווער עס האָט דערלויבט מיט זיך אומצוגיין: אַ מענטש אַ גוטהאַרציקער, אָן ביטערקייט, איז באַלד אונטערגעוואָרפן געוואָרן אַלע פאַרשידנסטע דערנידערונגען. דאָס האָט מיך אַפילו איבערראַשט. נאָר עס זיינען געווען טייל, אויך פון די פריילעכע, וואָס האָבן געקענט און האָבן ליב געהאַט אָפּצוענטפערן, און האָבן קיינמאָל קיינעם גאָרנישט געשענקט. די דאָזיקע איז מען גענייט געווען צו אַכטן. דאָ טאַקע, אין דער דאָזיקער גרופּע מענטשן, איז געווען איינער פון די דאָזיקע פאַרביסענע, וואָס איז, אין תוך גענומען, געווען זייער אַ פריילעכער און ליבלעכער מענטש, נאָר וועלכן איך האָב פון דער זייט דערקענט ערשט שפּעטער, אַ שיינער און הויך-געוואַקסענער בחור, מיט אַ גרויסן

װאָרצל אויף דער באַק און מיט אַ זייער קאָמישן אויסדרוק פון פּנים, איבעריקנס, אַ גאַנץ שיינער און קלוגער. מען האָט אים גערופן פּיאָנער, ווייל ער האָט אַ מאָל געדינט בײַ די פּיאָנערן; אַצינד אָבער האָט ער זיך געפונען אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג. וועגן אים וועט מיר נאָך אויסקומען צו רעדן.

איבעריקנס, זיינען אויך נישט אַלע „ערנסטע“ געווען אַזוי עקספּאַנסיוו, ווי דער כאַכאָל, וועלכער איז אַזוי שטאַרק בייז געווען אויף דער פריילעכקייט. אויף קאַטאָרגע זיינען געווען עטלעכע מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט פאַררעכנט ווערן פאַר די ערשטע, וואָס פאַרשטייען אַלץ, האָבן גוטע איינפאַלן, כאַראַקטער, שׂכל. אַ סך פון די דאָזיקע זיינען טאַקע געווען מענטשן קלוגע, מיט כאַראַקטער, און האָבן דערגרייכט דאָס, צו וואָס זיי האָבן געצילט, דאָס הייסט, זיי זיינען פאַררעכנט געוואָרן פאַר די ערשטע און האָבן געהאַט אַ באַדייטנדיקן מאָראַלישן איינפלוס אויף זייערע חברים. צווישן־זיך זיינען זיך די דאָזיקע קלוגע לייט געווען גאַנץ אָפט שונאים, — און יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ סך פיינט. אויף די איבעריקע אַרעסטאַנטן האָבן זיי געקוקט מיט שטאָלץ און אַפילו מיט אַ געוויסער גנעדיקייט, אומזיסטע קריגערייען האָבן זיי זיך נישט אַריינגעלאָזט, די נאַטשאַלסטווע האָט געהאַט וועגן זיי אַ גוטע מיינונג, אויף דער אַרבעט זיינען זיי אַרויסגעטרעטן, ווי אָנפירער און קיין איינער פון זיי וואָלט זיך נישט געטשעפּעט צו קיינעם, ווען יענער זאָל, למשל, זינגען לידער; צו אַזעלכע קלייניקייטן האָבן זיי זיך נישט דערנידעריקט. מיט מיר זיינען די אַלע געווען זייער העפלעך, אין דער גאַנצער צייט פון מיין קאַטאָרגע, נאָר נישט זייער באַרעדעוודיק; אויך עפּעס ווי צוליב זייער שטאָלץ. וועגן זיי וועט מיר נאָך אויך אויסקומען צו רעדן ברייטער.

מיר זיינען געקומען צום ברעג. ווייטער אַ ביסל, אויפן טייך, איז געשטאַנען אַן אַלטע איינגעפרוירענע באַרקע, וועלכע מען האָט

געדאַרפט צענעמען. אויף יענער זייט טייך האָט זיך געבלויט די סטעפ, דער אַנבליק איז געווען אַן אומעטיקער און וויסטער. איך האָב געמיינט, אַז אַלע וועלן זיך באַלד אַ וואָרף טון צו דער אַרבעט, נאָר דאָס איז זיי גאָרנישט איינגעפאַלן. טייל האָבן זיך צוזעצט אויף די קלעצער, וואָס זיינען געלעגן צעוואָרפן איבערן ברעג; כמעט אַלע האָבן גרויסגעשלעפט פון די שטיוול בייטלען מיט היימישן טי-ון, וועלכן מען האָט פאַרקויפט אויפן מאַרק אין בלעטער צו דריי קאָפּעקעס אַ פונט, און קורצענקע כּצלינדווע ציבוקלעך, מיט קליינע הילצערנע ליוולקעלעך, אייגענע אַרבעט. די ליוולקעלעך האָט מען פאַררייכערט. די וואָך-כצלדאַטן האָבן אונדז אַרום ענומען מיט אַ צעפּ און אויפן לאַגגווייליקסטן אופן אונדז אָנגעהויבן צו היטן.

— און ווען איז עס איינגעפאַלן צו צענעמען די דאָזיקע באַרקע? — האָט איינער אַ זאָג געטון, ווי פאַר זיך, נישט ווענדנדיק זיך, איבעריקנס, צו קיינעם. — שפּעטער צפּנים האָבן זיך אים פאַרגלוסט.

— ווער עס האָט פאַר אונדז קיין מורא נישט, דעם טאַקע איז עס איינגעפאַלן, — האָט אַ צווייטער געמערקט.

— ווהין שפּאַנט דאָס אַזוי דאָס פויערים-כאָלק? — האָט שווייגנדיק אַ ווײלע געפרעגט דער ערשטער, פאַרשטייט זיך, נישט דערהערנדיק דעם ענטפער אויף זיין פריערדיקער פראַגע און אָנווייזנדיק אין דערווייטנס אויף אַ חברה פויערים, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלאָזט ערגעץ, איינער הינטערן צווייטן, איבערן גלאַטן שניי. אַלע האָבן זיך פויל אויסגעדרייט אין יענער זייט אַריין, און פון נישט האָבן וואָס צו טון, אָנגעהויבן אָפּלאַכן פון זיי. איינער פון די פויערים, דער לעצטער, איז געגאַנגען אומגעווינטלעך קאָמיש, צעשפּרייטנדיק די הענט און אַראָפּהענגענדיק אויף אַ זייט דעם קאָפּ, אויף וועלכן ער האָט געטראָגן אַ הויכן פויערישן

הוט, וואָס האָט אויסגעזען, ווי א גריטשענער קוכן. זיין גאַנצע פיגור האָט זיך דייטלעך און קלאָר אָפּגעשאָטנט אויפן ווייסן שניי.

— זעסט, — אונדזער פּיעטראָוויטש, ווי אויסגעסטרויעט ער האָט זיך, — האָט איינער באַמערקט, נאָכקרימענדיק די אויסשפּראַך פון די פּויערים. עס איז פּנאי צו באַמערקן, אַז די אַרעסטאַנטן האָבן בכלל געקוקט אויף די פּויערים אַ ביסל פון אויבן אַראָפּ, כאָטש אַ העלפט פון זיי האָט אַליין געשטאַמט פון פּויערים.

— דער אונטערשטער, קינדערלעך, גייט אַזוי, ווי ער וואָלט רעטעך געזעצט.

— דער איז אַן ערנסטער, ער האָט געלט אַ סך, — האָט באַמערקט אַ דריטער.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, נאָר עפּעס פויל, ווי נישט ווילנדיק. אינדעם איז צוגעקומען די זעמל-פּאַרקויפערין, אַ רירעוודיק און פלינק ווייבעלע.

מען האָט גענומען בײַ איר זעמל פאַר די געשענקטע פינף קאָפּעקעס, און זיי צעטיילט בײַלד אויפן אָרט אַלעמען גלייך.

דער יונגער בחור, וואָס האָט געהאַנדלט אין טורמע מיט זעמל, האָט גענומען צוויי צענדליק און זיך אָנגעהויבן שטאַרק שפּאַרן, כדי אויסצוזינגען דריי, און נישט צוויי, ווי עס איז אים געקומען לויטן געוויינטלעכן אָרדענונג. נאָר די זעמל-פּאַרקויפערין האָט נישט איינגעשטימט.

— נו, און יענץ וועסטו נישט געבן?

— וואָס אַזוינס?

— כ'מיין דאָס, וואָס די מייז עסן נישט.

— אַ זאָלסטו געניזוקט ווערן! — האָט דאָס ווייבעלע אַ קוויטש געטון און זיך צעלאַכט.

ענדלעך, איז אויך דער אויפזעער איבער דער ארבעט אָנ־געקומען, דער אונטער־אָפּיציר מיטן שטעקעלע.

— עי, איר, וואָס האָט איר זיך צעזעצט! אָנהייבן!

— אָבער וואָס, איוואן מאַטווייעוויטש, גיט אונדז אויף שטיק, — האָט אַ זאָג געטון איינער פון די אָנפירער, פאַמעלעך זיך אויפהייבנדיק פון אָרט.

— און פאַרוואָס האָט איר פריער באַם צעשיקן אויף אַרבעט נישט געבעטן? די באַרקע צענעם, אָט איז דיר אויף שטיק!

זיי האָבן זיך, ענדלעך, ווי־עס־איז, אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט זיך צום טייך, קוים שלעפּנדיק די פיס. אין דער קאָמפּאַניע האָבן זיך באַלד באַוויזן „אָרדנונג־מאַכער", על־כל־פּנים מיט ווערטער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די באַרקע האָט מען נישט געטאָרט האַקן אַזוי ווי עס לאָזט זיך, נאָר מען האָט געדאַרפט, ווי ווייט מעגלעך, אָפּהיטן די בעלקעס, און באַזונדערס די קווער־באַליעס, וואָס זיינען צוגעקלאַפּט געווען אין זייער גאַנצער לענג צו דער דנאָ פון דער באַרקע מיט הילצערנע נעגל, — אַן אַרבעט, אַ לאַנגע און לאַנגווייליקע.

— אָט, מען וואָלט געדאַרפט פריער פאַר אַלעם דאָס דאָזיקע בעלעקל אוועקשלעפּן. גיט זיך נאָר אַ נעם, חברה! — האָט באַמערקט איינער גאָרנישט קיין אָנפירער און נישט קיין שאַפער. נאָר אַזוי אַ פּשוטער וואַרץ־אַרבעטער, אַ קליינער רעדער און שטילער בחור, וואָס האָט געשוויגן ביז אַצינד. און איינבייגנדיק זיך, האָט ער אַ כאַפּ אַרום געגעבן מיט די הענט דעם גראָבן בעליק, וואַרטנדיק אויף העלפער, נאָר קיינער האָט אים נישט געהאָלפן.

— יאָ, וועסט אים אויפהייבן! אי דו וועסט אים נישט אויפהייבן, אי דיין זיידע, דער בער, ער זאָל אַפילו קומען — וועט ער אים אויך נישט אויפהייבן! — האָט עמעצער דורך די ציין אַ וואָרטשע געטון.

— איז וואָס-זשע, ברידערלעך, ווי אזוי-זשע זאָל מען אָנהייבן? איך ווייס עוין אַפילו נישט... — האָט אַ זאָג געטאָן דער אַרויסגעשפּרונגענער, אין גרויס פאַרלעגנהייט, אָפּלאָזנדיק דעם בליק און אויפהייבנדיק זיך.

— די גאַנצע אַרבעט וועסטו נישט מאַכן... וואָס ביזטו אַרויסגעשפּרונגען?

— מיט דריי הינער האָט ער זיך קיין עצה נישט קענען געבן, און דאָ איז ער דער ערשטער... טשערעפּאַכע!

— איך האָב דאָך גאָרנישט, ברידערלעך, — האָט זיך פאַרענטפערט דער דורכגעפאַלענער — איך האָב נאָר בלויז...

— טאָ וואָס-זשע, זאָל איך אייך אפשר אין שיידלעך אַריינלייגן, צי וואָס? אָדער איר וועט זיך שוין באַלד הייסן אויפן ווינטער איינזאַלצן? — האָט ווידער אַ געשריי געטאָן דער אויפזעער, קוקנדיק מיט פאַרוואונדערונג אויף דער צוואַנציק-קעפּיקער חברה, וואָס האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיך צו דער אַרבעט צו נעמען. — אָנהייבן! שנעלער!

— שנעלער ווי שנעל וועסטו נישט מאַכן, איוואַן מאַטוויעיִטש.

— דו טוסט אַזוי אויך גאָרנישט. עי! סאַוועליעוו! ראַזגאָוואָר פּיעטראָוויטש! צו דיר רעד איך: וואָס דו שטייסט און האָסט די אויגן אַרויסגעזעצט!... אָנהייבן!

— אָבער וואָס וועל איך אַליין אויפטון?

— פאַרגיט שוין בעסער אויף שטיק, איוואַן מאַטוויעיִטש.

— געזאָגט! — עס וועט נישט זיין אויף קיין שטיק. צענעמט די באַרקע און אהיים. אָנהייבן!

זיי האָבן ענדלעך אָנגעהויבן, נאָר פויל, אָן חיל, אָן מסוגלקייט. עס איז אַפילו אַ פאַרדרוס געווען צו קוקן אויף דער געזונטער חברה פעסטע אַרבעטער, וועלכע האָבן, דאַכט זיך, להלוטין

נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי אָנצוהייבן עפּעס טון. זיי האָבן נאָר-וואָס אָנגעהויבן אַרויסנעמען דעם ערש-ן, גאָר קליינסטן באַלקן — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער ברעכט זיך, „אַליין ברעכט ער זיך", האָבן זיי געזאָגט, כדי צו פאַרענטפערן זיך פאַר דעם אויפזעער; פאָלגלעך, טאָר מען דאָך אַזוי נישט אַרבעטן, און מען וואָלט געדאַרפט אָנהייבן גאָר אינגאַנצן אַנדערש. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער ויכּוח צווישן זיי וועגן דעם, ווי אַזוי אַנדערש אָנצונעמען, וואָס צו טון. פאַרשטייט זיך, אַז ביסלעכווייז איז עס דערגאַנגען ביז קריגערייען, עס האָט שוין געהאַלטן באַ דערגיין אויך ווייטער... דער אויפזעער האָט ווידער אַ געשריי געטון און אַ מאַך געגעבן מיטן שטעקעלע, נאָר דער באַלקן האָט זיך ווידער צעבראָכן. עס האָט זיך, ענדלעך, אַרויסגעוויזן, אַז עס זיינען דאָ ווייניק העק און אַז מען דאַרף נאָך צוברענגען עפּעס אַן אינסטרומענט. מען האָט באַלד אַוועקגעשיקט צוויי בחורים, מיט אַ קאָנוואָי, נאָך דעם אינסטרומענט אין פעסטונג אַריין, און וואַרטנדיק, האָבן זיך דערווייל אַלע איבערגעבליבענע גאַנץ רויִק צעזעצט אויף דער באַרקע, אַרויסגענומען זייערע ליולקעלעך און ווידער פאַררייכערט...

דער אויפזעער האָט, ע.ד.ע., אַ שפּיי געטון.

— נו, די אַרבעט אייערע וועט מיר שוין אַ סך ווערט זיין! עך, אַ פאָלק, אַ פאָלק! — האָט ער ביז אַ מרוק געטון, אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט און אַוועקגעגאַנגען אין פעסטונג אַריין צופּאַכנדיק מיטן שטעקעלע.

אין אַ שעה אַרום איז געקומען דער קאָנדוקטאָר. אויסהערנדיק רויִק די אַרעסטאַנטן, האָט ער געמאָלדן, אַז ער גיט אויף שטיק אַרויסצונעמען נאָך פיר באַלקנס, נאָר אַזוי, אַז זיי זאָלן זיך נישט צעברעכן, נאָר גאַנצערהייט, און אַ חוץ דעם, האָט ער נאָך אָפּגעטיילט צו צענעמען אַ באַדייטנדיקע טייל פון דער באַרקע, מיט דעם באַדינג, אַז דאַמאָלס וועט מען שוין קענען גיין אַהיים. די פאַר-

געבענע אַרבעט איז געווען געגוג גרויס, נאָר טאַטעלעך מײַנע, ווי זיי האָבן זיך אַ נעם געטון! ווו איז אַהינגעקומען די פוילקייט, ווו איז אַהינגעקומען דאָס נישט מסוגלקייט? עס האָבן אַ קלאַפּ געטון די העק, זיי האָבן אָנגעהויבן ארויסצודרייען די הילצערנע נעגל. די איבעריקע האָבן אונטערגעלייגט גראָבע דרענגער און, אָנשפּאַרנ־דיק זיך אויף זיי מיט צוואַנציק הענט, האָבן זיי פלינק און מייס־טעריש אַרויסגעבראָכן די באַלקנס, וועלכע האָבן זיך אַצינד, צו מײַן גרויסער פאַרווונדערונג, שוין אַרויסגעבראָכן גאַנצערהייט, און עס איז אַפילו קיין האָר נישט קאַליע געוואָרן. די אַרבעט האָט געקאָכט. אַלע האָבן עפּעס פלוצלינג אויסגעצייכנט אָנגעהויבן קענען, קיין איבעריקע ווערטער, קיין זידלערייען, יעדער האָט געוווסט, וואָס זיך אָנצורופן, וואָס צו טון, ווי זיך צו שטעלן, וואָס צו ראַטן. פּונקט אַ האַלבע שעה פאַרן באַראַבאַן איז די פאַרגעבענע אַרבעט געווען געענדיקט, און די אַרעסטאַנטן זײַנען געגאַנגען אַהיים מידע, נאָר זייער צופרידענע, כאָטש זיי האָבן געוווּנען בלויז נאָר אפשר אַ האַל־בע שעה פאַר דער באַשטימטער צייט. נאָר וואָס אָמבאַלאַנגט מיר, האָב איך באַמערקט איין מערקווירדיקע זאַך: ווו איך זאָל מיך נישט געוועזן צורירן, זיי צו העלפן אין דער צייט פון דער אַרבעט, בין איך אומעטום געווען נישט אויפן אָרט, שטענדיק האָב איך געשטערט, שטענדיק האָט מען מיך שיער נישט מיט זידלערייען אָוועקגעטריבן ווייטער.

דער מינדסטער לעצטער שלעפּער, וועלכער איז אויך געווען פון די ערגסטע אַרבעטער און אַפילו נישט די חוצפּה געהאַט קיין פּיפּס צו טון קעגן די אַנדערע קאַטאָרושניקעס, וועלכע זײַנען גע־ווען געשיקטער און פאַרשטענדלעכער פאַר אים, אויך דער האָט זיך געהאַלטן פאַר באַרעכטיקט צו שרייען אויף מיר, ווען איך האָב מיך אָנידערגעשטעלט לעבן אים, מיט דעם אויסרייד, אַז איך שטער אים. ענדלעך, האָט איינער פון די גוטע אַרבעטער מיר גלייך גראָב אַ זאָג

געשען: „וווהין קריכסט איר, גייט אוועק! וואָס שנופּסט איך איר זיך דאָרט, ווו מען בעט אייך נישט".

— אַריינגעפאַלן אין זאַק! — האָט באַלד אונטערגעכאַפּט אַ צווייטער.

— דו נעם בעסער אַ פּושקע — האָט מיר געזאָגט אַ דריטער — און גיי אַרום צונויפקלויבן אויף אַ שטיינערנע געביידע אויף אַ פאָנד דאָס רייכערן אונזערע רענגען, ווארים דאָ האָסטו נישט וואָס צו טון.

עס איז אויסגעקומען צו שטיין אין דער זייט, און שטיין אין דער זייט, ווען אַלע אַרבעטן, איז עפּעס נישט אָנגענעם. נאָר ווען עס איז ווירקלעך אַזוי געשען, אַז איך בין אוועקגעגאַנגען און זיך געשטעלט אין עק באַרקע, האָבן זיי באַלד אָנגעהויבן צו שרייען: „אָט וואָס פאַר אַן אַרבעטער מען האָט אונדז געגעבן; וואָס וועסטו מאַכן מיט זיי? וועסט גאָרנישט מאַכן!"

דאָס אַלץ איז, פאַרשטייט זיך, ספּעציעל געטאָן געוואָרן, ווייל דאָס האָט זיי אַלעמען געווילט. מען האָט געדאַרפט זיך אַ ביסל פריי־לעך מאַכן איבער אַ געוועזענעם דוואָריאַנטשיק, און פאַרשטייט זיך, אַז זיי זיינען געווען צופרידן פון דער געלעגנהייט.

אַצינד איז שוין גאַנץ פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס, ווי איך האָב שוין געזאָגט פריער, מיין ערשטע פראַגע באַם אַריינטרעטן אין טור־מע איז געווען: ווי אַזוי זיך אויפצופירן, ווי אַזוי זיך אוועקצושטעלן קעגן די דאָזיקע מענטשן? איך האָב פאַרגעפילט, אַז איך וועל אָפּט האָבן אַזעלכע צוזאַמענשטויסן מיט זיי, ווי אַצינד בא דער אַרבעט. נאָר נישט קוקנדיק אויף קיין שום צוזאַמענשטויסן, האָב איך דאָך באַשלאָסן נישט איבערצובייטן דעם פּלאַן פון מיין אויפפירונג, וועלכן איך האָב שוין טיילווייז געהאַט אַרומגעטראַכט דאַמאָלס: איך האָב געוווסט, אַז ער איז גוט. נעמלעך: איך האָב באַשלאָסן, אַז איך דאַרף מיך האַלטן ווי ווייט מעגלעך פּשוטער און אומאָפּהענגיקער, און בשום אופן נישט אַרויסווייזן קיין באַזונדערן פלייס זיך צו דערנענטערן צו

זיי; אָבער אויך נישט אָפּשטויסן זיי, ווען זיי וועלן זיך אַליין וועלן דערנענטערן. בשום אופן נישט שרעקן זיך פאַר זייערע דראָונגען, פאַר זייער פאַראַכטונג און, ווי ווייט מעגלעך, מאַכן אַן אָנשטעל, אַז איך באַמערק דאָס גאָרנישט. בשום אופן זיך נישט דערנענטערן צו זיי אין געוויסע פונקטן און נישט נאָכגעבן זיי אין געוויסע זיי- ערע געוווינהייטן און מנהגים, מיט איין וואָרט, — זיך נישט איינ- בעטן צו זיי אַליין אַלס איינער פון זייער געזעלשאַפט. איך האָב פאַרשטאַנען באַלד פון ערשטן בליק, אַז זיי אַליין טאַקע וואָלטן מיך די ערשטע פאַר דעם פאַראַכטעט. פונדעסטוועגן, האָב איך לויט זיי- ערע באַגריפן (איך בין דאָס געוויר געוואָרן שפּעטער אויף זיכער), געדאַרפט זיך גרויסהאַלטן קעגן זיי מיט מיין דוואָריאַנין-אָפּשטאַמונג, דאָס הייסט, פּיגשטשען זיך, מאַכן מינעס, מיאוסן זיך פון זיי, קרי- מען זיך אויף יעדן שריט, פוילן זיך. אַזוי טאַקע האָבן זיי פאַר- שטאַנען, וואָס עס איז אַזוינס אַ דוואָריאַנין. זיי, פאַרשטייט זיך, וואָלטן מיך געזידלט פאַר דעם, נאָר דאָך מיך געאַכטעט שטילערהייט. אַזאַ ראָלע איז געווען נישט פאַר מיר; איך בין קיינמאָל נישט געווען קיין דוואָריאַנין, לויט זייער באַגריף; נאָר פאַר דעם האָב איך מיר געגעבן דאָס וואָרט נישט מיט קיין שום זאַך נאָכצוגעבן זיי, נישט צו דער- נידעריקן קעגן זיי: נישט מיין בילדונג, נישט מיין אַרט דענקען. אויב איך וואָלט אָנגעהויבן, כדי זיי צופרידן צו שטעלן, אונטערצו- חנפענען זיי, איינצושטימען מיט זיי, זיך צו חברן מיט זיי און איבערצונעמען זייערע פאַרשידענע אייגנשאַפטן, כדי צו געווינען זייער גוטפריינטשאַפט, — וואָלטן זיי באַלד געווען אָנגענומען, אַז איך טו דאָס אויס שרעק פאַר זיי, אויס פחדנות, און וואָלטן זיך מיט פאַראַכטונג געווען באַצויגן צו מיר. אַ—וון האָב איך מיר נישט געקענט נעמען אַלס ביישפּיל: ער איז אַריינגעקומען צום מאַיאָר, און זיי אַליין האָבן פאַר אים מורא געהאַט. פון דער צווייטער זייט, האָט זיך מיר אויך נישט געגלוסט זיך אָפּשליסן פאַר זיי אין אַ קאַלטער

און נישט ציטריטלעכער העפלעכקייט, ווי עס האָבן געטון די פאַליאַקן. איך האָב זייער גוט געזען אַצינד, אַז זיי פאַראַכטן מיך פאַר דעם, וואָס איך האָב געוואָלט אַרבעטן אַזוי ווי זיי, האָב מיך נישט געפּיעשטשעט און נישט געקרימט פאַר זיי; און כאָטש איך האָב זיכער געוווּסט, אַז דערנאָך וועלן זיי געצווּנגען זיין איבערצוּבייטן זייער מיינונג וועגן מיר, נאָר דאָך, דער געדאַנק, אַז אַצינד האָבן זיי עפּעס, ווי אַ רעכט מיך צו פאַראַכטן, מיינענדיק, אַז איך האָב באַ דער אַרבעט זיך באַמיט זיי צו געפעלן, — דער געדאַנק האָט מיר פאַרשאַפט גרויס עגמת נפש.

ווען איך האָב מיך אַמאָל, אין אָוונט, נאָכן פאַרענדיקן די באַכמיטאָגדיקע אַרבעט, צוריקגעקערט אין טורמע אַריין, אַ מידער, אַן אויסגעמאַטערטער, האָט אַ שרעקלעכער אומעט מיך ווידער אַרומגענומען. „ווי פיל טויזנטער טעג נאָך אַזעלכע עס וואַרטן מיך! — האָב איך געטראַכט, — אַלץ די אייגענע, אַלץ איינע און די זעלבע“. שווייגנדיק, שוין אין דער טונקלקייט, האָב איך אַרומגעוואָגלט איינער אַליין הינטער די קאַזאַרמעס, אין דער לענג פון פּאַרקן און פּלוצלינג דערזען אונדזער שאַריקן, וועלכער איז געלאָפן גיך צו מיר. שאַריק איז געווען אונדזער טורמע־הונט, אַזוי ווי עס טרעפן זיך הינט ערגעץ אין אַ ראָטע, באַטאַרייע, אָדער עסקאַדראָן ער האָט געלעבט אין טורמע שוין גאַנץ לאַנג, נישט צום געדענקען, נישט געהערט צו קיינעם, אַלע געהאַלטן פאַר זיינע בעלי־בתים און זיך דערנערט מיט די אַרויסגעוואָרפענע איבערבלייבעכצן פון קיך. דאָס איז געווען אַ גאַנץ גרויסער הונט, אַ שוואַרצער, מיט ווייסע פלעקן, אַ הויף־הונט, נישט זייער קיין אַלטער, מיט קלוגע אויגן און מיט אַ צעפּלאָשעטן וויידל. קיינער האָט אים קיינמאָל נישט געגלעט, קיינער האָט קיינמאָל נישט געלייגט קיין אַכט אויף אים. נאָך אין ערשטן טאָג האָב איך אים אַ גלעט געטון און געגעבן פון דער האַנט ברויט צו עסן. ווען איך האָב אים געגלעט, איז ער גע-

שטאַנען גלייך, ליבלעך געקוקט אויף מיר און אַלץ צייכן פון צופרידנהייט, פאַמעלעך געמאַכט מיטן ווײנדל. אַצינד, שוין נישט האָבנדיק לאַנג מיך געזען — מיך, דעם ערשטן, וועלכן עס איז איינגעפאַלן נאָך אַזוי פיל יאָר אים צוצולאַשטשען צו זיך, איז ער געלאָפן און אַרומגעשמעקט מיך צווישן אַלע און, געפינענדיק מיך הינטער די קאַזאַרמעס, האָט ער זיך געלאָזט מיט אַ וואָיעריי מיר אַנטקעגן לויפן. איך ווייס נישט, וואָס עס איז געווען מיט מיר, נאָר איך האָב מיך געוואָרפן קושן אים. איך האָב אַרומגענומען זיין קאָפּ; ער איז מיר אַרויפגעשפּרונגען מיט די פאָדערשטע לאַפּעס אויף די אַקסל און אָנגעהויבן מיר לעקן דאָס פּנים. „אָט איז דער פריינט, וועלכן מיין גורל באַשטימט מיר!" — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, און יעדעס מאָל, ווען איך האָב מיך דערנאָך, אין דער דאָזיקער שווערער און אומעטיקער צייט, צוריקגעקערט פון דער אַרבעט, האָב איך פריער פאַר אַלץ, נאָך נישט אַריינגייענדיק אין ערגעץ, שוין געאײַלט הינטער די קאַזאַרמעס אַרונטער, מיט דעם פאַר מיר שפּרינגענדיקן און פאַר פרייד וואָיענדיקן שאַריק. איך האָב אַרומגעכאַפּט זיין קאָפּ און געקושט אים, געקושט, און עפּעס אַזאַ זיס און איינציטיק פיינלעך-ביי ער געפיל האָט געקלעמט מיין האַרץ. און איך געדענק, מיר איז אַפילו אָנגענעם געווען צו טראַכטן, ווי איך וואָלט מיך געריימט פאַר זיך אַליין מיט מיין פיין, אַז אָט איז אויף דער גאַנצער וועלט אַצינד געבליבן פאַר מיר נאָר איין באַשעפעניש, וואָס האָט מיך ליב, וואָס איז צוגעבונדן צו מיר, מיין פריינט, מיין איינציקער פריינט — מיין געטרייער שאַריק.

VII.

## נייע באַקאַנטשאַפטן — פּיעטראָוו.

נאָר די צייט איז געגאַנגען, און איך האָב מיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן איינלעבן. מיט יעדן טאָג האָבן מיך אַלץ ווייניקער געערגערט די געוויינטלעכע דערשיינונגען פון מיין נייעם לעבן. די פּאַסירונגען, מיין לאַגע, די מענטשן — אַלץ איז שוין עפּעס ווי אַלט געוואָרן אין מיינע אויגן. שלום שליסן אינגאַנצן מיט דעם דאָזיקן לעבן איז געווען אוממעגלעך, נאָר אָנערקענען עס פאַר אַ געשעענעם פאַקט איז שוין לאַנג צייט געווען. אַלע מיספאַרשטענדנישן, וועלכע זיינען נאָך געבליבן אין מיר, האָב איך באַגראָבן, ווי ווייט מעגלעך, טיפער אין זיך. איך האָב שוין נישט אַרומגעוואָגלט איבער דער טורמע, ווי אַ פאַרלוירענער, און נישט אויסגעגעבן מיין אומעט. די ווילד-בייגעריקע בליקן פון די קאַטאָרזשניקעס האָבן זיך שוין נישט אָפּגעשטעלט אויף מיר אַזוי אָפט, זיי האָבן מיר שוין נישט נאָכגעפאָרשט מיט אַזאַ אָפענער חוצפּה. איך בין זיי שוין אויך, אַפּנים, אַלט געוואָרן אין די אויגן, פון וואָס איך בין זייער צופרידן געווען. איבער דער טורמע בין איך מיר שוין אַרומגעגאַנגען, ווי בא זיך אין דער היים, געהאַט מיין אָרט אויף די נאַרעס און אַפילו שוין, ווייזט אויס, צוגעוווינט געוואָרן צו אַזעלכע זאַכן, צו וועלכע איך האָב געמיינט, אַז איך וועל מיך קיינמאָל אין לעבן נישט צוגעוויינען. רעגולער יעדע וואָך בין איך מיר געגאַנגען גאָלן דעם האַלבן קאָפּ. יעדן שבת, אין דער פרייער צייט פון אַר-

בעט, האָט מען אַרויסגערופן צו דעם איינציקוויז, פון טורמע אין דער הויפּט-וואַך אַריין (דער, וואָס האָט זיך נישט אָפּגעגאָלט, איז שוין אַלײן פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַר זיך), און דאָרט האָבן די גאָלער פון די באַטאַליאָנען געזייפט אונדזערע קעפּ און אָן רחמנות געשאָרן זיי מיט די טעמפּע בריטוועס, אַזוי, אַז עס גייט מיר נאָך אַצינד איבער אַ פראָסט איבער דער הויט בײַם דערמאָנען זיך אָן דער דאָזיקער פּיין. איבעריקנס, מען האָט אין אַ קורצער צייט אַרום געפונען אַ מיטל: אַקים אַקימיטש האָט מיר אָנגעוויזן איין אַרעסטאַנט, פון דער מיליטערישער אָפּטיילונג, וועלכער האָט פאַר אַ קאָפּעקע געגאָלט מיט זיינס אַ בריטווע יעדערן, ווער עס האָט נאָר געוואָלט, און דאָס איז טאַקע געווען זיין באַשעפטיקונג. אַ סך קאַטאָרזשניקעס זיינען געגאַנגען צו אים, כדי אויסצומיידן די קאַזיאָנע גאָלער, כאָטש דאָס זיינען געווען מענטשן נישט קיין מפונקים. אַנדער אַרעסטאַנט, דעם גאָלער, האָט מען גערופן מ א י אָ ר, — פאַרוואָס — ווייס איך נישט, און מיט וואָס ער האָט געקענט ענלעך זיין צום מאַיאָר — קען איך אויך נישט זאָגן. אַצינד, ווען איך שרייב דאָס שטעלט זיך מיר טאַקע פאָר דער מאַיאָר, אַ הויכער, אויסגעדאַרטער און שווייגנדיקער בחור, אַ גאַנץ נאַרישער, שטענדיק פאַרטיפט אין זיין באַשעפטיקונג און נישט אַנדערש, ווי נאָר מיט אַ פּאַסיק אין דער האַנט, אויף וועלכן ער האָט טאָג און נאַכט געגלעט זיין גוט אויסגעשאַרפטע בריטווע און, דאַכט זיך, אַז ער איז אינגאַנצן אָפּגעגעבן געווען דער דאָזיקער באַשעפטיקונג, אָננעמענדיק זי, אַפנים, פאַר דעם ציל פון זיין גאַנץ לעבן. אין אמתן, ער איז געווען זייער צופרידן, ווען די בריטווע איז געווען גוט אָנגעשאַרפט און עס איז געקומען עמעצער זיך גאָלן: זייף האָט ער געהאַט וואַרעמען, אַ האַנט — אַ גרינגע, דאָס גאָלן — אַ סאַמעטענס. ער האָט, אַפנים, געהאַט פאַרגעניגן און נישט, לציירט מיט זיין קונסט און מיט בטול צוגענומען די פאַרדינטע קאָפּעקע, ווי עס וואָלט אים, אין אמתן, געגאַנגען נאָר אין דער

קונסט און נישט אין דער קאָפּעקע. אַ שרעקלעכן סוף האָט אַ—ו געכאַפּט פון אונדזער פּלאַץ-מאַיאָר, ווען ער האָט, אַנמסטרנדיק פאַר אים אויף אונדזער טורמע, דערמאָנט אַמאָל דעם נאָמען פון אונדזער טורמע-גאַלער און צוליב אומאַרזיכטיקייט אים אָנגערופן מיטן נאָמען מאַיאָר. דער פּלאַץ-מאַיאָר איז אַריין אין כעס און זיך באַליידיקט אויף דער העכסטער שטופּע. „און צי ווייסטו פּאַדליעץ, וואָס עס איז אַזוינס אַ מאַיאָר?! — האָט ער געשריגן, מיט שוים אויפן מויל, אָפּרעכנענדיק זיך אויף זיין שטייגער מיט אַ—ון: — צי פאַרשטייסטו, וואָס עס איז אַזוינס אַ מאַיאָר?! און פּלוצלינג, וועלכער פּאַדליעץ דאָרט, קאַטאָרזשניק, וועט וואַגן אים צו רופן מאַיאָר, מיר אין די אויגן, אין מיין קעגנוואַרט!"... נאָר אַ—ו האָט זיך געקענט איינ-לעבן מיט אַזאַ מענטש.

פון סאַמע ערשטן טאָג אָן פון מיין לעבן אין טורמע, האָב איך שוין אָנגעהויבן צו חלומען וועגן דער פרייהייט. דאָס אויסרעכענען, ווען עס וועלן זיך ענדיקן מיינע טורמע-יאָרן, אויף טויזנטער אופנים און אָנווענדונגען, איז געוואָרן מיין באַליבסטע באַשעפטיקונג. איך האָב אַפילו טראַכטן נישט געקענט וועגן גאָרנישט אַנדערש, און בין א בערצייגט, אַז אַזוי געשעט מיט יעדן, באַ וועלכן מען האָט צוגענ-ומען אויף אַ צייט די פרייהייט. איך ווייס נישט, צי האָבן די קאַ-טאָרזשניקעס אויך אַזוי געטראַכט, אויך אַזוי אויסגערעכנט, ווי איך, נאָר די וווּנדערבאַרע לייכטזיניקייט פון זייערע האָפענונגען האָט מיך איבערראַשט פון ערשטן טריט אָן. די האָפענונג פון אַן איינגעזעצטן, באַ וועלכן מען האָט צוגענומען די פרייהייט — איז גאָר פון אַן אַנדערן מין, ווי פון אַ מענטש, וואָס לעבט אויף אַ געהעריקן אופן. דער פרייער מענטש האָפט געוויינטלעך אויך (למשל, אויף אַן ענדע-רונג אין זיין גורל, אויף דער אויספירונג פון אַ געוויסער אונטער-נעמונג), נאָר ער לעבט, ער שאַפט דערווייל: דאָס קעגנווארטיקע לעבן, מיט זיין טומל און גערויש, פאַרכאַפּט, שלעפּט אים דערווייל

אײַנגאַנצן אַרײַן. אַנדערש איז מיט דעם אײַנגעזעצן, דאָ, לאָמיר זאָגן, לעבט מען אויך, — מיט אַ טורמע־לעבן, אַ קאַטאָרגע־לעבן; נאָר װער עס זאָל נישט זײַן דער קאַטאָרזשניק און אויף װאָס פֿאַר אַ טערמין ער זאָל נישט פֿאַרשיקט זײַן, קען ער דאָך לחלוטין, אינסטינקטיוו, נישט אָננעמען זײַן גורל פֿאַר עפּעס שוין באַשטימטעס, פֿאַרענדיקטס פֿאַר אַ טייל פֿון זײַן װירקלעכן לעבן. יעדער קאַטאָרזשניק פֿילט, אַז ער איז נישט בײַ זיך אינדערהיים, נאָר עפּעס ערגעץ־װוּ אין געסט. אויף צװאַנציק יאָר קוקט ער װי אויף צװײ יאָר און איז פֿולשטענדיק איבערצײַגט, אַז װען ער װעט אַלט זײַן פֿופֿציק יאָר, נאָכן אַרויסגיין פֿון טורמע, װעט ער זײַן פּונקט אַזאַ װוילער יונג, װי אַצינד, װען ער איז נאָר אַלט פֿינף און דרײַסיק. — „מען װעט נאָך אַ לעבן טאָן" — טראַכט ער, און פֿאַרטרײַבט פֿון זיך מיט עקשנות אַלע פֿאַרצװײפֿלונגען און אַנדערע שלעכטע געדאַנקען. אַפֿילו די פֿאַרשיקטע אָן אַ טערמין, פֿון דער באַזונדערער אָפּטײלונג, אויך זײ האָבן טײלמאָל אויסגערעכנט, אַז אָט־אָט — און עס װעט פּלוצלינג אָנקומען אַ פֿאַראָרדנונג פֿון פּיטער*): „איבערשיקן קײן נערטשינסק, אין די מעטאַל גרובנס, און באַשטימען טערמינען". דאַמאָלס איז אויסגעצײכנט: ערשטנס געדויערט דער װעג גאַנג קײן נערטשינסק אפֿשר אַ האַלב יאָר, און מיט דער פּאַרטיע גײן איז, אין פֿאַרגלײַך מיט דער טורמע, אַ סך בעסער! און דערנאָך װעט מען צוענדיקן אין נערטשינסק דעם טערמין, און דאַמאָלס... און אַזוי האָט דאָך טײלמאָל שוין גאָר אַ גרויער מענטש.

אין טאָבאָלסק האָב איך געזען צוגעשמידטע צו דער װאַנט. ער זיצט אויף אַ קייט, אַזוי אַפֿשר אַ סאַזשען די לענג. דאָ האָט ער זײַן בעטל. מען האָט צוגעשמידט פֿאַר עפּעס שוין זײער אויסער־געװײנטלעך שרעקלעכס, װאָס איז אָפּגעטאָן געװאָרן שוין דאָ אין

*) פּעטערבורג.

סיביר. מען זיצט צו פינף יאָר, מען זיצט אויך צו צען. מערסטנ־
טיילס מערדער. איינעם נאָר צווישן זיי האָב איך געקענט, וואָס האָט
געשטאַמט פֿון אדל; ער האָט ערגעץ־ווּ אַמאָל געדינט. גערעדט
האָט ער פּאַמעלעכיטשקע, אונטערשעפּטשענדיק; אַ שמייכעלע אַ זיס.
ער האָט אונדז געוויזן זיין קייט, געוויזן, ווי אַזוי עס איז באַקוועמ־
מער זיך צו לייגן אויפֿן בעט. דאָס איז, אַפֿנים, געווען שוין איינ־
מאָל אַ פֿייגל. זיי אַלע בכלל האַלטן זיך רויִק און זען אויס צו זיין
צופֿרידן, און דאָך גלוסט זיך יעדן פֿון זיי זייער און זייער וואָס
שנעלער אויסזיצן דעם טערמין. צו וואָס, דאַכט זיך? אָט צו וואָס:
ער וועט אַרויסגיין דאַמאָלט פֿון דער שטיקנדיקער און פֿאַרשטינ־
קענער שטוב, מיט די נידעריקע ציגל־געוועלבן, און זיך איבערגיין
איבערן הויף פֿון טורמע, און... און נישט מער. פֿון דער טורמע
וועט מען אים שוין קיינמאָל נישט אַרויסלאָזן. ער אַליין ווייסט,
אַז די אָפּגעלאָזטע פֿון דער קייט ווערן שוין אייביק געהאַלטן אין
טורמע, ביז זייער טויט, און אין קייטן. ער ווייסט דאָס און דאָך
ווילט זיך אים שרעקלעך וואָס שנעלער ענדיקן זיין קייט־טערמין.
וואָרים, וואָלט ער דען געקענט אין דעם פֿאַרלאַנג אָפּזיצן פֿינף אָדער
זעקס יאָר אויף דער קייט, נישט שטאַרבן, נישט משוגע ווערן?
וואָלט דען נאָך דערנאָך אַ צווייטער געזעסן?

איך האָב געפֿילט, אַז די אַרבעט קען מיך ראַטעווען, שטאַרקן
מיין געזונט, מיין קערפּער. די שטענדיקע גייסטיקע אומרויִקייט, די
נערוועזע אויפֿרעגונג, די פֿאַרשטיקטע לופֿט אין דער קאַזאַרמע
וואָלטן געקענט אינגאַנצן פֿון מיר אַ תל מאַכן. אָפֿטער זיין אויף דער
לופֿט, יעדן טאָג מיד ווערן, אויסלערנען זיך טראָגן משאות — און
איך וועל מיך ראַטעווען — האָב איך געטראַכט — איך וועל
מיך שטאַרקן, איך וועל אַרויס אַ געזונטער, אַ פֿרישער, אַ שטאַרקער,
נישט קיין אַלטער. איך האָב נישט קיין טעות געהאַט: די אַרבעט
און די באַוועגונג זיינען געווען פֿאַר מיר זייער נוצלעך. איך האָב

מיט שרעק געקוקט אויף איינעם פון מיינע חברים (פון די דוואָריאַנעס), ווי ער איז אויסגעגאַנגען אין טורמע, ווי אַ ליכט. ער איז אַריין אין איר צוזאַמען מיט מיר, נאָך אַ יונגער, שיינער, פרישער, און ער איז אַרויס אַ האַלב-טויטער, אַ גראָער, אָן פיס און מיט אַן אַסטמע. ניין, האָב איך געטראַכט, קוקנדיק אויף אים: איך וויל לעבן און וועל לעבן. דערפאַר טאַקע האָב איך אַזוי געכאַפּט אין אָנהייב פון די קאַטאָרזשניקעס פאַר מיין ליבע צו דער אַרבעט, און זיי האָבן לאַנג נאָך פאַרפאָלגט מיך מיט פאַראַכטונג און שפּאָט. נאָר איך האָב נישט געקוקט אויף קיינעם און אונטערגעגאַנגען ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט, למשל, כאָטש ברענען און שטויסן אַלעבאַסטער, — איינע פון די ערשטע אַרבעטן, וואָס זיינען מיר געפעלן.

דאָס איז געווען אַן אַרבעט אַ לייכטע. די אינזשעניער-נאַטשאַלסטוואָ איז גרייט געווען, ווי ווייט מעגלעך, צו פאַרלייכטערן די אַרבעט די דוואָריאַנעס, וואָס דאָס איז, איבעריקנס, געווען אינגאַנצן נישט קיין איינזעעניש פון זייער זייט, נאָר אַ גערעכטיקייט. עס וואָלט מאָדנע געווען צו פאָדערן פון אַ מענטש, וואָס איז אויף אַ העלפט שוואַכער אין כּוח און וואָס האָט קיינמאָל נישט געאַרבעט, די זעלבע אַרבעט, וועלכע מען האָט געוויינטלעך פאַרגעבן אַן אמתן אַרבעטער. נאָר דאָס דאָזיקע „באַלעווען אונדז" איז נישט שטענדיק פאָרגעקומען און, אַז יאָ, איז אויך עפּעס ווי אין געהיים; אויף דעם האָט מען שטרענג אַכטונג געגעבן פון דער זייט. גאַנץ אָפט איז אויסגעקומען צו אַרבעטן שווערע אַרבעט, און דאַמאָלס, פאַרשטייט זיך, איז די דוואָריאַנעס געווען טאָפּל שווער, ווי די אַנדערע אַרבעטער. צום אַלעבאַסטער פלעגט מען באַשטימען געוויינטלעך אַ מענטשן דריי-פיר אַלטע אָדער שוואַכע, נו, און מיר זיינען אויך אַריינגערעכנט געוואָרן צווישן זיי, פאַרשטייט זיך; און אַ חוץ דעם האָט מען נאָך צוגעטיילט איין אמתן אַרבעטער, וואָס האָט געקענט די אַרבעט, גע-

ווייניטלעך איז געגאַנגען אַלץ דער אייגענער כסדר, עטלעכע יאָר
דורכאַנאַד, אַלמאַזאָוו, אַ שטרענגער, טונקלער און פֿאַרביסן פֿאַרשעמטער
מענטש. שוין אין די יאָרן אַ בייזער און פֿאַרגרעבטער. ער האָט
אונדז טיף פֿאַראַכטעט. איבעריקנס, ער איז געווען אַזוי נישט באַ-
רעדעוודיק! ער האָט זיך אַפֿילו געפֿוילט צו וואָרטשען אויף אונדז.
די שאַפֿע, אין וועלכער מען האָט געברענט און געשטויסן דעם אַלאַ-
באַסטער, איז אויך געשטאַנען אויפֿן וויסטן און משופּעדיקן ברעג
פֿון טייך. ווינטער, באַזונדערס אין אַ כמורנעם טאָג, איז קוקן אויפֿן
קעגנאיבערדיקן ווייטן ברעג געווען זייער אומעטיק. עפּעס אַזאַ פֿאַר-
בענקטקייט, וואָס האָט געריסן באַם האַרץ, איז געווען אין דעם
דאָזיקן ווילדן און וויסטן לאַנדשאַפֿט. און אפֿשר נאָך שווערער איז גע-
ווען, ווען אויף דער אַ מענדלעכער ווייסער דעק פֿון שניי האָט העל גע-
שיינט די זון; עס האָט זיך אַזוי געגלוסט אַוועקפֿליִען ערגעץ-ווו אין
דער דאָזיקער סטעפּ, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אויף דער צווי-
טער זייט ברעג און זיך אויסגעשפּרייט צו דרום, ווי איין אומענ-
דלעך טישטוך, אויף אַנדערהאַלבן טויזנט וויאָרסט די לענג. אַלמאַ-
זאָוו האָט זיך געוויינטלעך שווייגנדיק און שטרענג גענומען צו דער
אַרבעט; מיר האָבן זיך עפּעס ווי געשעמט, וואָס מיר קענען אים
נישט, ווי עס געהערט צו זיין, צוהעלפֿן, און ער האָט זיך אומיש-
נע געטון אַלץ אַליין, אומישנע נישט געפֿאָדערט פֿון אונדז קיין שום
הילף, ווי עפּעס כּדי מיר זאָלן פֿילן די גאַנצע שולד אונדזערע קעגן
אים און זיך שעמען מיט אונדזער אומנוצלעכקייט. און די גאַנצע אַר-
בעט איז באַשטאַנען אין אויסהייצן דעם אויוון, כּדי אויסצוברענען
דעם אין אים צוגעלייגטן אַלאַבאַסטער, וועלכן מיר טאַקע פֿלעגן אָנ-
טראָגן. אויפֿן צווייטן טאָג, ווען דער אַלאַבאַסטער איז געווען שוין
אינגאַנצן דורכגעברענט, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויסלאָדענען אים
פֿון אויוון. יעדער פֿון אונדז האָט גענומען אַ שווערן האַמער, זיך
אָנגעלייגט אַ באַזונדער קעסטל אַלאַבאַסטער און אָנגעהויבן האַקן.

דאָס איז געווען זייער אַ ליבע אַרבעט. דער קרישלדיקער אַלאַבאַסטער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ווייסן גלאַנציקן שטויב, אַזוי שנעל, אַזוי גוט זיך געקרישלט. מיר האָבן געהויבן די שווערע האַמערס און אָנגעמאַכט אַזאַ טראַסקעריי, אַז עס איז אַזש אַ תענוג געווען. אַי מיד געוואָרן זיינען מיר, ענדלעך, אַי לייכט איז אונדז אין דערזעלבער צייט געוואָרן; די באַקן האָבן זיך גערויטלט, דאָס בלוט איז שנעלער געלאָפן. דאָ האָט שוין אויך אַלמאַזאָוו אָנגעהויבן קוקן אויף אונדז אַ ביסל גוטמוטיקער, ווי מען קוקט אויף מינדיעריקע קינדער; גוט-מוטיק האָט ער געריכערט זיין ליולקעלע און דאָך אַלץ נישט געקענט נישט וואָרטשען, ווען עס איז אים אויסגעקומען צו רעדן. איבעריקנס, ער איז מיט אַלע געווען אַזעלכער, און אין תּוך, דאַכט זיך, אַ גוטער מענטש.

די צווייטע אַרבעט, אויף וועלכער מען פלעגט מיך שיקן, — איז געווען אין ווערקשטעל צו דרייען דאָס טאָקיר-ראָד. דאָס ראָד איז געווען אַ גרויס, אַ שווערס. מען האָט געדאַרפט נישט ווייניק זיך אָנשטרענגען, אַז מען זאָל עס דרייען, באַזונדערס, ווען דער טאָקאַר (פון די אינזשינערן-מייסטערס) האָט געטאָקט אַ שטייגער אַ שטאַכעט פון אַ שטיק באַל, אָדער אַ פוס פון אַ גרויסן טיש צום קאַזשאָנע מעבל פאַר עפּעס אַ באַאַמטן, וואָס מען פלעגט אויסאַרבעטן כמעט פון אַ גאַנץ קלאָץ. פאַר איינעם איז אין אַזאַ פאַל געווען איבערן כוח צו דרייען. מען האָט געוויינטלעך געשיקט צוויי, — מיך און נאָך איינעם, פון די דוואָריאַנעס, ב. אַזוי איז די דאָזיקע אַרבעט אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר געבליבן בײַ אונדז, אויב עס איז נאָר אויסגעקומען עפּעס צו טאָקן. ב. איז געווען אַ שוואַכער, קרענקלעכער מענטש, נאָך אַ יונגער, וואָס האָט געליטן אויפן האַרץ. ער איז אָנגעקומען אין טורמע אַריין מיט אַ יאָר פריער פאַר מיר, צוזאַמען מיט נאָך צוויי אַנדערע פון זיינע חברים, — מיט איינעם אַן אַלטן, וועלכער האָט די גאַנצע צייט פון טורמע-לעבן טאָג און נאַכט תּפילה געטאָן

צו גאָט (פאַר וועלכן די אַרעסטאַנטן האָבן אים זייער געשעצט) און איז געשטאָרבן נאָך פאַר מיין אָנקומען, און דעם צווייטן, נאָך זייער אַ יונגן מענטש, אַ פרישן, אַ רויטן, אַ שטאַרקן, אַ דרייסטן, וועל־כער האָט אויפן וועג געטראָגן דעם אָפּגעשטאַנענעם מ. פון האַלבן עטאַפּ אָן, וואָס האָט זיך געצויגן זיבן הונדערט וויאָרסט כסדר. מען האָט באַדאַרפט זען זייער פריינטשאַפט צווישן זיך. ב. איז געווען אַ מענטש מיט אַ שיינער בילדונג, אַן איידעלער, מיט אַ גוטן כאַראַק־טער, וואָס איז אָבער קאַליע געוואָרן און צערייצט געוואָרן צוליב זיין קראַנקהייט. מיטן ראָד האָבן מיר זיך אַן עצה געגעבן ביידע, און דאָס איז אונדז כמעט אָנגענעם געווען. מיר האָט די אַרבעט פאַרשאַפט אַן אויסגעצייכנטן מאָציאָן.

באַזונדערס האָב איך אויך ליב געהאַט צו צעשאַרן דעם שניי. דאָס פלעגט פאָרקומען, געוויינטלעך, נאָך די זאַוויערוכעס און פלעגט טרעפן גאַנץ נישט זעלטן אין ווינטער. נאָך אַ מעת־לעתדיקער זאַ־וויערוכע, פלעגט עס אַמאָל האָבן פאַרשיט אַ הויז ביז דער העלפט פון די פענסטער, און טיילמאָל אפילו אויך שיער נישט אינגאַנצן. דאַ־מאָלס, ווען די זאַוויערוכע האָט שוין אויפגעהערט און עס האָט זיך באַוויזן די זון, האָט מען אונדז אַרויסגעטריבן גרויסע גרופּעס־ווייז און טיילמאָל די גאַנצע טורמע — אָפּצושאַרן די קופּעס שניי פון די קאַזשאָנע געביידעס. יעדן האָט מען געגעבן אַ לאָפּעטע, אַלע אינאיינעם איין שטיק אַרבעט, טיילמאָל אַזאַ גרויס, אַז מען האָט זיך געדאַרפט וווּנדערן, ווי אַזוי עס וועט מעגלעך זיין זיך דערמיט אַן עצה צו געבן, און אַלע האָבן זיך מוטיק גענומען צו דער אַר־בעט. דער טרייכער, נאָר־וואָס געפאַלענער און פון דער הייך לייכט־צוגעפרוירענער שניי, האָט זיך לייכט גענומען מיט דער לאָפּעטע, אין גרויסע קנוילן, און צעוואָרפן געוואָרן אַרום, פאַרוואַנדלענדיק זיך נאָך אין דער לופט אין אַ גלאַנציקן שטויב. די לאָפּעטע האָט זיך אַזוי אַריינגעשניטן אין דער ווייסער, אויף דער זון בלענדענ־

דיקער מאַסע! די אַרעסטאַנטן האָבן כמעט שטענדיק געמאַכט די אַרבעט פרייליך. די פרישע ווינטערדיקע לופט, דאָס באַוועגן זיך, האָט זיי צעהיצט. אַלע זיינען פרייליכער געוואָרן; עס האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער, אויסגעשרייען, גלייכווערטלעך. מען האָט אָנגעהויבן שפּילן אין שניי־קוילן, נישט אָן דעם, פאַרשטייט זיך, אַז עס זאָלן אין אַ מינוט אַרום נישט אָנהייבן צו שרייען די מער אויסגערעכנטע, וועלכע עס איז נישט געפעלן געוואָרן דאָס געלעכטער און די פרייליכקייט, און די אַלגעמיינע פאַרווייַלונג האָט זיך, געוויינטלעך, פאַרענדיקט מיט זידלערייען.

ביסלעכווייז האָב איך אָנגעהויבן פאַרברייטערן אויך דעם קרייז פון מיין באַקאַנטשאַפט. איבעריקנס, איך אַליין האָב נישט געטראַכט וועגן קיין באַקאַנטשאַפטן: איך בין אַלץ נאָך געווען אומרויִק, אומעטיק און אומצוטרויליך. מיינע באַקאַנטשאַפטן האָבן זיך אָנגעהויבן פון זיך אַליין. פון די ערשטע האָט מיך אָנגעהויבן באַזוכן דער אַרעסטאַנט פּיעטראָוו. איך זאָג **באַזוכן** און באַטאָן באַזונדערס דאָס דאָזיקע וואָרט. פּיעטראָוו האָט געוווינט אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג און אין דער פון מיר דערווייטעסטער קאַזאַרמע. קיין פאַרבינדונגען צווישן אונדז האָבן, ווייזט אויס, נישט געקענט זיין, קיין געמיינזאַמעס האָבן מיר אויך לחלוטין נישט געהאַט און נישט געקענט האָבן. און דאָך האָט, אין דער דאָזיקער ערשטער צייט, פּיעטראָוו געהאַלטן עפּעס ווי פאַר זיין חוב כמעט יעדן טאָג אַרייַנצוקוקן צו מיר אין קאַזאַרמע אָדער אָפּצושטעלן מיך אין דער פרייער צייט, ווען איך פלעג מיך אַרומדרייען הינטער די קאַזאַרמעס, ווי ווייט מעגלעך ווייטער פון אַלעמענס אויגן. מיר איז דאָס אין אָנהייב געווען נישט אָנגענעם. נאָר ער האָט דאָס עפּעס געקענט אַזוי פיין מאַכן, אַז זיינע באַזוכן האָבן גאָר אין גיכן מיך אָנגעהויבן אַפילו צעשטרייען, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דאָס איז געווען גאָרנישט קיין באַזונדערס אָפנהאַרציקער און

באַרעדעוודיקער מענטש. אויסערלעך איז ער געווען פון נישט הויכן וווּקס, אַ שטאַרק געבויטער, אַ פלינקער, אַן אומרויִקער, מיט אַ גאַנץ אָנגענעם פּנים, אַ בלייכער, מיט ברייטע באַקן־ביינער, מיט אַ דרייסטן בליק, מיט ווייסע, געדיכטע און קליינע ציין און מיט אַן אייביקן שמעק־טאַבאַק אויף דער ליפּ. ליגן אויף דער ליפּ טאַבאַק איז געווען אַ מנהג בײַ אַ סך קאַטאָרזשניקעס. ער האָט אויסגעזען ייִנגער פאַר זײַנע יאָרן. ער איז אַלט געווען אַ יאָר פערציק און אויסגעזען נאָר פון דרײַסיק. גערעדט האָט ער מיט מיר שטענדיק זייער פריי, זיך געהאַלטן אויף דער העכסטער שטופע אין דער מדרגה; דאָס הייסט, זייער אָנשטענדיק און פיין. אויב ער האָט באַמערקט, למשל, אַז איך וויל בלײַבן איינזאַם, האָט ער, אָפּרעדנדיק מיט מיר אַ מינוט צוויי, מיך באַלד פאַרלאָזט און יעדעס מאָל מיר געדאַנקט פאַר דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געטאָן קיינמאָל און נישט מיט קיינעם פון דער גאַנצער קאַטאָרגע. עס איז אינטערעסאַנט, אַז די דאָזיקע אייגנע באַציִונגען זײַנען פאַרבליבן צווישן אונדז נישט נאָר אין די ערשטע טעג, נאָר אויך אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר כּסדר און זײַנען כּמעט קיינמאָל נישט נעענטער געוואָרן, כאָטש ער איז מיר, אין אמתן, געווען איבערגעגעבן. איך קען מיר, אַפילו שוין אַצינד, נאָך אַלץ נישט דערקלערן, וואָס ער האָט, אייגנטלעך, פאַרלאַנגט פון מיר, נאָך וואָס ער איז געקראָכן צו מיר יעדן טאָג? כאָטש עס איז אַפילו געשען, אַז ער האָט מיך באַגנבעט, נאָר ער האָט געגנבעט עפּעס, ווי נישט ווילנדיק. קיין געלט אָבער האָט ער כּמעט קיינמאָל בײַ מיר נישט געבעטן, פאָלגלעך, איז ער דאָך געקומען אינגאַנצן נישט נאָך קיין געלט, אָדער נאָך עפּעס אַן אַנדערע זאַך.

איך ווייס נאָך נישט פאַרוואָס מיר האָט זיך עס שטענדיק געדוכט, אַז ער וווינט עפּעס ווי אינגאַנצן נישט צוזאַמען מיט מיר אין טורמע, נאָר ערגעץ ווײַט אין אַ צווייט הויז, אין שטאָט, און באַזוכט

די טורמע פאַרבייגייענדיק, כדי געוויר צו ווערן נייעס, צו באזוכן מיך, צו זען, ווי מיר אַלע לעבן. שטענדיק האָט ער זיך ערגעץ-ווו געאיילט, פונקט ווי ער וואָלט עמעצן געהאַט איבערגעלאָזט און מען וואַרט אים אָפּ דאָרט, פונקט ווי ער וואָלט ערגעץ עפּעס נישט געהאַט פאַרענדיקט; און פונדעסטוועגן, האָט ער זיך דאָך עפּעס ווי נישט זייער געאיילט. דער בליק איז בא אים געווען אויך עפּעס אַזא מאָדנער: אַן עקשנותדיקער, מיט אַן אָפּשיין פון דרייסטקייט און אַ געוויסן שפּאָט, נאָר געקוקט האָט ער עפּעס, ווי אינדערוויטנס, דורך דער זאַך אַדורך, ווי ער וואָלט איבער דער זאַך, וואָס האָט זיך געפונען פאַר זיין נאָז, זיך באַמיט צו באַטראַכטן עפּעס אַן אַנדערע זאַך, וואָס האָט זיך געפונען ווייטער. דאָס האָט אים צוגעגעבן אַ צערודערט אויסזען. איך האָב טיילמאָל אומישנע געקוקט: וווהין וועט גיין פון מיר פּיעטראָוו? ווו דערוואַרט מען אים דאָס אַזוי? נאָר פון מיר פלעגט ער איילנדיק אַוועקגיין ערגעץ אין אַ קאַזאַרמע אַריין, אָדער אין קיך אַריין, זיך אַוועקגעזעצט דאָרט לעבן עמעצן פון די רעדנדיקע, זיך צו פאַרקלערט צוגעהערט, טיילמאָל אַליין אויך אָנטייל גענומען אין געשפּרעך, אַפילו זייער הייס, און דערנאָך פלעגט ער פּלוצלינג אָפּהאַקן און שטיל בלייבן. נאָר צי ער האָט גערעדט, צי ער איז געזעסן שווייגנדיק, האָט מען דאָך אַלץ דערקענט, אַז ער איז אַזוי נאָר, דערווייל, אַז ערגעץ-ווו, דאָרט, איז דאָ אַ זאַך און ערגעץ וואַרט מען אויף אים. מערקווירדיקער פאַר אַלץ איז דאָס, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין שום באַשעפטיקונג; ער איז שטענדיק אַרומגעגאַנגען פוסט און פּאַס (אַ חוץ דער קאַזשאָנער אַרבעט, פאַרשטייט זיך). קיין שום מלאכה האָט ער נישט געקענט, און קיין געלט האָט ער אויך כמעט קיינמאָל נישט געהאַט. נאָר דאָס געלט נישט האָבן האָט אים אויך ווייניק געצאַרט. און וועגן וואָס האָט ער גערעדט מיט מיר? זיין געשפּרעך פלעגט אויך זיין אַ מאָדנע, ווי ער אַליין. ער דערזעט, למשל, אַז איך

דרייט מיך איינער אַליין ערגעץ הינטער דער טורמע, און פּלוצלינג גיט ער זיך קרום אַ דריי אויס אין מיין זייט אַריין. געגאַנגען איז ער שטענדיק שנעל, און זיך אויסגעדרייט קרימלעך. ער קומט צו פּאַמעלעך, און עס זעט אויס, ווי ער וואָלט צוגעלאָפן.

— גוט מאָרגן.

— גוט מאָרגן.

— איך האָב אייך נישט געשטערט?

— ניין.

— איך האָב אייך געוואָלט וועגן נאַפּאָלעאָנען פרעגן. ער איז דאָך אַ קרוב דעינס, וואָס איז אין צוועלפטן יאָר געווען? (פּיעטראָוו איז געווען פון די קאָנטאָגיסטן און אַ געלערנטער).

— אַ קרוב.

— אַ וואָסער-זשע פּרעזידענט, שמועסט מען, איז ער?

געפרעגט האָט ער שטענדיק שנעל, אָפּגעהאַקט, ווי ער וואָלט געדאַרפט וועגן עפּעס וואָס שנעל געוווּיר ווערן. פּונקט ווי ער וואָלט ידיעות וועגן עפּעס אַ זייער וויכטיקער זאַך צונויפגעקליבן, וועלכע מען טאָר אויף קיין איין מינוט נישט אָפּלייגן.

איך האָב אים דערקלערט, וואָס פאַר אַ פּרעזידענט ער איז, און צוגעגעבן, אַז עס קען זיין, ער זאָל אין קורצן קיסר ווערן.

— ווי אַזוי?

— איך האָב אים דערקלערט, ווי ווייט מעגלעך, אויך דאָס. פּיעטראָוו האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, גוט פאַרשטאַנען און שנעל זיך משער געווען, אַפילו אָנבייגנדיק אין מיין זייט אַריין דאָס אויער.

— הם. און אָט האָב איך אייך געוואָלט, אַלעקסאַנדער פּיעט-ראָוויטש, פרעגן: צי איז עס אמת, וואָס מען זאָגט, אַז עס זיינען

דאָ אַזעלכע מאַלפּעס, וואָס די הענט גרייכן זיי ביז די פּיאַטעס און זיי זיינען אַזוי גרויס, ווי דער העכסטער מענטש.

— יאָ, עס זיינען דאָ אַזעלכע.

— וואָסערע־זשע זיינען זיי?

— איך האָב אים דערקלערט, וויפיל איך האָב געוווּסט, אויף דאָס.

— און וווּ-זשע לעבן זיי?

— אין די הייסע לענדער. אויפן אינדזל סומאַטרע זיינען זיי דאָ.

— דאָס איז אין אַמעריקע, צי וואָס? ווי מען שמועסט, גייען דאָרט די מענטשן מיט די קעפּ אַראָפּ?

— נישט מיט די קעפּ אַראָפּ. דאָס מיינט איר די אַנטיפּאָדן. — איך האָב אים דערקלערט, וואָס עס איז אַזוינס אַמעריקע און, ווי ווייט מעגלעך, וואָס עס זיינען אַזוינס די אַנטיפּאָדן. ער האָט זיך צוגעהערט, אויך אַזוי אויפמערקזאַם, ווי ער וואָלט אומישנע געהאַט געקומען צו לויפן נאָר צוליב טאַקע די דאָזיקע אַנטיפּאָדן.

— אַ-אַ! און אָט האָב איך פאַריאָרן וועגן דער גרעפין לאַוואַליער געלעזן. פון אַדיוטאַנט אַרעפיעוו מיר אַ ביכל געבראַכט. איז דאָס אמת, אָדער אַזוי נאָר — אויסגעטראַכט? דיומאַס אַ פאַרכאַסונג.

— פאַרשטייט זיך, אויסגעטראַכט.

— נו, אַ גוטן. אַ דאַנק.

און פּעטראָוו איז פאַרשוווּנדן. און אין אמתן, מיר האָבן קיינמאָל כּמעט אַנדערש נישט גערעדט, ווי אַזוי.

איך האָב מיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויף אים. מ. געוויר ווערנדיק וועגן דער דאָזיקער באַקאַנטשאַפט, האָט מיך אַפילו געוואָרנט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַ סך פון די קאַטאָרזשנקעס האָבן

אָנגעוואָרפֿן אויף אים אַן אימה, באַזונדערס אין אָנהייב, אין די ערשטע טעג פֿון טורמע, נאָר קיין איינער פֿון זיי, אַפֿילו גאַזין, האָט נישט געמאַכט אויף אים אַזאַ איינדרוק, ווי דער דאָזיקער פּיעטראָוו.

— דאָס איז דער אַנטשלאָסנסטער, הפֿקרדיקסטער פֿון אַלע קאַטאָרזשניקעס, — האָט מ. געזאָגט: — ער איז אויף אַלץ פֿעיִק, ער וועט זיך פֿאַר גאָרנישט אָפּשטעלן, ווען עס וועט אים אַ קאַפּריז איינפֿאַלן ער וועט אײַך דערשטעכן, ווען דאָס וועט אים איינפֿאַלן, אַזוי, גאַנץ פּשוט — דערשטעכן, ער וועט זיך אַפֿילו נישט פֿאַרקרימען און קיין חרטה נישט האָבן. איך רעכן אַפֿילו, איך קלער אַפֿילו, אַז ער איז נישט בײַם פֿולן פֿאַרשטאַנד.

די דאָזיקע מיינונג האָט מיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט. נאָר מ. האָט מיר עפּעס נישט געקענט פֿאַרענטפֿערן, פֿאַרוואָס עס האָט זיך אים אַזוי געדאַכט. און אַ מאָדנע זאַך: עטלעכע יאָר כּסדר האָב איך געקענט דערנאָך פּיעטראָוון, כּמעט יעדן טאָג גערעדט מיט אים, די גאַנצע צײַט איז ער געווען צו מיר אמת צוגעבונדן (כאָטש איך ווייס לחלוטין נישט פֿאַרוואָס), — און אין די דאָזיקע גאַנצע עטלעכע יאָר, כאָטש ער האָט זיך צוגעפּירט אין טורמע זייער אָנשטענדיק און קיינמאָל גאָרנישט קיין שום שלעכטס געטון, דאָך האָב איך יעדעס מאָל, קוקנדיק אויף אים און רעדנדיק מיט אים, זיך איבערצייגט, אַז מ. איז געווען גערעכט און אַז פּיעטראָוו איז, קען זײַן, טאַקע דער אַנטשלאָסנסטער, גרעסטער הפֿקר־מענטש, וואָס אָנערקענט נישט איבער זיך קיין שום צוואַנג. פֿאַרוואָס דאָס האָט זיך מיר אַזוי געדאַכט, — קען איך מיר אויך נישט אָפּגעבן קיין רעכנונג.

איבעריקנס, וועל איך נאָך באַמערקן, אַז דער דאָזיקער פּיעטראָוו איז געווען דער אייגענער, וועלכער האָט געוואָלט דערהרגענען דעם פּלאַץ־מאַיאָר, ווען מען האָט אים גערופֿן צו דער באַשטראָפֿונג, און דער מאַיאָר איז „ניצל געוואָרן דורך אַ נס" — ווי די גרעס-

טאַנטן האָבן געזאָגט, — אַוועקפּאַרנדיק מיט איין מינוט פֿאַר דער באַשטראָפֿונג. אַן אַנדערט מאָל, נאָך פֿאַר דער קאַטאָרגע, האָט זיך געטראָפֿן, אַז דער פּאָלקאָווניק האָט אים אַ קלאַפּ געגעבן בשעת די איבונגען. מסתמא האָט מען אים שוין אַ סך מאָל פֿאַר דעם געהאַט געשלאָגן; נאָר דאָס מאָל האָט ער נישט געוואָלט ליידן און האָט דערשטאָכן זיין פּאָלקאָווניק עפֿנטלעך, אינמיטן העלן טאָג, פֿאַרן אויסגעשטעלטן פֿראָנט. איבעריקנס, איך ווייס נישט אַלע אייַנצלהייטן פֿון זיין געשיכטע. ער האָט זי מיר קיינמאָל נישט דערציילט. פֿאַרשטייט זיך, דאָס זיינען געווען נאָר אויסברוכן, ווען זיין נאַטור האָט זיך פּלוצלינג אַרויסגעוויזן אינגאַנצן, נאַקעט. נאָר פֿונדעסטוועגן זיינען זיי פֿאָרגעקומען בײַ אים גאַנץ זעלטן. ער איז, אין אמתן, געווען זייער באַרעכנט און אַפילו אַנשטענדיק ליידנשאַפֿטן אין אים האָבן געגליט און אַפילו שטאַרקע, ברענענדיקע: נאָר די הייסע קוילן זיינען געווען שטענדיק פֿאַרשאָטן מיט אַש און האָבן געגליט אין דער שטיל. קיין שאָטן פֿון באַרימעריי אָדער גאווה האָב איך קיינמאָל נישט באַמערקט אויף אים, ווי, למשל, בײַ אַנדערע. ער האָט זיך געקריגט זעלטן, זעלטן, דערפֿאַר איז ער אויך מיט קיינעם נישט געווען באַזונדערס פֿריינטלעך, אַ חוץ אפֿשר מיט איין סיראָטקינען, און דאָס אויך נאָר, ווען יענער איז אים נייטיק געווען. אַמאָל, פֿונדעסטוועגן, האָב איך געזען, ווי ער איז אויף אַן אמת בייז געוואָרן. מען האָט אים עפּעס נישט געגעבן, אַ געוויסע זאַך, מען האָט אים מיט עפּעס אָפּגענאַרט.

עס האָט זיך געקריגט מיט אים אַן אַרעסטאַנט, אַ גבור, פֿון הויכן וווּקס, אַ בייזער, אַ צוּלהכעיסניק, אַן אָפּשפּעטער און ווייט נישט קיין פּחדן, וואַסילי אַנטאָנאָוו, פֿון בעל־הבתישן שטאַנד. זיי האָבן שוין לאַנג געשריגן, און איך האָב געמיינט, אַז די זאַך וועט זיך ענדיקן, אויב שוין גאָר שלעכט, איז מיט קלעפּ, ווייל פּיעטראָוו, כאָטש טאַקע זייער זעלטן, נאָר טיילמאָל פֿלעגט ער זיך דאָך אַפֿילו רייסן

און זידלען, ווי דער נידעריקסטער קאַטאָרזשניק. נאָר דאָס מאָל איז געשען נישט אַזוי: פּיעטראָוו איז פּלוצלינג בלאַס געוואָרן, די ליפּן האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן און זײַנען בלוי געוואָרן; ער האָט אָנגעהויבן שווער צו עטעמען. ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און פּאַמעלעך, זייער פּאַמעלעך, מיט זײַנע שטילע, באָרוועסע טריט (זומער האָט ער זייער ליב געהאַט צו גיין באָרוועס), צוגעגאַנגען צו אַנטאָנאָוון. פּלוצלינג זײַנען אַלע, אין דער גאַנצער רוישנדיקער און ליאַרמענדיקער קאַזאַרמע מיט אײַנמאָל שטיל געבליבן; אַ פליג וואָלט מען געקענט הערן. אַלע האָבן געוואַרט, וואָס עס וועט זײַן. אַנטאָנאָוו איז אים אונטערגעשפּרונגען אַנטקעגן; ער איז געווען אינגאַנצן טויט... איך האָב נישט אויסגעהאַלטן און אַרויס פון קאַזאַרמע. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל נאָך נישט באַוויזן אַראָפּצוגיין פון גאַנעק, ווי איך וועל דערהערן דעם אויסגעשריי פון אַ דערשטאָכענעם מענטש. נאָר די זאַך האָט זיך פאַרענדיקט מיט גאָרנישט אויך דאָס מאָל.

אַנטאָנאָוו האָט שווײַגנדיק און שנעל, אײדער פּיעטראָוו האָט נאָך באַוויזן צוצוקומען צו אים, אַוועקגעוואָרפן אים די זאַך, צוליב וועלכער זיי האָבן זיך געקריגט. (עס האָט זיך געהאַנדלט אין עפּעס אַ נישטיקער שמאַטע, אין עפּעס אַ פּאָר אָנוצעס) פאַרשטייט זיך, אַז אין אַ מינוט צוויי אַרום האָט אַנטאָנאָוו, פון דעסטוועגן, אָנגעהויבן אים אַ ביסל צו זידלען, כדי רייִנצומאַכן זײַן געוויסן און ראַטעווען אַ ביסל דעם אייגענעם כבוד, צו ווײַזן, אַז דאָס האָט ער זיך נישט אַזוי שוין אינגאַנצן דערשראָקן. נאָר אויף דעם זידלען האָט פּיעטראָוו נישט געלייגט קיין שום אַכט, ער האָט אַפילו נישט געענטפערט: דאָ איז געגאַנגען נישט אין זידלען, און געווונען האָט ער; ער איז געבליבן זייער צופרידן און צוגענומען זיך די שמאַטעס. אין אַ פערטל שעה אַרום האָט ער זיך שוין אַרומגעדרייט, ווי אַן אמתער ליידיקגייער און ווי געזוכט צי וועט מען נישט אָנהייבן

רעדן ערגעץ און וועגן עפּעס אינטערעסאַנטעס, אַז ער זאָל אויך זיין נאָז אַריינשטעקן און זיך צוהערן. ווי עס האָט אויסגעזען, האָט אים אַלץ אינטרעסירט, נאָר עס איז עפּעס אַזוי געשען, אַז צו אַלץ איז ער, מערסטנטיילס, געבליבן גלייכגילטיק און נאָר אַזוי זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער טורמע אָן אַ באַשעפטיקונג. עס האָט אים געוואָרפן אַהין און אַהער. מען האָט אים געקענט אויך פאַרגלייכן מיט אַן אַרבעטער, מיט אַ פעסטן אַרבעטער, אונטער וועמענס האַנט די אַרבעט קנאַקט, נאָר ווען מען גיט דערווייל נישט קיין אַרבעט, און אַט זיצט ער און וואַרט און שפּילט זיך דערווייל מיט די קליינע קינדער. איך האָב אויך נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער לעבט אין טורמע, פאַרוואָס ער אַנטלויפט נישט? ער וואָלט זיך זיכער נישט פאַרטראַכט צי ער זאָל אַנטלויפן, ווען עס וואָלט זיך אים שטאַרק דאָס פאַרגלוסט איבער אַזעלכע מענטשן, ווי פּיעטראָוו, רעגירט דער פאַרשטאַנד נאָר אַזוי לאַנג, ווי לאַנג עס ווערט זיך זיי נישט עפּעס פאַרגלוסטן. דאָ איז שוין אויף דער גאַנצער ערד נישטאָ קיין שטערונג פאַר זייער פאַרלאַנג. און איך בין איבערצייגט, אַז ער וואָלט לייכט געקענט אַנטלויפן, ער וואָלט אָפּגענאַרט אַלע, גאַנצע וואָכן געקענט זיצן ערגעץ אין וואַלד, אָן ברויט, אָדער אין די שטשינעס פון טייך. נאָר, אַפּנים, אַז דאָס איז אים נאָך נישט איינגעפאַלן, און עס האָט זיך אים נאָך נישט גאָר שטאַרק פאַרגלוסט.

קיין גרויסע דענקינגס-קראַפט, קיין באַזונדערס געזונטן פאַרשטאַנד האָב איך קיינמאָל בא אים נישט באַמערקט. די דאָזיקע מענטשן ווערן שוין אַזוי באַלד געבוירן מיט איין אידעע, וואָס טרייבט זיי דאָס גאַנצע לעבן, אַהין און אַהער. אַזוי שלעפּן זיי זיך אַרום דאָס גאַנצע לעבן, ביז זיי געפינען זיך נישט עפּעס קיין זאַך אינגאַנצן לויט זייער פאַרלאַנג; דאָ איז זיי שוין דער קאָפּ אויך נישט טייער. איך האָב מיך, טיילמאָל, געוווּנדערט, ווי אַזוי עפּעס אַזאַ מענטש, וועלכער האָט דערשטאָכן זיין נאַטשאַלניק פאַר אַ קלאַפּ,

לייגט זיך אַזוי, אָן דעם מינדסטן ווידערשטאַנד, בײַ אונדז אונטער די ריטער. מען האָט אים טײַלמאָל אויך געשמיסן, ווען ער איז דורכגעפאַלן בײַם בראָנפן. ווי אַלע קאַראָזשניקעס, אין א פּאַר, האָט ער זיך טײַלמאָל אונטערגענומען אַדורכצוטראָגן בראָנפן. נאָר ער האָט זיך אונטער די ריטער געלייגט, אויך עפּעס ווי מיט זײַן אייגענעם ווילן, דאָס הייסט, ווי ער וואָלט אַנערקענט, אַז דאָס קומט אים; אין פאַרקערטן פאַל, וואָלט ער זיך בשום אופן נישט געווען געלייגט, כאָטש דערהרגעט אים.

איך האָב מיך אויך געוואונדערט אויף אים, ווען ער האָט, נישט קוקנדיק אויף זײַן גרויסער צוגעבינדנקייט צו מיר, מיך דאָך באַ-גנבעט. דאָס פלעגט אים באַפאַלן עפּעס ווי דורך א גורל. דאָס האָט ער מיר צוגעגנבעט די ביבעל, וועלכע איך האָב אים געגעבן נאָר צוצוטראָגן פון איין אָרט אויפן צווייטן. דער וועג איז באַשטאַנען נאָר פון עטלעכע טריט, נאָר ער האָט באַוויזן צו געפינען אויפן וועג א קונה, פאַרקויפט זי און באַלד פאַרטרונקען דאָס געלט. עס האָט זיך אים שוין, אַפּנים, זייער געוואָלט טרינקען, און אויב עס האָט זיך אים נאָר זייער שטאַרק געוואָלט, האָט עס שוין געמוזט דערפילט ווערן. אַזעלכער דערשלאָגט א מענטש פאַר א פופציקער, כּדי ער זאָל פאַר דעם דאָזיקן פופציקער אויסטרינקען א פערטעלע, כאָטש אין אַנדערן מאָל וועט ער אַדורכלאָזן אויך הונדערט טויזנט. אין אָנהייב האָט ער מיר אַליין אויסגעזאָגט וועגן דער גנבה, נאָר אָן דער מינדסטער בושה און חרטה, גאַנץ גלייכגילטיק, ווי וועגן דער געוויינטלעכסטער געשעעניש. איך האָב געפּרוּווט אים גוט אָנזידלען; עס איז מיר א שאָד געווען מײַן ביבעל. ער האָט אויסגעהערט, נישט אויפרעגנדיק זיך, אַפילו זייער רויק; ער איז איינשטימיק געווען, אַז די ביבעל איז זייער א נוצלעך בוך, אמת באַדויערט, וואָס איך האָב זי שוין נישט אַצינד, אָבער לחלוטין נישט קיין חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זי צוגעגנבעט; ער האָט געקוקט מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז

איך האָב אים באַלד אויפגעהערט צו זידלען. מיין זידלען האָט ער אויסגעהאַלטן, מסתמא, באַרעכענענדיק, אַז מען קען דאָך נישט אַנדערש, אַז מען זאָל אים נישט כאָטש אָנזידלען פאַר אַזאַ טאַט. זאָל ער זיך שוין, ווי איינער רעדט, כאָטש פון האַרץ אָפּרעדן, זיך אַ ביסל טרייסטן, זיך אָפּזידלען; נאָר אַז אין אמתן איז דאָס אַלץ נאַרישקייט, אַזאַ נאַרישקייט, אַז אַן ערנסטער מענטש וואָלט זיך אַפילו געשעמט צו רעדן דערפון. מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט מיך בכלל געהאַלטן פאַר עפּעס אַ קינד, שיער נישט פאַר אַ פּיצלס, וואָס פאַרשטייט נישט די קלענסטע זאַכן אויף דער וועלט. אויב, למשל, איך אַליין האָב אָנגעהויבן מיט אים וועגן עפּעס צו רעדן, אַ חוץ וויסנשאַפט און ביכער, האָט ער, וואָס אַן אמת, מיר געענטפערט, נאָר עפּעס בלויז ווי אויס העפלעכקייט, באַגרענעצנדיק זיך מיט די קורצסטע ענטפערן. אָפט האָב איך מיר געשטעלט אַ פראַגע: וואָס גייען אים אָן די דאָזיקע זאַכן פון די ביכער, וועגן וועלכע ער פרעגט מיך געוויינטלעך? עס האָט געטראָפן, אַז אין דער צייט פון די דאָזיקע געשפרעכן, פלעג איך, אַמאָל־אַמאָל, אַ קוק טון אויף אים פון דער זייט: צי לאַכט ער נישט אַמאָל פון מיר? נאָר ניין: געוויינטלעך האָט ער אויסגעהערט ערנסט, אויפמערקזאַם, כאָטש, איבעריקנס, נישט זייער, און דאָס דאָזיקע פלעגט מיך טיילמאָל פאַרדריסן. פראַגן האָט ער געשטעלט ריכטיקע, באַשטימטע, נאָר ער האָט זיך עפּעס נישט זייער געוווּנדערט אויף די ידיעות, וואָס ער האָט באַקומען פון מיר, און זיי אויפגענומען אַפילו מיט אַ געוויסער צעשטרייטונג... עס האָט זיך מיר נאָך געדאַכט, אַז וועגן מיר האָט ער באַשלאָסן, נישט באַרעכנדיק זיך לאַנג דעם קאָפּ, אַז מיט מיר קען מען נישט רעדן, ווי מיט אַנדערע מענטשן, אַז אַ חוץ געשפּרעכן וועגן ביכער, וועל איך וועגן גאָרנישט פאַרשטיין, אַז איך בין אַפילו נישט פעיק צו פאַרשטיין, אַזוי, אַז עס איז נישטאָ מיך וואָס צו באַאומרויקן.

איך בין איבערצייגט, אַז ער האָט מיך אַפילו ליב געהאַט,

און דאָס האָט מיך זייער געוווּנדערט. צי האָט ער מיך געהאַלטן פאַר אַ נישט דערוואַקסענעם, נישט פאַלקאַמאַנעם מענטש, צי האָט ער געפילט צו מיר דאָס דאָזיקע באַזונדערע געפיל פון רחמנות, וואָס יעדעס שטאַרקע באַשעפעניש פילט אינסטינקטיוו צו דעם צווייטן שוואַכערן, דערקענענדיק מיך פאַר אַ זעלכן... ווייס איך נישט. און כאָטש דאָס אַלץ האָט אים נישט געשטערט מיך צו באַגנבענען, נאָר איך בין איבערצייגט, אַז אַפילו בשעתן גנבענען, האָט ער אויך אויף מיר רחמנות געהאַט. „עך! — האָט ער, מסתּמא, געטראַכט, אַרויפלייגנדיק די האַנט אויף מיין זאַך — אָבער וואָס פאַר אַ מענטש דאָס איז, וועלכער קען אַפילו זיין פאַרמעגן נישט אָפּהיטן!" נאָר פאַר דעם טאַקע, האָט ער מיך, דאַכט זיך, אויך ליב געהאַט. ער האָט מיר איינמאָל געזאָגט, אַזוי נישט ווילנדיק, אַז איך בין שוין „אַ צו גוטהאַרציקער מענטש" און „איר זענט שוין אַזוי פּשוט, אַזוי פּשוט בא זיך, אַז אַ רחמנות נעמט אַזש אָן. נאָר איר, אַלעקסאַנדער פּיעטראָוויטש, נעמט דאָס נישט אָן ווי אַ באַליידיקונג, — האָט ער צוגעגעבן אין אַ מינוט אַרום — איך האָב דאָך דאָס אַזוי, מיטן גאַנצן האַרץ געזאָגט."

מיט אַזעלכע מענטשן געשעט טיילמאָל אין לעבן, אַז זיי ווייזן זיך פּלוצלינג אַרויס שאַרף און דייטלעך און שטרייכן זיך אונטער אין אַ מינוט פון עפּעס אַ זייער געפערלעכן, אויסערגעוויינטלעכן טאַט, אָדער איבערקערעניש, און אויף אַזאַ אופן ווערן זיי מיט איינמאָל די אויספירער פון אַזאַ טעטיקייט, צו וועלכער זיי זיינען פעיק. זיי זיינען נישט קיין מענטשן פון וואָרט און קענען נישט זיין די אָנהייבער און הויפּט אָנפירער פון אַ זאַך; נאָר זיי זיינען די הויפּט-אויספירער פון איר און הייבן די ערשטע אָן. זיי הייבן אָן פּשוט, אָן באַזונדערע געשרייען, נאָר כאָרדעם, שפּרינגען זיי די ערשטע אַריבער איבער דער הויפּט-שטערונג, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך, אָן שרעק, גלייך אויף אַלע מעסערס אַרויף, — און אַלע וואַרפן זיך

זיי שוין נאָך און גייען בלינד, גייען ביז דער לעצטער וואַנט, ווו זיי לייגן אויך, געוויינטלעך, זייערע קעפּ. איך גלייב נישט, אַז פּיעט־ראָוו זאָל ענדיקן גוט; ער וועט אַמאָל אין איין מינוט פאַרענדיקן מיט אַלעם, און אויב ער איז נאָך נישט פאַרפאַלן געוואָרן ביז אַצינד, הייסט עס, אַז זיין באַשטימטער פאַל איז נאָך נישט געקומען. איבע־ריקנס, ווער ווייסט? אפשר וועט ער אויך דערלעבן ביז די גרויע האָר און שטאַרבן גאַנץ רויִק פון אַלטקייט, אַרומשלעפנדיק זיך פריער אָן אַ ציל אַהין און אַהער. נאָר מיר דאַכט זיך, אַז מ. איז געווען גערעכט, זאָגנדיק אַז דאָס איז געווען דער אַנטשלאָסנסטער מענטש פון דער גאַנצער קאַטאָרגע.

VII.

## אנטשלאָסענע מענטשן — לוטשקע

וואָס אָמבאַלאַנגט אַנטשלאָסענע מענטשן, איז שווער צו זאָגן אויף קאַטאָרגע, פּונקט ווי אומעטום, זיינען געווען אַזעלכע זייער ווייניק. לויט אויסזען, דאַכט זיך, אַ שרעקלעכער מענטש. דו שטעלסט דיר פאָר טיילמאָל, וואָס מען דערציילט זיך אָן וועגן אַזעלכע, און דו מיידסט אים אויס. עפּעס אַן אומבאַשטענדלעך געפיל האָט מיך אַפילו שוין אין אָנהייב באַוווּגן אויסצומיידן די דאָזיקע מענטשן. דערנאָך האָב איך מיך אַ סך געענדערט אין מיין מיינונג וועגן אַפילו די שרעקלעכסטע מערדער. עס טרעפט אַזעלכער, וואָס האָט אַפילו קיינעם נישט דערהרגעט, און זעט דאָך אויס שרעקלעכער פון דעם, וואָס איז פאַר זעקס מאָרדן דאָ אַהער געקומען. וועגן אַנדערע פאַרברעכנס ווידער איז שווער געווען זיך צו שאַפן אַפילו דעם מינדסטן באַגריף. אַזוי פיל מערקווירדיקס איז געווען אין זייער אויספירונג. איך זאָג דאָס, נעמלעך, דערפאַר, וואָס בא אונדז, צווישן פּראָסטן פאָלק, קומען פאָר טייל מערדערייען צוליב די וווּנדערלעכסטע סיבות. עס עקזיסטירט, למשל, און אַפילו גאַנץ אָפט, אַזאַ טיפּ מערדער: עס לעבט זיך דער דאָזיקער מענטש שטיל און רויק. זיין גורל איז ביטער, — ער ליידט. לאָמיר זאָגן, דאָס איז אַ פּויער, אַ הויף־מענטש, אַ שטאָט־מאַן, אַ סאָלדאַט. פּלוצלינג האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן בא אים: ער האָט נישט אויסגעהאַלטן און דורכגעשטאָכן מיט אַ מעסער זיין שונא און פאַרפאָלגער. און דעמאָלט הייבט זיך אָן דאָס מערקוויר־

דיקע: דער מענטש שפּרינגט פּלוצלינג אַרויס פון דער גרענעץ.
דעם ערשטן טאָג האָט ער דערשמעקט זיין פאַרפאָלגער, זיין שונא;
כאָטש דאָס איז אויך אַ פאַרברעך, דאָך אַ פאַרשטענדלעכער; דאָ
איז געווען אַ סיבה. נאָך דערנאָך שמעקט ער שוין אויך נישט זיינס
קיין שונאים, ער שמעקט דעם ערשטן בעסטן, וואָס ער באַגעגנט, שמעקט
פיר פאַרגעניגן, פאַר אַ שלעכט וואָרט, פאַר אַ בליק, פאַר אַ גאָר-
נישט, אָדער פשוט: „אַוועק פון וועג, קום נישט אנטקעגן, איך גיי!"
דער מענטש ווערט, ווי שיכור, געפינט זיך, ווי אין אַ היץ-צושטאַנד.
פונקט ווי, אַריבערשפּרינגענדיק איינמאָל די פאַר אים באַשטימטע
גרענעץ, הייבט ער שוין אָן זיך צו קוויקן מיט דעם, וואָס עס איז
נישטאָ פאַר אים שוין מער קיין שום הייליקס, פונקט אַזוי טראָגט
עס אים אויך שוין אונטער אַריבערצושפּרינגען מיט איינמאָל איבער
יעדער געזעצלעכקייט און מאַכט און אָנצוזעטיקן זיך מיט דעם געפיל,
ווען דאָס האַרץ שטאַרבט אָפּ פאַר פחד, וואָס עס איז נישט מעג-
לעך, אַז ער זאָל עס נישט פילן צו זיך אַליין, צו דעם צו, ווייסט
ער נאָך אויך, אַז עס וואַרט אים אָפּ אַ שרעקלעכע שטראָף. דאָס
אַלץ איז ענלעך צו דעם געפיל, ווען אַ מענטש לאָזט זיך אַראָפּ פון
אַ הויכן טורם אין אַ טיפקייט, וועלכע געפינט זיך אונטער די פיס,
אַזוי, אַז ער וואָלט שוין ענדלעך אַליין צופרידן געווען זיך אַראָפּצוואַרפן
מיטן קאָפּ אַראָפּ וואָס שנעלער, אַבי די זאַך זאָל שוין איינמאָל אַ
סוף נעמען! און דאָס אַלץ טרעפט מיט די רויקסטע און ביז אַצינד
אומבאַמערקבאַרסטע מענטשן. טייל פון זיי שטאָלצירן נאָך אין דער
דאָזיקער פאַרגעסנהייט. וואָס דערשלאָגענער ער איז געווען פריער,
אַלץ שטאַרקער טראָגט עס אים אונטער אַצינד אַ הוליע צו טון, אַ
פחד אָנצוּוואַרפן. ער קוויקט זיך מיט דעם דאָזיקן פחד, האָט ליב
אַפילו דעם עקל, וואָס ער רופט אַרויס בײַ אַנדערע. ער מאַכט זיך
פאַר אַזאַ אַנטשלאָסענעם, און אַזאַ „אַנטשלאָסענע" וואַרט שוין טייל-
מאָל אַליין אָפּ וואָס גיכער זיין שטראָף, ער וואַרט, אַז מען זאָל אים

שוין פאַרצוּרטיילן, ווייל אים אַליין ווערט שוין, ענדלעך, שווער צו טראָגן אויף זיך די אָנגעבלאָזנקייט פון דער דאָזיקער צנטשלאָסנ־הייט. עס איז אינטערעסאַנט, וואָס מערסטנטיילס האַלט די דאָזיקע שטימונג, די דאָזיקע גאַנצע אָנגעבלאָזנקייט פונקט ביז צום עשאַ־פאָט, און דערנאָך, פונקט ווי נע וואָלט זי מיט אַ מעסער אָפּגע־שניטן: פונקט ווי דער דאָזיקער טערמין וואָלט, אין אמתן, געווען אַ מין פאַרמעלער, ווי פֿון פריער, דורך געוויסע פאַר דעם געזעצן, באַשטימטער. דאָ ווערט דער מענטש פלוצלינג רויק, פאַרטושט זיך, פאַרוואַנדלט זיך עפּעס, ווי אין אַ שמאַטע. אויפן עשאַפאָט האָט ער חרטה — בעט באַם פאָלק מחילה. ער קומט אין טורמע, און די קוקסט: אַזאַ באַגאַווערטער, אַזאַ באַראָצטער, דערשלאָגענער אַפילו, אַזוי, אַז דו וווּנדערסט זיך אויף אים: „צי איז דאָס מעגלעך, אַז דאָס זאָל זיין דער זעלבער, וועלכער האָט דערשחטן פינף־זעקס מענטשן?"

פאַרשטייט זיך, אַז טייל באַרויקן זיך אין טורמע אויך נישט אַזוי שנעל. עפּעס פאַרסירן זיי נאָך אַלץ אַזוי, שטאָלצירן; אָט בין איך דאָך עפּעס נישט, הייסט עס, ווי איר מיינט, אַ ליאַדע ווער: „איך האָב צו זעקס נפשות". נאָר עס ענדיקט זיך דערמיט, וואָס ער באַרויקט זיך דאָך סוף־כל־סוף. טיילמאָל נאָר טרייסט ער זיך, דער־מאָנענדיק זיך זיין ברייטן פאַרנעם, זיין „לעב", וואָס איז פאַרגע־קומען איינמאָל אין זיין לעבן, ווען ער איז געווען „צנטשלאָסן", און ער איז זייער צופרידן, ווען ער געפינט' נאָך עפּעס אַ נאַר, פאַר וועמען מיט גרויס וויכטיקייט זיך צו צעשפּרייטן, זיך צו רימען און דערציילן זיין גאַנצע בריהשקייט, נישט אַרויסווייזנדיק, איבעריקנס, אַז דאָס גלוסט זיך אים אַליין אַזוי צו דערציילן. אָט, הייסט עס, וואָס פאַר אַ מענטש איך בין געווען!

און מיט וואָס פאַר אַ פיינקייט עס ווערט צעפּגעהיטן די דאָ־זיקע זעלבסטצופרידענע פאַרזיכטיקייט, ווי פויל און נצכלעסיק איז

טיילמאָל אזאַ דערציילונג! וואָס פאַר אַן אויסגעלערנטע רויִקייט עס פילט זיך אין טאָן, אין יעדן וואָרט פון דערציילער. און ווי האָט זיך דער עולם דאָס אויסגעלערנט!

איינמאָל, אין די דאָזיקע ערשטע טעג, אין אַ לאַנגן אָוונט, האָב איך, גאָרנישט טוענדיק און ליגנדיק אַזוי אומזיסטיק אויף די נאַרעס, אויסגעהערט איינע פון אַזעלכע דערציילונגען, און צוליב מיין נישט געניטקייט, אָנגענומען דעם דערציילער פאַר עפּעס אַ קאָלאָסאַלן, שרעקלעכן רוצח, פאַר אַן אומדערהערטן אייזערנעם כאַראַקטער, דאַמאָלס, אין דער זעלבער צייט, ווען איך האָב נאָך כמעט חוזק געמאַכט פון פּיעטראָוון. די טעמע פון דער דערציילונג איז געווען, ווי אַזוי ער, לוקאַ קוזמיטש, האָט נישט פאַר עפּעס אַנדערש, נאָר בלויז פאַר פאַרגעניגן וועגן, אַוועקגעלייגט אַ מאַיאָר. ער, לוקאַ קוזמיטש, דאָס איז געווען דאָס זעלבע קליינינקע, דייענקע, מיט דעם שפּיציקן נאָז, יונגעטשקע אַרעסטאַנטל פון אונדזער קאַזאַרמע, פון די כאַכלעס, וועגן וועלכן איך האָב שוין עפּעס דערמאַנט. געווען איז ער אין אמתן אַ רוסישער, נאָר געבוירן געוואָרן איז ער אויף דרום, דאַכט זיך, אַלס הויף־מענטש. ער האָט אין אמתן געהאַט אין זיך עפּעס שאַרפס, פּאַריסנס: „קליין דאָס פייגעלע, אָבער די נעגעלעך שאַרף". נאָר די אַרעסטאַנטן דערפילן אינסטינקטיוו אַ מענטש. אים האָט מען זייער ווייניק געאַכטעט, אָדער, ווי מען זאָגט אויף קאַטאָרגע: „אים האָט מען שוין צו ווייניק געאַכטעט". ער האָט זיך שרעקלעך ליב געהאַט. געזעסן איז ער זיך אין דעם אָוונט אויף די נאַרעס און גענייט אַ העמד. דאָס נייען וועש איז געווען זיין מלאכה. לעבן אים איז געזעסן אַ פאַרשוין אַ טעמפּער און באַגרענעצטער, נאָר אַ גוטער און צוגעלאָזענער, אַ פעסטער און הויכער, זיין שכן אויף די נאַרעס, דער אַרעסטאַנט קאָבילין. צוליב דער שכנות, האָט זיך לוטשקאַ מיט אים אָפט געקריגט און בכלל זיך באַציִען צו אים, ווי צו אַ נישטיקן, מיט שפּאָט און דעס-

פּאַטיש, וואָס קאַבילין האָט טײלווײז גאָרנישט באַמערקט, צוליב זײַן פּראָסטהאַרציקײט. ער האָט געשטריקט אַ וואָלענעם זאָק און גלײַכ־גילטיק אױסגעהערט לוטשקאָן. יענער האָט דערצײלט גאַנץ הױך און דײַטלעך. אים האָט זיך געגלוסט, אַז עס זאָלן אים אַלע אױסהערן, כאָטש ער האָט זיך, פאַרקערט, באַמיט צו מאַכן אַ מינע, אַז ער דער־צײלט נאָר קאַבילינען אַלײן.

— דאָס האָט מען מיך, ברודער, איבערגעשיקט פון אונטער שטאָט — האָט ער אָנגעהױבן, שטעכנדיק מיט דער נאָדל, — קײן טש—ה, פאַר בראָדיאַגערײַ, הײסט עס.

— דאָס איז, װען־זשע, שױן לאַנג געװען? — האָט קאַבילין געפרעגט.

— אָט, דער אַרבעס װעט צײַטיק װערן — װעט דאָס צװײטע יאָר זײַן. נו, און װען מיר זײַנען געקומען קײן ק—ו האָט מען מיך אײַנגעזעצט אױף אַ קורצער צײַט אין טורמע. איך קוק: עס זיצן מיט מיר אַ מענטשן צװעלף, אַלע — כאַכלעס הױכע, געזונטע, פעסטע, װי די ביקעס, און אַזעלכע שטילע: דאָס עסן איז געמײן. עס דרײט מיט זײ זײער מאַיאָר, װי איז אַלײן געשװעלט (לוטשקאַ האָט אױמישנע פאַרדרײט דאָס װאָרט). איך זיץ אַ טאָג, זיץ צװײ; איך זע — דער עולם איז אַ טרוס. װאָס־זשע, זאָג איך, לאָזט איר עס אַזאַ דוראַק זיך אױף די קעפּ אַרױפקריכן?

— און גײ נאָר, דו אַלײן, רעד מיט אים! — און זײ לאַכן נאָך אַפילו פון מיר. שװײַג איך. און אַזאַ לעכערלעכער איז דאָרט געװען אײן כאַכאָל, ברודער, — האָט ער פּלוצלינג צוגעגעבן, אַװעק־װאַרפנדיק קאַבילינען און װענדנדיק זיך צו אַלע אײנײנעם. — ער האָט דערצײלט, װי אַזױ מען האָט אים אין געריכט געמשפּט, און װי אַזױ ער האָט אין געריכט גערעדט, און אַלײן גיסט ער מיט טרערן, װײנט; קינדער, זאָגט ער, זײַנען אינדערהײם געבליבן, אַ

ווייב. אַליין איז ער אַזאַ גרויסער, אַזאַ גרויער, אַזאַ גראָבער. „איך, זאָגט ער, זאָג אים: ניין! און ער דער טייוולאָנישער זון שרייבט אַלץ, שרייבט אַלץ. נו, טראַכט איך מיר, אַ זאָלסטו פּגרן, און איך זאָל עס נאָך אַליין מיט די אייגענע אויגן צוזען! און ער שרייבט אַלץ, שרייבט אַלץ. און ווי נאָר ער האָט אָנגעשריבן, שוין! דאָ איז שוין מיין קאָפּ פאַרלוירן געגאַנגען!" גיב נאָר, וואַסיאַ, אַ פּאָדעם; דער קאַטאָרזשנער איז פאַרפוילט.

— באַזאַרנער*) — האָט וואַסיאַ געענטפערט, דערלאַנגענדיק אַ פּאָדעם.

— אונדזער שוואַלנער איז בעסער. זיי האָבן דאָ די טעג דעם נעוואַליד געשיקט, און ווער ווייסט באַ וואָס פאַר אַ געמיינע באַבע דאָרט ער נעמט! — האָט לוטשקאַ ווייטער גערעדט, אַרייַנציִענדיק קעגן ליכט דעם פּאָדעם.

— באַ אַ קומע, הייסט עס.

— יאָ, באַ אַ קומע.

— נו, איז וואָס-זשע, וואָס-זשע איז מיטן מאַיאָר? — האָט געפרעגט דער אינגאַנצן פאַרגעסענער קאָבילין.

מער האָט לוטשקאַ נישט געדאַרפט. פונדעסטוועגן האָט ער דאָך נישט באַלד אָנגעהויבן ווייטער זיין דערציילונג, ער האָט אַפילו עפעס ווי נישט געהאַלטן פאַר וויכטיק קאָבילינען מיט זיין אויפמערקזאַמקייט צו באַשענקען. רויִק האָט ער זיך צעגומען די פעדעם, רויִק און פויל פאַרלייגט די פיס אונטער זיך, און ערשט דאַמאָלס אָנגעהויבן ווייטער צו רעדן.

— האָב איך, ענדלעך, אונטערגעהעצט מיינע כאַלעס, און זיי האָבן דעם מאַיאָר אַרויסגעפּאָדערט. און איך האָב מיר נאָך אינדער-

*) באַזאַרנער — אויפן באַזאַר — מאַרק — געקויפט.

פרי בא א שכן אַ מעס־יר געבעטן, גענומען און באַהאַלטן עס, הייסט עס, אויף יעדן פאַל. איז אויפגעקאָכט געוואָרן דער מאַיאָר. ער פאָרט. נו, זאָג איך, כאַכלעס, נאָר נישט קיין מורא געהאַט! און בײַ זיי איז שוין די נשמה אין די פּיענטעס געווען; אַזוי ציטערן זיי. איז אַרײַנגעלאָפן דער מאַיאָר, שיכּור. „ווער איז דאָ! ווי אַזוי איז דאָ! איך בין קיסר, איך בין אויך גאָט“. רוק איך מיך אַזוי אַרויס, — האָט לושקאַ ווייטער דערציילט: — דאָס מעסער האָב איך אין אַרבל.

— ניין, זאָג איך, אײַער וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, — און אַליין רוק איך מיך אַזוי פּאַמעלעכעטשקע אַלץ נענטער און נענטער: — ניין, ווי אַזוי קען שוין דאָס זיין, זאָג איך, אײַער הויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, אַז איר זאָלט זיין איבער אונדז אי קיסר אי גאָט?

— אַ, דאָס ביסטו, דאָס ביסטו? — האָט דער מאַיאָר אַ ריטש געטון — דער בונטאָווטשיק!

— ניין, זאָג איך (און אַליין רוק איך מיך אַלץ נענטער און נענטער), ניין, זאָג איך, אײַער וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, ווי עס איז אפשר באַוווּסט און באַקאַנט אײַך אַליין אויך, איז אונדזער גאָט דער אַלמעכטיקער, וואָס איז פול אומעטום, איינער נאָר, זאָג איך, און אונדזער קיסר איז אויך איינער, איבער אונדז אַלע פון גאָט אַליין באַשטימט. ער, אײַער וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, זאָג איך, איז אַ מאָנאַרך. און איר, זאָג איך, אײַער וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, זענט נאָר דערווייל בלויז אַ מאַיאָר — אונדזער נאַטשאַלניק, אײַער וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, מיט דעם קיסרלעכן גנאָד, זאָג איך, און אַ דאַנק אײַערע פאַרדינסטן.

— ווי - ווי - הי - הי — ער האָט אַזוי אָנגעהויבן צו קוואַקען, רעדן קען ער אַפילו נישט, ער פאַרבלישטשעט זיך. ער איז שוין צופיל פאַרוווּנדערט געוואָרן.

— אָט וואָס, זאָג איך; און ווי איך גיב מיך אַ וואָרף אויף אים פּלוצלינג, און גלייך אין בויך אַריין איז דאָס גאַנצע מעסער אַריינגעלאָזט. עס איז מיר עפּעס צו דער האַנט אויסגעקומען. ער האָט זיך אַ וואַקל געטון, און נאָר בלויז מיט די פּיס אָנגעהויבן צו פּלאָנטערן. איך האָב דאָס מעסער אַוועקגעוואָרפן.

— זעט, זאָג איך, כאַכלעס, הייבט אים אויף אַצינד!

דאָ וויל איך אָפּטרעטן אויף אַ ווײַלע. צום אומגליק זיינען אַזעלכע אויסדריקן: „איך בין קיסר, איך בין אויך גאָט״ און נאָך אַ סך אַנדערע אַזעלכע ענלעכע, נישט ווייניק באַנוצט געוואָרן מיט אַ צייט צוריק דורך אַ סך פון די קאָמאַנדירן. מען מוז, איבעריקנס, מודה זיין, אַז אַזעלכע קאָמאַנדירן זיינען געבליבן שוין נישט קיין סך, און מעגלעך, אַז זיי זיינען שוין אינגאַנצן פאַרשוואונדן. איך וויל אויך באַמערקן, אַז באַזונדערס האָבן פּאָרסירט*) און ליב געהאַט צו פּאָרסירן מיט אַזעלכע אויסדריקן מערסטנטיילס די קאָמאַנדירן, וועלכע האָבן אַליין געשטאַמט פון די נידעריקע טשינען. דער אָפּי־ציר־טשין האָט זיי ווי איבערגעדרייט די געדערים און צוזאַמען מיט דעם אויך דעם קאָפּ. אַרבעטנדיק פריִער שווער און ביטער און דורכגייענדיק אַלע מדרגות פון אונטערטעניקייט, דערזען זיי זיך פּלוצלינג אַלס אָפיצירן, קאָמאַנדירן, אַדל־לייט, און צוליב דער נישט־געוואוינטקייט און דער ערשטער פאַרשיכורונג פאַרגרעסערן זיי דעם באַגריף פון זייער מאַכט און באַדייטונג; פאַרשטייט זיך, אַז נאָר אין דער באַציִונג צו די זיי אונטערגעוואָרפענע נידעריקע טשינען. צו די העכערע אָבער פון זיך, באַציִען זיי זיך נאָך אַלץ אַזוי ווי פריִער מיט דער זעלבער אונטערטעניקייט, וואָס איז שוין אַצינד אינגאַנצן נישט נייטיק און אַפילו דערווידער אַ סך נאַטשאַלניקעס. טייל פון זיי איילן נאָך אַפילו מיט אַ באַזונדערער חניפה צו דער־

---

*) געפּאָרסירט — זיך פאַרגעשטעלט, שטאָלצירט.

קלערן פאַר זייערע העכערע קאָמאַנדירן, אַז זיי שטאַמען דאָך אַליין פון נידעריקע טשינעס, כאָטש זיי זייבען שוין אַפילו אָפיצירן און „זייער אָרט געדענקען זיי שטענדיק". נאָר צו די נידעריקע טשינען האָבן זיי זיך באַצויגן כמעט ווי אומבאַגרענעצטע באַפעלער. פאַרשטייט זיך, אַז אַצינד איז אַ ספק, צי עס געפינען זיך שוין גאָר אַזעלכע, און צי עס וועט זיך שוין גאָר געפינען אַזעלכער, וואָס זאָל אויסשרייען: „איך בין קיסר, איך בין אויך גאָט". נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם, וועל איך דאָך באַמערקן, אַז קיין זאַך רייצט נישט אַזוי אויף די אַרעסטאַנטן, און בכלל אַלע נידעריקע טשינען, ווי אָט אַזעלכע אויסדריקן פון די נאַטשאַלניקעס. דאָס דאָזיקע נאַכאַלנע אַליין זיך גרויס מאַכן, די דאָזיקע פאַרגרעסערטע מיינונג וועגן זייער אומבאַשטראָפטקייט, רופט אַרויס אַ האַס באַ דעם הכנעהדיקסטן מענטש און פירט אים אַרויס אינגאַנצן פון געדולד. צום גליק זייבען די אַלע זאַכן, כמעט שוין פאַרשוווּנדענע, אויך אין דער פאַרגאַנגענהייט שטרענג פאַרפאָלגט געוואָרן פון דער נאַטשאַלסטוואָ. עטלעכע ביישפּילן צו דעם ווייס אויך איך.

בכלל ווערט דער נידעריקער טשין אויפגערייצט פון יעדן איבערגעטריבענעם שטאָלץ פון די נאַטשאַלניקעס, פון יעדן מיאוסן באַגיין זיך מיט זיי. טייל מיינען למשל, אַז אויב מען זאָל גוט דערנערן, גוט האַלטן דעם אַרעסטאַנט, אַלץ דערפילן ווי דאָס געזעץ הייסט, און עס וואָלט שוין גענוג געווען. דאָס איז אויך אַ טעות. יעדער, ווער ער זאָל נישט זיין און ווי דערנידעריקט ער זאָל שוין נישט זיין, כאָטש אינסטינקטיוו, כאָטש אומבאַוווּסטזיניק, נאָר ער פאָדערט דאָך אַכטונג פאַר זיין מענטשלעכן ווערט. דער אַרעסטאַנט ווייסט אַליין, אַז ער איז אַן אַרעסטאַנט, אַ פאַרשטויסענער, און ווייסט זיין ווערט קעגן דעם נאַטשאַלניק. נאָר מיט קיין שום סטעמפּלען, מיט קיין שום קייטן וועסטו נישט בייטן אים צו פאַרגעסן, אַז ער איז אַ מענטש. און אַזוי ווי ער איז דאָך טאַקע אַ מענטש, איז

פאַלגלעך, דאַרף מען זיך באַגיין מיט אים מענטשלעך. גאָט מיי־
נער! אַ מ ע נ ט ש ל ע ך באַ ג יי ן ז י ך קען דאָך מאַכן פאַר אַ מענטש
אפילו אויך אַ זעלכן, אויף וועלכן דער צלם אלהים איז שוין לאַנג
אויסגעלאָשן געוואָ־ן. אָט, מיט די דאָזיקע אומגליקלעכע טאַקע דאַרף
מען זיך ערשט באַגיין וואָס מענטשלעכער. דאָס איז זייער רעטונג
און זייער פרייד. איך האָב געזען די ווירקונג, וואָס עס האָבן גע־
האַט אויף די דאָזיקע דערנידעריקטע. עטלעכע צערטלעכע ווער־
טער — און די אַרעסטאַנטן זיינען כמעט מאָראַליש אויפגעלעבט
געוואָרן. ווי קינדער האָבן זיי זיך געפריידט און ווי קינדער אָנגע־
הויבן ליבן. איך וויל באַמערקן נאָך איין וואונדערלעכע זאַך: די
אַרעסטאַנטן אַליין האָבן נישט ליב קיין צו גרויסע פאַמיליאַריש־
קייט און שוין צו גוט־האַרציקע באַנעמונג פון די נאַטשאַלניקעס.
אים ווילט זיך אַכטן זיין נאַטשאַלניק, און דאָ הערט ער עפּעס
פלוצלינג אויף, אים צו אַכטן. דעם אַרעסטאַנט איז ליב, למשל, אַז
זיין נאַטשאַלניק זאָל האָבן אָרדנס, זאָל זיין אָנגעזען, זאָל זיין באַ־
ליבט בײַ וועלכן עס איז העכערן נאַטשאַלניק, זאָל זיין אויך שטרענג
און ערנסט, און גערעכטיק, און זאָל אויך זיין ערע אָפּהיטן. אַזע־
לכע האָבן די אַרעסטאַנטן צום מערסטן ליב: ער האָט, הייסט עס,
זיין ערע אָפּגעהיטן, און זיי אויך נישט באַליידיקט, איז, הייסט עס,
אַלץ אי גוט אי פיין.

. . . . . . . . . . . . .

— און מסתמא האָט מען דיך שוין גוט געבראָטן פאַר דעם? —
האָט רויק באַמערקט קאָבילין.

— הם. געבראָטן, ברודער, וואָס אַן אמת, האָבן זיי געבראָטן.
אַלעי, גיב נאָר די שער! וואָס איז עפּעס, ברידערלעך, היינט קיין
מיידאַן נישטאָ?

— זיי האָבן זיך שוין לאַנג אָנגעשיכורט — האָט וואַסיאַ באַ־

מערקס — אויב זיי וואָלטן זיך נישט געווען אָנגעשיכּורט וואָלט טאַקע געווען.....

— אויב! פאַר אַן „אויב" גיט מען אויך אין מאָסקווע הונ־דערט רובל, — האָט לוטשקאַ באַמערקט.

— און וויפיל האָט מען דיר, לוטשקאַ, געגעבן פאַר דעם אַלעם איינעם? — האָט ווידער קאַבילין אָנגעהויבן.

— זיי האָבן געגעבן, ליבער פריינט, הונדערט פינף. און וואָס איך וועל אייך זאָגן ברידערלעך: זיי האָבן מיך שיער נישט דער־הרגעט, — האָט לוטשקאַ אונטערגעכאַפּט, ווידער אוועקוואַרפנדיק קאַבילינען. — אָט, ווען מען האָט מיר אָפּגעפּסקנט די הונדערט פינף, האָט מען מיך אוועקגעפירט מיטן גאַנצן פּאַראַד. און ביז דאַ־מאָלס האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין ריטער פאַרזוכט. אַ המון האָט זיך אַ לאָז געטון פון אַלע זייטן, די גאַנצע שטאָט איז זיך צונויפגעלאָפן: אַ מערדער וועט מען באַשטראָפן, אַ רוצח, הייסט עס. אַזוי נאַריש איז שוין דאָס דאָזיקע פאָלק, אַז איך ווייס שוין אַליין נישט ווי אַזוי צו זאָגן. טימאָשקע*) האָט מיך אויסגעטון, אַני־דערגעלייגט, ער שרייט: „האַלט דיך! איך וועל דיך אָפּבריען!" איך וואַרט: וואָס וועט זיין? ווי ער גיט מיר אַ וואָרף אַריין איינס — אַז איך האָב געוואָלט אַ געשריי טון, דאָס מויל שוין געעפנט, נאָר איך האָב קיין לשון נישט, דאָס קול, הייסט עס, איז מיר אָפּגענומען גע־וואָרן. ווי ער גיט מיר אַ וואָרף אַריין צוויי, נו, גלייב יאָ, גלייב נישט — איך האָב שוין אַפילו נישט געהערט, ווי מען האָט צוויי אָפּ־געציילט. און ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, הער איך מען ציילט: די זיבעצענטע. אַזוי, ברידער, האָט מען מיך דערנאָך אַמאָל פיר פון דער שמייס־באַנק אַראָפּגענומען, צו האַלבע שעה מיך געלאָזט אָפּרוען, מיט וואַסער באַשפּרוצט. איך קוק אויף אַלע, אַרויסזעצנדיק

*) דער תליין

די אויגן, און איך טראַכט: „איך וועל שוין דאָ שטאַרבן"...

— און דו ביזט נישט געשטאָרבן? — האָט קאַבילין נאָך געפרעגט.

לוטשקאַ האָט אַ וואָרף געטון אויף אים אַ טיף פאַראַכטעטן בליק. עס האָט זיך דערהערט אַ כאַכאָטשעריי.

— אַ שטיק האָלץ דאָס איז!

— מאַך מיט אַזעלכן ... — האָט לוטשקאַ באַמערקט, ווי ער וואָלט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט גאָר געקענט מיט אַזאַ מענטש רעדן אָנהייבן.

— ער איז אויפן שכל, הייסט עס, געהרגעט — האָט וואַסיאַ גאָר שטאַרקער באַמערקט.

לוטשקאַ, כאָטש ער האָט שוין זעקס מענטשן געהאַט דער-הרגעט, נאָר אין טורמע האָט דאָך פאַר אים קיינער קיינמאָל נישט קיין מורא געהאַט, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט, אפשר, מיטן גאַנצן האַרץ געוואָלט שמען פאַר אַ שרעקלעכן מענטש...

IX.

## יאָסאַי פּאָמיטש — דאָס באָד — באַקלויזינגס דערציילונג.

עס איז געקומען דער יום-טוב פון קריסטוס-געבורט. די אַרעס-טאַנטן האָבן אים דערוואַרט מיט עפּעס אַ באַזונדערער פייערלעכקייט, און קוקנדיק אויף זיי, האָב איך אויך אָנגעהויבן דערוואַרטן עפּעס אומגעוויינטלעכס. אַ פיר טעג פאַר יום-טוב האָט מען אונדז געפירט אין באָד אַריין. אין מיין צייט, באַזונדערס אין מיינע ערשטע יאָרן, האָט מען די אַרעסטאַנטן זעלטן-ווען געפירט אין באָד אַריין. אַלע האָבן זיך דערפריידט און אָנגעהויבן זיך גרייטן. עס איז געווען באַשטימט צו גיין נאָך מיטאָג, און אין די נאָך-מיטאָגער איז שוין קיינמאָל נישט געווען קיין אַרבעט. מער פאַר אַלע אין קאַזאַרמע האָט זיך געפריידט און געפּאָרעט יאָסאַי פּאָמיטש בומשטיין, אַ ייִדישער קאַטאָרזשניק, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט אין פערטן קאַפּיטל פון מיין דערציילונג. ער האָט ליב געהאַט זיך צו פאַרען ביז חלשות, און יעדעס מאָל, ווען עס קומט מיר אויס אַצינד, איבערקלויבנדיק די אַלטע זכרונות, צו דערמאָנען זיך אויך וועגן אונדזער קאַטאָרגע-באָד (וואָס איז ווערט, אַז מען זאָל עס נישט פאַרגעסן), איז אויפן ערשטן פּלאַן פון בילד טרעט אַרויס פאַר מיר דאָס פּנים פון דעם גליקלעכן און אומפאַרגעסלעכן יאָסאַי פּאָמיטש, דעם חבר פון מיין קאַטאָרגע-לעבן און שכן אין קאַזאַרמע. גאָט, וואָס פאַר אַ קאָמישער און לעכערלעכער מענטש דאָס איז געווען! איך האָב שוין

געזאָגט עטלעכע ווערטער וועגן זיין פיגורל: פון אַ יאָר פופציק, אַ קרענקלעכער, איינגעשרומפּענער. מיט די שרעקלעכסטע שטעמפּלען אויף די באַקן און אויפן שטערן, אַ מאָגערער, אַ שוואַכער, מיט אַ הייסן פויגל-קערפּערל. אין אויסדרוק פון זיין פּנים האָט זיך געזען אַן אומאויפהערלעכע, דורך גאָרנישט קיינמאָל געשטערטע זעלבסט-צופרידנהייט און אפילו גליקלעכקייט. דאַכט זיך, ער האָט גאָרנישט באַדויערט, וואָס ער איז אַריינגעפאַלן אין דער קאַטאָרגע. אַזוי ווי ער איז געווען אַ יובעליר, און קיין יובעליר איז אין שטאָט נישט געווען, האָט ער געאַרבעט אָן אויפהער נאָר בלויז זיין יובעליר-אַרבעט פאַר די בעל-בתים און נאַטשאַלסטוואָ פון שטאָט. מען האָט אים, כאָטש ווייניק, נאָר דאָך געצאָלט. עס האָט אים נישט געפעלט. ער האָט געלעבט אַפילו רייך, נאָר ער האָט געזאַמלט געלט און אוועק-געבאָרגט אויף משכּנות פאַר פּראָצענט דער גאַנצער קאַטאָרגע. ער האָט זיך געהאַט זיין סאַמאָוואַר, אַ מאַטראַץ אַ גוטן, טעפלעך, אַ גאַנץ מיטאָג-געשיר. די שטאָטישע יידן האָבן אים נישט פאַרלאָזט, האָבן זיך באַקאַנט מיט אים און געזאָרגט פאַר אים. אין די שבתים איז ער געגאַנגען מיט אַ קאָנוואַי אין דער שטאָטישער שול אַריין (וואָס עס איז דערלויבט דורכן געזעץ) און האָט געלעבט אינגאַנצן זאָרג-לאָז, אָפּוואַרטנדיק, איבעריקנס, מיט אומגעדולד דעם סוף פון זיין צוועלף-יעריקן טערמין, כּדי „חתונה צו האָבן”. ער האָט געהאַט אין זיך די קאָמישסטע צונויפמישונג פון נאַיוויטעט, נאַרישקייט, כיטרע-קייט, עזות, אויפריכטיקייט, שעמעוודיקייט, באַרימעריי און נאַכאַל-סטוואָ. מיר האָט זייער מערקווירדיק אויסגעזען דאָס, וואָס די קאַ-טאָרזשניקעס האָבן לחלוטין נישט געלאַכט פון אים, אַ חוץ אפשר אַ ביסל געשפּאַסט מיט אים פאַר פאַרווייַלונג. ייסאַי פאָמיטש האָט, אפּנים, געדינט פאַר אַלע צום צעשטרייען זיך און זיך שטענדיקן פרייַלעך מאַכן. „ער איז בײַ אונדז איינער, טשעפּעט נישט ייסאַי פאָמיטשן”, האָבן די אַרעסטאַנטן געזאָגט, און ייסאַי פאָמיטש, כאָטש

ער האָט פאַרשטאַנען אייגנטלעך אין וואָס עס גייט. נאָר ער האָט דאָך, אַפּנים, שטאָלצירט מיט זיין גרויסער באַדייטונג, וואָס עס האָט זייער געווילט די אַרעסטאַנטן. ער איז אָנגעקומען אויף דעם קאָמישסטן אופן אויף קאַטאָרגע (נאָך פאַר מיר, נאָר מען האָט מיר דערציילט). איינמאָל פלוצלינג, פאַרנאַכט, אין אַ שבת-טאָג, האָט זיך פאַרשפּרייט אין טורמע אַ קלאַנג, אַז מען האָט געבראַכט אַ יידל און מען גאָלט אים אין דער הויפּט-וואַך, און אַז ער וועט באַלד אַריינקומען. פון יידן איז אויף קאַטאָרגע קיינער נאָך נישט געווען. די אַרעסטאַנטן האָבן אים אָפּגעוואַרט מיט אומגעדולד און אים באַלד אַרומגערינגלט, ווי נאָר ער האָט אַריבערגעטרעטן די שוועל פון טויער. דער אונטער-אָפיציר פון טורמע, האָט אים אַריינגעפירט אין דער אַלטער קאַזאַרמע און אים אָנגעוויזן אַן אָרט אויף די נאַרעס. יסאַי פאָמיטש האָט געהאַט מיט זיך זיין זאַק, מיט די אים אַרויסגעגעבענע קאַזיאָנע און זיינע אייגענע זאַכן. ער האָט אַוועקגעלייגט דעם זאַק, זיך איינגעאָרדנט אויף די נאַרעס און אַוועקגעזעצט, אַרונטערגעמענדיק אונטער זיך די פיס, נישט וואַגנדיק אויף קיינעם אויפצוהייבן די אויגן. אַרום אים האָבן זיך דערהערט אַ געלעכטער און טורמע-ווערטלעך, וועלכע האָבן אויסגעלאַכט זיין יידישע אָפּשטאַמונג. פלוצלינג האָט זיך דורך דעם עולם דורכגעשטופּט אַ יונגער אַרעסטאַנט, טראָגנדיק אין די הענט זיינע שוין זייער אַלטע, שמוציקע און צעריסענע הויזן, מיט אַ צולאָג פון די קאַזיאָנע אָנוטשעס. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן יסאַי פאָמיטשן און אַ קלאַפּ געטאָן אים איבער דער פּלייצע.

— נו, ליבער פריינט, איך וואַרט דיך שוין דאָ דאָס זעקסטע יאָר אָפּ. אָט, קוק, וועסט אַ סך געבן?

און ער האָט צעלייגט פאַר אים די געבראַכטע שמאַטעס.

יסאַ פאָמיטש, וועלכער איז באַם אַריינטרעטן אין טורמע אַזוי שטאַרק דערשראָקן געוואָרן, אַז ער האָט אַפילו נישט געוואַגט די אויגן אויפצוהייבן אויף דער דאָזיקער מחנה אָפּשפּעטער, פאַרשעמטע

און שרעקלעכע פרצופים, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט געדיכט פון אַלע זייטן, און ער האָט נאָך נישט באַוויזן פאַר כּחד קיין איין וואָרט אַפילו אַרויסצורעדן. — האָט, דערוועגנדיק דאָס משכּון, זיך פּלוצלינג אַ טרייסל געטון און פלינק אָנגעהויבן איבערצוקלייבן מיט די פינגער די שמאַטעס. ער האָט זיי אַפילו אַ הייב געטון קעגן דער ליכט. אַלע האָבן געוואַרט וואָס ער וועט זאָגן.

— וואָס-זשע, אַ זילבערנעם רובל וועסטו געבן? עס וואָלט דאָך דיר געלוינט! — האָט ווייטער גערעדט דער משכּון-געבער, אונטערווינקענדיק צו יאָסאַי פּאָמיטשן.

— אַ רובל אין זילבער קען מען נישט, נאָר זיבן קאָפּעקעס קען מען יאָ.

און דאָס זיינען די ערשטע ווערטער, וואָס זיינען אַרויסגערעדט געוואָרן דורך יאָסאַי פּאָמיטשן אין כּורמע. און אַלע האָבן זיך אַ קאָליער געטון פאַר געלעכטער.

— זיבן! נו, גיב כאָטש זיבן: דיין גליק! זע-זשע, היט דאָס משכּון; מיטן קאָפּ ביסטו מיר דערפאַר פאַראַנטוואָרטלעך.

— פּראָצענט דריי קאָפּעקעס, וועט זיין צען קאָפּעקעס, — האָט אָפּגעהאַקט און מיט אַ ציטערדיקן קול ווייטער גערעדט דאָס ייִדל, אַראָפּלאָזנדיק די האַנט אין קעשענע אַריין נאָך געלט און מיט מורא קוקנדיק אויף די אַרעסטאַנטן. ער האָט אַ שרעקלעך מורא געהאַט, אַ שטאַרק געוואָלט דאָס געשעפט מאַכן.

— ווי, דריי קאָפּעקעס אַ יאָר פּראָצענט!

— ניין, נישט קיין יאָר, נאָר אַ חודש.

— ביסט דאָך אַ קמצן, ייִד. און ווי רופט מען דיך?

— יאָסאַי פּאָמיטש.

— נו, יאָסאַי פּאָמיטש, דו וועסט באַ אונדז ווייט דערגיין! זייַ געזונט.

— יאָסאַי פּאַמיטש האָט נאָכאַמאָל באַקוקט דאָס משכּון, אײַנגעלייגט עס און פאַרזיכטיק אַרײַנגערוקט עס אין זאַק, בײַ דער באַגלייטונג פון אַן אומאויפהערלעכן געלעכטער פון די אַרעסטאַנטן.

אים האָבן, אין אמתן, אַלע עפּעס ווי ליב געהאַט און קיינער האָט אים קיינמאָל נישט באַליידיקט, כאָטש כמעט אַלע זײַנען אים שולדיק געווען. אַליין איז ער געווען אַזוי גוט ווי אַ הון און זעענדיק די גוטע אויפגעלייגטקייט צו זיך פון אַלע, האָט ער זיך אַפילו געוווילערט, נאָר מיט אַזאַ גוטהאַרציקער לעכערלעכקייט, אַז אַלע האָבן אים דאָס מוחל געווען. לוטשקאַ, וועלכער האָט שוין געקענט אויף זײַן לעבן אַ סך יידלעך, האָט זיך אָפּט געריצט מיט אים און לחלוטין נישט צוליב בייזקייט, נאָר אַזוי, צוליב פאַרווײַלונג, פּונקט ווי מען שפּילט זיך אַמאָל מיט אַ הינטל, מיט אַ פּאַפּוגאַי, מיט געלערנטע חיהלעך און א. וו. יאָסאַי פּאַמיטש האָט דאָס גאַנץ גוט געוווּסט, זיך כּלל נישט באַליידיקט און זייער געשיקט אָפּגעענטפערט.

— עי, ייִד, איך וועל דיך צוברעכן!

— דו וועסט מיר איינמאָל געבן, און איך דיר צען, — ענטפערט ווילעריש יאָסאַי פּאַמיטש.

— פאַרך פאַרשאָלטענער!

— זאָל זײַן פאַרך.

— ייִד פאַרשיווער!

— זאָל זיך זײַן אַזוינער, כאָטש אַ פאַרשיווער אָבער אַ רײַכער; דעם גראָשן האָט ער.

— האָט קריסטוסן פאַרקויפט.

— זאָל זיך זײַן אַזוי.

— פײַן, יאָסאַי פּאַמיטש, מאָלאָדיעץ! טשעפּעט אים נישט, ער איז איינער בײַ אונדז! — שרײַען מיט געלעכטער די אַרעסטאַנטן.

— עי, ייד, ווערסט כאַפּן ריטער, וועסט קיין סיביר גיין.
— איך בין שוין אַזוי אויך אין סיביר.
— נאָך ווייטער וועט מען דיך פאַרשיקן.
— און גאָט איז דאָרט דאָ?
— דאָ — איז ער דאָ.
— נו, זאָל־זשע זיין; זאָל נאָר זיין גאָט און דער גראָשן, וועט שוין אומעטום גוט זיין.

— אַ מאָלאָדיעץ יאָסאַי פּאָמיטש, מען זעט אַז ער איז אַ מאָלאָדיעץ! — שרייט מען אַרום און אַרום, און יאָסאַי פּאָמיטש, כאָטש ער זעט, אַז מען לאַכט פון אים, ווילערט ער זיך דאָך. די אַלגעמיינע לויב־ווערטער פאַרשאַפן אים פאַרגעניגן, און ער הייבט אָן איבער דער גאַנצער קאַזאַרמע צו זינגען מיט אַ דינעקן סאָפּראַן: לאַ־לאַ־לאַ־לאַ־לאַ! עפּעס אַזאַ אומגעלומפּערטן קאָמישן מאָטיוו, דאָס איינציקע ליד אָן ווערטער, וועלכעס ער האָט געזונגען אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט פון זיין קאַטאָרגע. דערנאָך, באַקענענדיק זיך נענטער מיט מיר, האָט ער מיך איבערצייגט מיט אַ שבועה, אַז דאָס איז דאָס זעלבע ליד און טאַקע דער זעלבער ניגון, וועלכן עס האָבן געזונגען אַלע זעקס הונדערט טויזנט יידן פון קליין ביז גרויס, אַריבערגייענדיק דעם שווארצן ים, און אַז פאַר יעדן ייד איז אַ חיוב צו זינגען דעם דאָזיקן ניגון אין אַ מינוט פון פרייד און נצחון איבער די שונאים.

ערב יעדן שבת, פרייטיק־צו־נאַכטס, איז מען פון אַנדערע קאַזאַרמעס געקומען אומישנע אין אונדזער קאַזאַרמע אַריין זען, ווי אַזוי יאָסאַי פּאָמיטש וועט אָפּרעכטן זיין שבת. יאָסאַי פּאָמיטש איז געווען אויף אַזוי פיל אומשולדיק־באַרימעריש און גאווהדיק, אַז די אַלגעמיינע נייגעריקייט האָט אים פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן. ער האָט מיט אַ פּעדאַנטישער און באַזונדערס־אויסגעלערנטער וויכטיקייט

זיך געגרייט אין ווינקל זיין קליינטשיק טישעלע, אויפגעעפנט א בוך, אנגעצונדן צוויי ליכטלעך און, מורמלענדיק עפעס אזעלכע אומפארשטענדלעכע ווערטער, האט ער אנגעהויבן זיך איינהילן אין זיין ריזע*) (ריזשע, ווי ער האט ארויסגערעדט). דאס איז געווען א העלקאלירטע הילע פון וואלן-שטאף, וועלכע ער האט זייער פלייסיק געהיטן אין זיין קאסטן. אויף ביידע הענט האט ער זיך ארומגעדרייט אזעלכע פאסיקלעך, און אויפן קאפ, אויפן סאמע שטערן, האט ער זיך אנגעבונדן אזא הילצערן קעסטעלע, אזוי, אז עס האט זיך געדאכט, אז פון יאסאי פאמיטשעס שטערן שטעקט ארויס עפעס אזא לעכערלעכער הארן**). נאכדעם האט זיך אנגעהויבן די תפילה. ער האט זי געזאגט זינגענדיק. ער האט געשריגן, אלע מאל געשפיגן, זיך געדרייט אין אלע זייטן, געמאכט ווילדע און קאמישע העוויות. פארשטייט זיך, אז דאס אלץ איז געווען אזוי פארגעשריבן לויט ד' מנהגים פון דער תפילה און אין דעם אלעם איז נישט געווען קיין שום לעכערלעכס און משוגעדיקס, נאר לעכערלעך איז געווען דאס, וואס יאסאי פאמיטש האט עפעס ווי אומישנע זיך פארגעשטעלט פאר אונדז און זיך גרויס געהאלטן מיט זיינע מנהגים. דא פארדעקט ער זיך פלוצלינג מיט די הענט דעם קאפ און הייבט אן צו זאגן מיט געוויין, דאס וויינען שטארקט זיך, און ער לאזט פאלן אן כוחות און כמעט מיט א יאמער-געשריי אויפן בוך זיין קאפ, וואס איז באצירט מיט דעם קעסטעלע. נאר פלוצלינג הייבט ער, אינמיטן פון די שטארקסטע געוויינען, אן צו לאכן און צו זאגן זינגענדיק, מיט עפעס אזא רחמנותדיק-פייערלעך, מיט עפעס אזא, פון גרויס גליק, שוואך געווארן קול.

— „זעסט ווי עס צענעמט אים!" פלעגן זאגן די ארעסטאנטן.

---

*) גליות.

**) ווי עס איז צו זען, איז דעם אויטאר געווען אומבאקאנט, אז יידן דאווענען נישט פרייטיק-צו-נאכטס אין קיין טלית און תפלין.

איך האָב אַמאָל געפרעגט ייִסאַי פּאָמיטשן: וואָס עס באַדייטן די דאָזיקע געוויינען און דערנאָך פלוצלינק דאָס פייערלעכע איבערגיין צו דער צופרידנהייט און גליקזעליקייט? ייִסאַי פּאָמיטש האָט שרעקלעך ליב געהאַט דאָס דאָזיקע נאָכפרעגן זיך מיינס. ער האָט מיר באַלד דערקלערט, אַז דאָס געוויין און די יאָמער-געשרייען באַדייטן דאָס טראַכטן וועגן חורבן ירושלים, און אַז דאָס געזעץ הייסט באַ דעם דאָזיקן געדאַנק ווי ווייט מעגלעך שטאַרקער וויינען און זיך קלאַפּן אין האַרץ אַריין. נאָר אַז אין דער מינוט פון די שטאַרקסטע יאָמער-געשרייען, דאַרף ער, ייִסאַי פּאָמיטש, פלוצלינג, עפּעס ווי אומגערעכט, זיך דערמאַנען (דער פלוצלינק איז אויך פאַרגעזען דורכן געזעץ), אַז עס איז דאָ אַ נביאות וועגן דעם צוריקקערן זיך פון די ייִדן קיין ירושלים. דאָ דאַרף ער אומבאַדינגט אַרויס מיט פרייד, מיט לידער, מיט געלעכטער און אַרויסרעדן די תפילות אַזוי, אַז ער זאָל שוין מיטן קול אַליין אויסדריקן וואָס מער גליק און מיטן פּנים וואָס מער פייערלעכקייט און איידלקייט. דער דאָזיקער איבערגאַנג פלוצלינק און דער דאָזיקער אומבאַדינגטער חיוב פון דער דאָזיקער איידלקייט זיינען געפעלן געוואָרן ייִסאַי פּאָמיטשן: ער האָט געזען אין דעם אַ באַזונדער גאָר איבערגעשפּיצט קונץ-שטיק, און מיט אַ באַרימערישער מינע מיר דערקלערט דעם דאָזיקן שכלדיקן כלל פון געזעץ. איינמאָל איז, אין מיטן פון העכסטן פלאַם פון אַזאַ תפילה, אין צימער אַריינגעקומען דער פּלאַץ-מאַיאָר, אין דער באַגלייטונג פון וואַך-אָפיציר און די קאָנוואָיען. אַלע אַרעסטאַנטן האָבן זיך אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע באַ זייערע נאַרעס, אַיין ייִסאַי פּאָמיטש נאָר האָט נאָך מער אָנגעהויבן צו שרייען און צו קרימען זיך. ער האָט געוווּסט, אַז דאַוונען איז דערלויבט, איבעררייסן עס האָט מען נישט געטאָרט, און, שרייענדיק אין דער קעגנוואַרט פון מאַיאָר, האָט ער נישט ריזיקירט. פאַרשטייט זיך, מיט גאָרנישט. נאָר אים איז זייער אָנגענעם געווען צו קרימען זיך אַ

ביסל פאַרן מאַיאָר און זיך פאָרצושטעלן פאַר אונדז. דער מאַיאָר איז צוגעגאַנגען צו אים אויף איין טריט ווייט: יאָסאַי פאָמיטש האָט זיך אויסגעדרייט מיטן הינטן צו זיין טישל און אָנגעהויבן גלייך דעם מאַיאָר אין פּנים אַריין צו זאָגן מיט געזאַנג זיין הייערלעכע נבואה, פאַכנדיק מיט די הענט. אַזוי ווי אים איז פאָרגעשריבן געווען אויסצודריקן אין דער מינוט אויף זיין פּנים אַ סך גליק און איידלקייט, האָט ער דאָס טאַקע גלייך געטון עפּעס אַזוי באַזונדערס פאַרגלאָצנדיק די אויגן, לאַכנדיק און שאָקלענדיק קעגן מאַיאָר מיטן קאָפּ. דער מאַיאָר איז פאַרוווּנדערט געבליבן. נאָר, ענדלעך, האָט ער אַ פלאַץ אַרויס געגעבן מיט אַ געלעכטער, אַ זאָג געטון אים גלייך אין די אויגן אַריין „דוראַק״ און אַרויסגעגאַנגען, און יאָסאַי פאָמיטש האָט נאָך שטאַרקער פאַרגרעסערט זיינע געשרייען. אין אַ שעה אַרום, ווען ער האָט שוין געגעסן נאַכט-עסן, האָב איך געפרעגט: און וואָס וואָלט געווען, ווען דער פלאַץ-מאַיאָר, וואָלט צוליב זיין נאַרישקייט, בייז געוואָרן?

— וואָס פאַר אַ פלאַץ-מאַיאָר?

— וואָס הייסט, וואָס פאַר אַ? איר האָט דען נישט געזען?

— ניין.

— ער איז דאָך געשטאַנען אויף איין אַרשין ווייט פון אייך, גלייך פאַר אייער פּנים!

נאָר יאָסאַי פאָמיטש האָט מיך מיט דער גרעסטער ערנסטקייט אָנגעהויבן פאַרזיכערן, אַז ער האָט לחלוטין נישט געזען קיין שום מאַיאָר, אַז אין דער צייט, בײַ די תפילות פאַלט ער אַריין עפּעס אין אַזאַ עקסטאַז, אַזוי, אַז ער זעט שוין גאָרנישט און הערט שוין גאָרנישט, וואָס אַרום אים קומט פאָר.

ווי אַצינד זע איך יאָסאַי פאָמיטשן, ווי ער פלעגט זיך שבת אַרומשלעפּן אָן אַרבעט איבער דער גאַנצער טורמע, באַמיִען-

דיק זיך מיט אַלע כּוחות גאָרנישט צו טון, ווי דאָס איז פֿאַרגעשריבן אין געזעץ פֿאַר שבת. וואָס פֿאַר אַן אַנעקדאָטן ער האָט מיר דערציילט יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען פֿון זיין געבעט-הויז, וואָס פֿאַר אַ מערקווירדיקע ידיעות און קלאַנגען פֿון פּעטערבורג ער האָט מיר געבראַכט, פֿאַרזיכערנדיק מיך, אַז דאָס האָט ער זיי באַקומען פֿון זיינע יידעלע, און יענע פֿון די ערשטע הענט.

נאָר איך האָב מיך שוין צופֿיל צערעדט וועגן יאָסאַי פּאָמיטשן.

אין דער גאַנצער שטאָט זיינען געווען נאָר צוויי עפנטלעכע בעדער. דאָס ערשטע, וועלכעס עס האָט געהאַלטן אַ ייד, איז געווען אַ נומערירטס, מיטן פּרייז פֿון פֿופֿציק קאָפּעקעס אַ נומער און איז איינגעאָרדנט געווען נאָר פֿאַר גרויסע לייט. דאָס צווייטע באָד ווידער איז געווען שוין פֿאַרן פּראָסטן פֿאָלק, אַן אַלטס, אַ שמוציקס, אַן ענגס און אָט אין דעם באָד אַריין טאַקע האָט מען דאָס געפֿירט אונדזער טורמע. עס איז געווען פֿראָסטיק און זוניק. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך געפֿריידט שוין נאָך דעם, וואָס זיי וועלן אַרויסגיין פֿון פֿעסטונג און אַ קוק טון אויף דער שטאָט. דער שפּאַס און דאָס געלעכטער האָבן נישט אויפֿגעהערט איבערן וועג. אַ גאַנצע אָפּטיילונג סאָלדאַטן האָט אונדז באַגלייט מיט אָנגעלאָדענע ביקסן, אויפֿן ווינדער פֿון דער גאַנצער שטאָט. אין באָד האָט מען אונדז באַלד צעטיילט אין צוויי „זמיאַנעס". די צווייטע האָט צוגעוואַרט אין קאַלטן פֿאָדער-באָד, כּל-זמן די ערשטע „זמיאַנע" האָט זיך געוואַשן, וואָס מען האָט געמוזט טון צוליב דעם ענגשאַפֿט אין באָד. נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם, איז אין באָד געווען אַזוי ענג, אַז עס איז אַפֿילו שווער זיך פֿאָרצושטעלן, ווי אַזוי עס האָט אַ העלפֿט פֿון אונדז דאָרט געקענט אַריין. נאָר פּיעטראָוו איז נישט אָפּגעטרעטן פֿון מיר; ער איז אַליין, צו מיין איינלאַדונג, צוגעשפּרונגען מיר צוהעלפֿן און מיר אַפֿילו פֿאָרגעלייגט אָפּוואַשן מיך. צוזאַמען מיט פּיעטראָוון האָט זיך גענומען מיך באַדינען אויך באַקלושין, אַן אַרעסטאַנט פֿון דער

באַזונדערער אָפּטיילונג, וועלכן מען האָט גערופן בײַ אונדז פּיאָנער און וועגן וועלכן איך האָב שוין עפּעס דערמאָנט, ווי וועגן דעם פּרייזלעכסטן און ליבסטן פֿון די אַרעסטאַנטן, וואָס ער איז טאַקע אין אמתן געווען. מיר האָבן זיך שוין געהאַט אַ ביסל באַקאַנט. פּיעט־ראָוו האָט מיר געהאָלפֿן אַפּילו זיך אויסטאָן, ווײַל איך האָב מיך, צוליב נישט געוווינטקייט, אויסגעטאָן זייער לאַנג, און אין פּאָדער־באָד איז געווען קאַלט שיִער נישט אַזוי ווי אין דרויסן. אַגב, איז אַן אַרעס־טאַנט זייער שווער זיך אויסצוטאָן, אויב ער האָט זיך נאָך נישט גוט אויסגעלערנט. ערשטנס דאַרף מען קענען שנעל צעשנורעווען די קייטן־קישעלעך. די דאָזיקע קייט־קישעלעך ווערן געמאַכט פֿון לעדער, אַ ווערשקעס פֿיר די לענג, און ווערן אָנגעטאָן אויף דער וועש, גלײַך אונטער דעם אײַזערנעם רינג, וואָס נעמט אַרום דעם פֿוס. אַ פּאָר קייטן־קישעלעך קאָסטן נישט ווייניקער פֿון זעקס צוואַנ־ציקל ך אין זילבער, און דאָך מוז זיי זיך דער אַרעסטאַנט פֿאַר־שאַפֿן פֿאַר זײַן געלט, פֿאַרשטייט זיך, ווײַל אָן די קייטן־קישעלעך איז נישט מעגלעך צו גיין. דער רינג פֿון דער קייט נעמט נישט אַרום פֿעסט דעם פֿוס, און צווישן דעם רינג און דעם פֿוס קען אַרײַנ־גיין אַ פֿינגער; אויף אַזאַ אופֿן קלאַפּט דאָס אײַזן אָן דעם פֿוס, רײַבט אים, און דער אַרעסטאַנט וואָלט זיך אָן קייטן־קישעלעך באַ־וויזן אין איין טאָג ווונדן אָנצומאַכן. נאָר אַראָפּצונעמען די קייטן־קי־שעלעך איז נאָך נישט אַזוי שווער. שווערער איז זיך אויסצולערנען פֿלינק אַראָפּצונעמען פֿון אונטער די קייטן אַפֿער די וועש. דאָס איז אַ גאַנצע קונץ. אַראָפּציִענדיק די אונטערשטע וועש, לאָמיר זאָגן כאָטש פֿון לינקן פֿוס, דאַרף מען זי אַדורכנעמען פֿריִער צווישן דעם פֿוס און דעם רינג פֿון דער קייט; דערנאָך, באַפֿרײַענדיק דעם פֿוס, אַדורכציִען צוריק די וועש דורך דעם זעלבן רינג; דערנאָך דאָס שוין אַראָפּגענומענע פֿון לינקן פֿוס, אַדורכנעמען דורכן רינג פֿון רעכטן פֿוס. און נאָכדעם, דאָס גאַנצע אַדורכגענומענע דורכן

רעכטן רינג, ווידער אַדורכצױען צוריק צו זיך. די זעלבע געשיכטע איז אויך מיטן אָנטון פרישע וועש. אַ נייעם איז אַפילו שווער גאָר צו פאַלן אויפן שכל, ווי אַזוי דאָס ווערט געמאַכט. דער ערשטער האָט אונדז אויסגעלערנט דאָס אַלץ דער אַרעסטאַנט קרעניעוו, אין טאָבאָלסק, אַ געוועזענער רויבער-אַטאַמאַן, וועלכער איז אָפּגעזעסן אויף דער קייט פינף יאָר. נאָר די אַרעסטאַנטן זיינען שוין געוווינט געוואָרן און זיי מאַכן דאָס אָן דער מינדסטער אָנשטרענגונג. איך האָב געגעבן פּיעטראָוון עטלעכע קאָפּעקעס, כּדי צו פאַרזאָרגן זיך מיט זייף און מיט אַ בעזעמל. די אַרעסטאַנטן האָט מען, וואָס אָן אמת, אַרויסגעגעבן אויך קאַזיאָנע זייף, יעדן אַ שטיקל, די גרייס פון אַ פירער און די דיק פון אַ שטיקל קעז, וואָס מען דערלאַנגט געוויינטלעך אין אָוונט צום פאַרבייסן באַם „מיטעלן שטאַנד" מענטשן. זייף האָט מען פאַרקויפט דאָ טאַקע אין פאָדער-באָד צוזאַמען מיט אַזאַ קוואַס, זעמל און הייסן וואַסער. יעדער אַרעסטאַנט האָט באַקומען, לויט אַן אָפּמאַך מיטן בעל-הבית פון באָד, נאָר צו איין שעפעלע הייס וואַסער; ווער אָבער עס האָט זיך געוואָלט אָפּוואַשן ריינער, דער האָט פאַר אַ גראָשן געקענט קריגן אויך אַ צווייט שעפעלע, וואָס איז אים דערלאַנגט געוואָרן שוין אין באָד אַריין גופא דורך אַ באַזונדערן צו דעם איינגעאָרדנטן פענסטערל פון פאָדער-באָד. אויסטועענדיק מיך, האָט מיך פּיעטראָוו גענומען אַפילו אונטער דער האַנט, באַמערקנדיק, אַז עס איז מיר זייער שווער צו גיין מיט די קייטן. „איר ציט זיי העכער אַרויף, אויף די ליטקעס — האָט ער געזאָגט, אונטערהאַלטנדיק מיך, ווי אַ ניאַנקע: — און אָט דאָ פאָרזיכטיקער, דאָ איז אַ שוועל". איך האָב מיך אַפילו אַ ביסל געשעמט: עס האָט זיך מיר געגלוסט פאַרזיכערן פּיעטראָוון, אַז איך קען אַליין אַריבערגיין; נאָר ער וואָלט דאָס נישט געגלייבט. ער איז זיך באַגאַנגען מיט מיר, ווי מיט אַ קינד, וואָס איז נאָך נישט פולייעריק, וואָס קען זיך אַליין נישט קיין עצה געבן, וועלכן יעדער איז מחויב

צוצוהעלפן. פּיעטראָוו איז בשום אופן נישט געווען קיין באַדינער, קודם-כּל נישט קיין באַדינער; ווען איך וואָלט אים נאָר באַליידיקט איינמאָל, וואָלט ער שוין געוווּסט, ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט מיר. קיין געלט פאַרן באַדינען האָב איך אים קיינמאָל נישט צוגעזאָגט, און ער אַליין האָט עס אויך נישט פאַרלאַנגט. וואָס-זשע האָט אים באַוויגן אַזוי מיך אָפּצוהיטן?

ווען מיר האָבן אויפגעעפנט די טיר אינעווייניק אין באָד אַריין, האָב איך געמיינט, אַז מיר זיינען אַריין אין אַ גיהנום. שטעלט אייך פאָר אַ שטוב פון אַ טריט צוועלף די לענג און אַזוי פיל אויף די ברייט, אין וועלכער עס האָבן זיך אָנגעפּאַקט אפשר הונדערט מענטשן צוזאַמען, ווייניקסטנס אַכציק זיכער, ווייל די אַרעסטאַנטן זיינען צעטיילט געוואָרן נאָר אויף צוויי „זמיאַנעס", און אינגאַנצן זיינען מיר געקומען אין באָד אַריין אַ צוויי הונדערט מענטשן, אַ פּאַרע, וואָס האָט פאַרהילט די אויגן, אַ קאָפּיטש, אַ שמוץ, אַן ענגשאַפט אַזוי ווייט, אַז עס איז נישט מעגלעך געווען אין ערגעץ אַוועקצושטעלן קיין פוס. איך האָב מיך דערשראָקן און געוואָלט אומקערן צוריק, נאָר פּיעטראָוו האָט מיר באַלד אונטערגעגעבן מוט. מיר האָבן זיך, ווי עס איז, מיט די גרעסטע שוועריקייטן דורכגעשטופּט צו די בענק צווישן די קעפּ פון די אויף דער ערד זיך צעזעצטע מענטשן, בעטנדיק זיי זיך איינצובייגן, אַז מיר זאָלן קענען אַדורכגיין. נאָר די ערטער אויף די בענק זיינען אַלע געווען פאַרנומען. פּיעטראָוו האָט מיר דערקלערט, אַז מען דאַרף קויפן אַן אָרט, און ער האָט באַלד אָנגעהויבן אונטערצוהאַנדלען מיט איין אַרעסטאַנט, וועלכער האָט זיך געהאַט פאַרנומען אַן אָרט בײַם פענסטער. פאַר אַ קאָפּעקע האָט יענער אָפּגעטרעטן זיין אָרט, באַקומען באַלד דאָס געלט פון פּיעטראָוון, וועלכעס יענער האָט געטראָגן צונויפגעדריקט אין דער פויסט, פאַרזעענדיק פריער און מיטנעמענדיק עס מיט זיך אין באָד אַריין, און באַלד אַ צי געטון זיך אונטער דער באַנק אַרונטער, גלייך אונטער מיין אָרט, וווּ עס איז

געווען פינסטער, שמוציק און ווי א קלעפּיקע פייכטקייט איז געווען אנגעוואקסן אומעטום, אפילו אויף א האלבן פינגער. נאר אויך אונטער די בענק זיינען אלע ערטער געווען פארנומען; אויך דארט האט גערויעט פון מענטשן. אויף דער גאנצער פאדלאגע איז נישט געווען קיין איין פיצל ארט, ווו עס זאלן נישט געווען זיצן איינגעקארטשעט די ארעסטאנטן, פּליעסקענדיק זיך פון זייערע שצפּעלעך. אנדערע זיינען געשטאנען צווישן זיי אויסגעסטארטשעט, און האלטנדיק זייערע שעפעלעך אין די הענט, האבן זיי זיך געוואשן שטייענדיקערהייט; דאס שמוציקע וואסער איז אראפּגערונען פון זיי גלייך אויף די געגאלטע קעפּ פון די זיצנדיקע אונטן. אויף דער באנק און אויף אלע טרעפּ, וואס האבן געפירט צו איר, זיינען געזעסן פארכקענדיק און קארטשענדיק זיך די, וואס האבן זיך געוואשן. נאר געוואשן האט מען זיך ווייניק. דאס פּראסטע פאלק וואשט זיך ווייניק מיט הייס וואסער און מיט זייף; זיי פארן זיך ערעקלעך און דערנאך באגיסן זיי זיך מיט קאלט וואסער, — דאס איז דאס גאנצע באד. א פופציק בעזעמלעך האבן זיך מיט איינמאל געהויבן און אראפּגעלאזט אויף דער באנק; אלע האבן זיך געשמיסן ביז פארשיכורונג. פארע האט מען אונטערגעלאזט אלע מינוט. דאס איז געווען שוין נישט קיין היץ; דאס איז געווען א גיהנום. דאס אלץ האט געשריגן און געגאדערט, באם קלאנג פון הונדערט קייטן, וואס האבן זיך נאכגעשלעפּט איבער דער פאדלאגע... אנדערע האבן, וועלנדיק דורכגיין, זיך פארפּלאנטערט אין פרעמדע קייטן און אליין פארטשעפּעט בא די קעפּ די, וואס זיינען געזעסן נידעריקער. זיי זיינען געפאלן, האבן זיך געזידלט און מיטגעשלעפּט נאך זיך די פארטשעפּעטע. די בלאטע האט זיך געגאסן פון אלע זייטן. אלע זיינען געווען עפּעס אין אזא פארשיכורטן, אין א אויפגערייצטן געמיט־צושטאנד; עס האבן זיך געהערט קוויטשערייען און געשרייען. פון פענסטערל אין פאדער־באד, פון וואנען

מען האָט דערלאַנגט דאָס וואַסער, האָט זיך געטראָגן אַ זידלעריי, אַן ענגשאַפט, אַ גאַנצע האַרפּעריי. דאָס באַקומענע הייסע וואַסער האָט זיך צעפּליעסקעט איבער די קעפּ פון די, וואָס זיינען געזעסן אויף דער פּאָדלאָגע, איידער מען האָט עס נאָך צוגעבראַכט צום אָרט. פון צייט צו צייט פלעגט זיך אין פענצטער אָדער אין דער געעפנטער טיר באַווייזן דאָס וואַנסעדיקע פּנים פון סאָלדאַט, מיט דער ביקס אין דער האַנט, וועלכער האָט אַכטונג געגעבן, צי עס קומען נישט פאָר קיין אומאָרדנונגען. די געגאָלטע קעפּ און די רויט־אויסגעפּאַרעטע קערפּער פון די אַרעסטאַנטן האָבן אויסגעזען נאָך משונהדיקער. אויף דעם אויסגעפּאַרעטן רוקן טרעטן, געוויינטלעך, דייטלעך אַרויס די שניטן פון די אַמאָל געקריגענע קלעפּ פון ריטער און שטעקנס, אַזוי, אַז די אַלע רוקנס האָבן אויסגעזען, ווי מען וואָלט זיי ערשט אַצינד נאָכאַמאָל צעהאַקט. שרעקלעכע שניטן! אַ פּראָסט איז מיר איבער דער הויט אַריבער, קוקנדיק אויף זיי. מען גיסט אויף — און די פאַרע פאַרהילט מיט אַ געדיכטן, הייסן וואָלקן דאָס גאַנצע באָד. כּלל הייבט אָן צו גאָדערן, צו שרייען. פון דעם וואָלקן פאַרע הייבן זיך אָן אַרויסצווייזן די צעהאַקטע רוקנס, געגאָלטע קעפּ, אויסגעקרימטע הענט, פיס; און דערצו נאָך גאָדערט יסאַי פאָמיטש אויפן גאַנצן האַלדז, אויף דער סאַמע העכסטער באַנק. ער פאַרעט זיך ביז חלשות, נאָר קיין שום היץ, דאַכט זיך, קען אים נישט אָנזעטיקן; ער דינגט זיך פאַר אַ קאָפּעקע אַ שמייסער, נאָר יענער האַלט, ענדלעך, נישט אויס, וואַרפט אַוועק דאָס בעזעמל און לויפט זיך אָפּגיסן מיט קאַלט וואַסער. יסאַי פאָמיטש ווערט נישט מיד און דינגט אַ צווייטן, אַ דריטן. ער אַנטשליסט זיך אין דעם פאַל נישט צו ליידן קיין אַכט אויף קיין אויסגאַבן און טוישט איבער ביז פינף שמייסער. „געזונט זיך צו פאַרען, אַ מאָלאָדיעץ יסאַי פאָמיטש!“ שרייען צו אים פון אונטן די אַרעסטאַנטן. יסאַי פאָמיטש פילט אַליין, אַז ער איז אין דער מינוט העכער פאַר אַלע און אַז ער האָט אַלע

פֿאַרשטעקט אין גאַרטל. ער טריומפֿירט, און מיט אַ שנײַדנדיקן משוגענעם קול שרײַט ער אויס זײַן אַריע: לאַ-לאַ-לאַ-לאַ-לאַ, פֿאַר-טױבנדיק אַלע שטימען. מיר איז אײַנגעפֿאַלן, אַז אויב מיר װעלן אַמאָל באַזאַמען זײַן אין גיהנום, װעט עס זײַן ענלעך צו דעם אָרט. איך האָב מיך נישט אײַנגעהאַלטן, נישט איבערצוגעבן דעם אײַנ-פֿאַל פּיעטראָװן; ער האָט נאָר אַ קוק געטון אַרום און געשװיגן.

איך האָב געװאָלט אויך אים קױפֿן אַן אָרט לעבן מיר; ער האָט זיך אַװעקגעזעצט בײַ מײַנע פֿיס און דערקלערט, אַז אים איז זייער באַקװעם. באַקלױשין האָט אונדז דערװײַל געקױפֿט װאַסער און עס אונדז צוגעטראָגן, װיפֿיל מיר האָבן נאָר געדאַרפֿט. פּיעט-ראָװ האָט מיר געזאָגט, אַז ער װעט מיך אָפּװאַשן פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, אַזױ, אַז „איר װעט זײַן אינגאַנצן אַ רײנעקער", און ער האָט מיך שטאַרק צוגערעדט, איך זאָל מיך גײן פּאַרען. פּאַרען זיך האָב איך מיך נישט אונטערגעשטעלט. פּיעטראָװ האָט מיך אינגאַנצן אויס-געריבן מיט זייף. „און אַצינד װעל איך אײַך די פּ י ס ל ע ך אָפּ-װאַשן", — האָט ער צוגעגעבן צום סוף. איך האָב געװאָלט ענטפֿערן, אַז איך קען זיי אָפּװאַשן אַליין, נאָר איך האָב מיך אים שוין נישט אַנטקעגנגעשטעלט און זיך אינגאַנצן איבערגעגעבן זײַן װילן. אין דער פֿאַרקלענערונג „פּיסלעך" האָט זיך לחלוטין נישט געהערט קײן קנעכטישער טאָן; גאַנץ פּשוט, פּיעטראָװ האָט נישט געקענט אָנרופֿן מײַנע פֿיס — פֿיס, מסתמא דערפֿאַר, װאָס אַנדערע אמתע מענטשן האָבן געהאַט פֿיס און איך האָב נאָר געהאַט בלױז פּיסלעך.

אָפּװאַשנדיק מיך, האָט ער, מיט די זעלבע צערעמאָניעס, דאָס הייסט מיט אונטערהאַלטן מיך און װאָרענען מיך אויף יעדן טריט, פּונקט װי איך װאָלט געװען פֿון פּאָרצעלײַ, מיך אָפּגעפֿירט אין פֿאָדער-באָד און מיר געהאָלפֿן אָנטון די װעש, און װען ער האָט שוין געהאַט מיט מיר אינגאַנצן אַלץ פֿאַרענדיקט, האָט ער זיך גע-װאָרפֿן צוריק אין באָד אַרײַן, זיך פּאַרען.

ווען מיר זיינען געקומען אַהיים, האָב איך אים פאַרגעלייגט אַ גלאָז טיי. פון טיי האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט, ער האָט אויסגעטרונקען און מיר געדאַנקט. מיר איז איינגעפאַלן קאַליע צו מאַכן אַ ביסל געלט און צו שטעלן אים אַ פּערטעלע. אַ פּערטעלע האָט מען געקריגן אויך אין אונדזער קאַזאַרמע. פּיעטראָוו איז געווען אויסערגעוויינטלעך צופרידן, ער האָט אויסגעטרונקען, אַ קרייַ געטון און באַמערקנדיק מיר, אַז איך האָב אים אינגאַנצן מחיה געווען, איז ער איילנדיק צוועק אין קיך אַריין, ווי מען וואָלט דאָרט בשום־אופן אָן אים נישט געקענט עפּעס באַשליסן. אַנשטאָט אים, איז געקומען צו מיר דער צווייטער שכן, באַקלושין (דער פּיאַנער), וועלכן איך האָב נאָך אין באַד פאַרבעטן צו מיר אויף טיי.

איך קען נישט קיין ליבערן כאַראַקטער פון באַקלושינען. אמת, ער האָט קיינעם נישט אָפּגעטרעטן, ער האָט אַפילו גאַנץ אָפט זיך געקריגט, נישט ליב געהאַט, מען זאָל זיך אַריינמישן אין זיינע געשעפטן, — מיט איין וואָרט, ער האָט זיך זיין שטעטל געקענט באַשטיין. נאָר ער האָט זיך צעקריגט נישט אויף לאַנג, און דאַכט זיך, אַז אַלע בא אונדז האָבן אים ליב געהאַט. וווהין ער זאָל נישט געווען אַריינגיין, האָבן אים אַלע באַגעגנט מיט צופרידנהייט. אים האָט מען געקענט אַפילו אין שטאָט און געהאַלטן פאַר דעם ליבסטן מענטש אין דער וועלט, וועלכער וועט קיינמאָל נישט אָן זיין פריילעכקייט. דאָס איז געווען אַ הויכער בחור, פון אַ יאָר דרייסיק, מיט אַ ווויליונגערישן אָפנהאַרציקן פּנים, אַ גאַנץ שיינעם און מיט אַ ווערצל. דאָס פּנים האָט ער געקרימט טיילמאָל אַזוי קאָמיש, פאָרשטעלנדיק יעדן, וועמען עס האָט זיך אים נאָר געגלוסט, אַז די, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט האָבן נישט געקענט נישט לאַכן. ער האָט אויך געהערט צו די וויצלער; נאָר ער האָט נישט אָפּגעטרעטן די, וועלכע האָבן אַזוי פייַנט געהאַט געלעכטער, אַזוי, אַז אים האָט קיינער קיינמאָל נישט געזידלט דערפאַר, וואָס ער איז אַ „פוסטער און אומנוצלעכער" מענטש. ער איז

געווען פול פייער און לעבן. באקאנט האט ער זיך מיט מיר נאך אין די ערשטע טעג און מיר דערקלערט, אז ער שטאמט פון די קאנטאניסטן, אז ער האט געדינט דערנאך בא די פיאנערן, זיך אפילו אויסגעצייכנט און געווען באליבט בא עטלעכע הויך-געשטעלטע פערזאנען, מיט וואס ער האט א לאנגע צייט זייער שטאלצירט. מיך האט ער באלד אנגעהויבן אויסצופרעגן אויף פעטערבורג. ער האט אפילו ביכלעך געלייענט. קומענדיק צו מיר אויף טיי, האט ער קודם-כל לאכנדיק געמאכט די גאנצע קאזארמע, דערציילנדיק, ווי אזוי דער פארוטשניק ש. האט אפגעפארטיקט אינדערפרי אונדזער פלאץ-מאיאר, און אנידערזעצנדיק זיך לעבן מיר, האט ער מיט א צופרידענעם אויסזען, דערציילט, אז עס וועט דאכט זיך זיין א טעאטער. אין טורמע האט מען אנגעהויבן לאדעווען א טעאטער אויף די יום-טובים. עס האבן זיך געמאלדן אקטיארן, מען האט ביסלעכווייז איינגעארדנט דעקאראציעס. עטלעכע פון שטאט האבן צוגעזאגט צו געבן זייערע מלבושים פאר די אקטיארן-ראלעס, אפילו פאר די ווייבערישע; מען האט אפילו, דורך דער פארמיטלונג פון איין דענשטשיק, געהאפט צו באקומען אן אפיציר-קאסטיום מיט אקסלבענדער. עס זאל נאר אמאל דעם פלאץ-מאיאר נישט איינפאלן צו שטערן, ווי אין פאריגן יאר: נאר אין פארגאנגענעם יאר איז אויף קריסטוס-געבורט דער מאיאר עפעס נישט געווען אין גוטן מוט: ער האט ערגעץ פארשפילט א סך און דערצו האט מען נאך אין טורמע אויך א ביסל צו פיל א לעב געטון, און דערפאר טאקע האט ער פארווערט, פאר בייזקייט, און היינט וועט ער שוין אפשר נישט וועלן שטערן. מיט איין ווארט, באקלושין איז געווען אין אן אויפגעלייגטן צושטאנד. מען האט דערקענט, אז ער איז איינער פון די הויפט-איינארדנער פון טעאטער, און איך האב מיר דאמאלס באלד געגעבן דאס ווארט אומבאדינגט צו זיין אויף דער דאזיקער פארשטעלונג. די אויפריכטיקע פרייד פון באקלושינען וועגן ערפאלג פון טעאטער איז מיר

זייער געפעלן א וואָרט צו א וואָרט און מיר האָבן זיך צעשמועסט. צווישן אַנדערן, האָט ער מיר אויך געזאָגט, אַז ער האָט נישט די גאַנצע צייט געדינט אין פּעטערבורג; אַז ער האָט זיך דאָרט אין עפּעס פאַרשולדיקט און מען האָט אים איבערגעשיקט קיין ר. איבע-ריקנס, אַלס אונטער-אָפיציר, אין שטאַבישן באַטאַליאָן.

— אָט פון דאָרט האָט מען מיך שוין דאָס פאַרשיקט אַהער — האָט באַקלושין באַמערקט.

און פאַרוואָס? — האָב איך געפרעגט.

— פאַרוואָס? ווי אַזוי מיינט איר, אַלעקסאַנדער פּיעטראָוויטש, פאַרוואָס? פאַרדעם, זעט איר, וואָס איך האָב מיך פאַרליבט?

נו, פאַרדעם וואָלט מען נאָך נישט געשיקט אַהער, — האָב איך אים אָפּגעווענדט, לאַכנדיק.

— אמת, — האָט באַקלושין צוגעגעבן, — אמת, אַז איך האָב צוליב דער זאַך איינעם א דאָרטיקן דייטש פון א פּיסטאָלעט אונטער-געשאָסן, אָבער צי לוינט דען צו פאַרשיקן צוליב א דייטש, זאָגט אַליין!

— פונדעסטוועגן, ווי אַזוי איז דאָס געשען? דערציילט, דאָס איז אינטערעסאַנט.

— א זייער קאָמישע געשיכטע, אַלעקסאַנדער פּיעטראָוויטש.

— איז נאָך בעסער, דערציילט.

— דערציילן? נו, איז הערט-זשע. .

איך האָב אויסגעהערט, כאָטש נישט אינגאַנצן קיין קאָמישע, נאָר פאַרדעם א גאַנץ מערקווירדיקע געשיכטע פון א מאָרד...

— „די זאַך איז געווען אָט ווי אַזוי, — האָט באַקלושין אָנגעהויבן — ווי זיי האָבן מיך דאָס אוועקגעשיקט קיין ר., זע איך — א שטאָט, א שיינע, א גרויסע, נאָר דייטשן איז דאָ א סך. נו, איך, פאַרשטייט זיך, בין נאָך א יונגער מענטש, נאַטשאַל-סטווע האַלט פון מיר, גיי איך מיר דאָס היטעלע אויף א זייט, איך

פאַרברענג די צייט גוט, הייסט עס. ווינק מיך איבער מיט די דייטש-קעס, און דאָ איז מיר געפעלן איין דייטשקעלע, ליזע. זיי זיינען ביידע געווען וועשינס, בלויז נאָר פון דער ריינסטער וועש, וואָס עס קען נאָר זיין, זי און איר מומע. די מומע איז אַן אַלטע, אַזאַ אָנגעצויגענע, און זיי לעבן זיך גאַנץ פאַרמעגלעך. אין אָנהייב האָב איך מיך בלויז נאָר פאַר די פענסטער געדרייט, אַ בליק אַריינגעוואָרפן און דערנאָך טאַקע שוין אַן אמתע פריינטשאַפט פאַרפירט. ליזע האָט אויך רוסיש גוט גערעדט, און נאָר בלויז, ווי זי וואָלט אַ ביסל די ווערטער פאַרדרייט, — אַזאַ, דאָס הייסט, ליבענקע, וואָס איך האָב נאָך אַפילו נישט באַגעגנט קיינמאָל. אין אָנהייב האָב איך אַפילו אָנגעהויבן: דאָס — יענץ, און זי זאָגט מיר: דאָס נישט קען, סאָשע, ווייל איך וויל די גאַנצע אומשולד מיינע באַהאַלטן, כדי דיר טאַקע אַן ערלעכע פרוי צו זיין" און לאַשטשעט מיך נאָר, לאַכט אַזוי קלינגענדיק... און אַזאַ ריינענקע איז זי געווען, איך האָב שוין מער נישט געזען אַזעלכע אַ חוץ איר. אַליין האָט זי מיך אָנגערעדט חתונה צו האָבן, נו, און ווי האָט מען נישט חתונה, זאָגט אַליין? גרייט איך מיך מיט אַ ביטע צום פּאָדפּאָלקאָווניק צו גיין... פּלוצ-לינג זע איך — ליזע איז איינמאָל אויף דער זעונג נישט אַרויס-געקומען, אַ צווייט מאָל נישט געקומען, דאָס דריטע מאָל נישט גע-ווען... איך שיק אַוועק אַ בריוו, אויף דעם בריוו איז קיין ענטפער נישטאָ. וואָס-זשע איז דאָס, טראַכט איך? וואָרים אויב זי וואָלט מיך אָפּגענאַרט, וואָלט זי דאָך כיטרע געווען און וואָלט אויפן בריוו געענטפערט, און אויף דער זעונג געקומען. זי האָט קיין ליגנט נישט געקענט זאָגן, האָט זי אַזוי פשוט אָפּגעהאַקט. דאָס איז די מומע, טראַכט איך. צו דער מומען אַריינקומען בין איך נישט דרייסט געווען; כאָטש זי האָט אויך געוווסט, נאָר מיר האָבן זיך דאָך אַלץ פאַרשטעלט געהאַלטן, מיט שטילע טריט, הייסט עס. איך גיי ווי אַן אונטערגעצונדענער אַרום, איך האָב דעם לעצטן בריוו אָנגעשריבן

און זאָג: אויב דו וועסט נישט קומען, וועל איך אַליין צו דער מומען אַרײנקומען. האָט זי זיך דערשראָקן און איז געקומען. זי וויינט: אַ דייטש, זאָגט זי, שלעק, אַ ווייטער קרוב זייערער, אַ זייגערמאַכער, אַ רייכער און שוין עלטערער מענטש, האָט דערקלערט, אַז ער וויל מיט איר חתונה האָבן, — כּדי, זאָגט ער, אַז זי גליקלעך צו מאַכן, אַז אַליין אויף די עלטערע יאָרן אָן קיין ווייב נישט צו בלייבן; און ער האָט מיך אויך ליב, זאָגט ער, און ער האָט שוין לאַנג דאָס געהאַט באַשטימט, נאָר אַלץ געשוויגן, זיך געקליבן איז אָט, זאָגט זי, סאַשע, ער איז אַ רייכער, און דאָס איז פֿאַר מיר אַ גליק; און נישט שוין־זשע ווילסטו באַ מיר מיין גליק צונעמען? איך קוק: זי וויינט, נעמט מיך אַרום... עך, טראַכט איך, זי רעדט דאָך געריכט! נו, וואָס פֿאַר אַ זין האָט דאָס מיט אַ סאָלדאַט חתונה צו האָבן, ווען איך בין שוין אַפֿילו אָן אונטער? — נו, זאָג איך, ליזע, זיי געזונט, גאָט איז מיט דיר, דיין גליק דיר צונעמען וויל איך נישט. און וואָסערער איז ער, אַ שיינער? ניין, זאָגט זי, אַן עלטערער שוין, מיט אַ לאַנגע נאָז... זי האָט אַפֿילו אַליין לאַכן אָנגעהויבן. איך בין אַוועקגעגאַנגען פֿון איר; וואָס־זשע, טראַכט איך, נישט באַשערט! צומאָרגנס אינדערפֿרי בין איך געגאַנגען צו זיין מאַגאַזין, די גאַס האָט זי מיר געזאָגט. איך קוק אין דער שויב — זיצט ער, דער דייטש, זייגערס מאַכט ער, אַזוי פֿון אַ יאָר פֿינף און פֿערציק, די נאָז אַ גאַרבאַטע, אויגן אַרויסגעשטאַרטשעטע, אין אַ פֿראַק און אין מיינקעטן אַזעלכע לאַנגע, אַזאַ אָנגעזעענער. איך האָב אַזאַ שפּיי געטאָן; געוואָלט אים טאַקע דאָ די שויב אויסהאַקן... אָבער וואָס, טראַכט איך! נישטאָ וואָס צו מאַכן, פֿאַרפֿאַלן, ווי פֿון וואָגן אַראָפּגעפֿאַלן! מיט דער נאַכט צוגלייך בין איך געקומען אין קאַזאַרמע, געלייגט זיך אויפֿן בעטל, און אָט, איר וועט גלייבן, אַלעקסאַנדער פּיעטראָוויטש, איך האָב זיך אַזוי צעוויינט...

נו, עס גייט אַדורך אַזוי אַ טאָג, אַ צווייטער, אַ דריטער. מיט לי־

זען זע איך מיך נישט. און דערווייל האָב איך געהערט פון איין קומע (אַן אַלטע שויז, אויך אַ וועשין, צו וועלכע ליזע פלעגט טיילמאָל אַריינקוקען), אַז דער דייטש ווייסט פון אונדזער ליבע, דעריבער טאַקע האָט ער באַשלאָסן וואָס שנעלער זיך צו שדכנען, וואָרים אַנדערש וואָלט ער נאָך אַ יאָר צוויי צוגעוואַרט. פון ליזען האָט ער געוואָלט אַ שבועה נעמען, אַז מיך וועט זי שוין מער נישט וועלן קענען; און אַז ער האַלט זיי נאָך, כלומרשט דערווייל, אי די מומען, אי ליזען אין דער פינסטער, ווי מען זאָגט, אַז ער וועט זיך נאָך, אפשר, איבערקלערן, און אַז ער האָט נאָך דערווייל צוליב עפּעס נישט איינגאַנצן באַשלאָסן. זי האָט מיר נאָך אויך געזאָגט, אַז אויף איבער־מאָרגן, זונטיק, האָט ער זיי ביידע אינדערפרי אויף קאַווע פאַרבעטן, און אַז עס וועט זיין נאָך איין קרובֿ, אַן אַלטער, וואָס איז פריער געווען אַ סוחר, נאָר איצטער איז ער זייער אָרים און דינט ערגעץ אין אַ סקלאַד אַלס אויפזעער. ווי איך האָב מיך דערוווּסט, אַז זונטיק וועלן זיי, אפשר, די גאַנצע זאַך פאַרענדיקן, איז מיך אַזאַ צאָרן באַפאַלן, אַז איך קען מיך שוין אַליין נישט באַהערשן. און דעם דאָזיקן גאַנצן טאָג און דעם מאָרגנדיקן, האָב איך מער נישט געטאָן נאָר געטראַכט וועגן דעם. איך וואָלט אויפגעגעסן דעם דאָזיקן דייטש, טראַכט איך.

זונטיק אינדערפרי, איך האָב נאָך גאָרנישט געוווּסט, נאָר ווי מען האָט דאָס געבעט פאַרענדיקט — בין איך אויפגעשפּרונגען, דעם שינעל אויף זיך אַרויפגעצויגן און צום דייטש אַוועק. איך האָב גע־רעכנט זיי אַלע צו טרעפן. און צוואָס איך בין אַוועק צום דייטש און וואָס איך האָב דאָרט געוואָלט זאָגן — ווייס איך אַליין נישט, נאָר אויף יעדן פאַל האָב איך דעם פּיסטאָלעט אין קעשענע אַריינ־גערוקט. דאָס איז געווען באַ מיר אַזוי אַזאַ פּיסטאָלעטל אַ געמיינס, מיט אַן אַלט צינגל; נאָך אַלס יונגל פלעג איך דערפון שיסן. מען האָט שוין אפילו דערפון איך שיסן נישט געקענט. פונדעסטוועגן

האָב איך עס מיט אַ קויל אָנגעלאָדן. איך טראַכט: מען וועט מיך אָנהייבן אַרויסיאָגן, באַליידיקן, וועל איך דעם פּיסטאַליעט אַרויס־נעמען און זיי גוט אָנשרעקן אַלע. איך קום אַהין. אין ווערקשטאַט איז קיינער נישטאָ, און זיי זיצן אַלע אין דער אונטערשטער שטוב, אַ חוץ זיי — קיין לעבעדיק נפש, קיין שום דינער־שאַפט. ער האָט סך־הכּל איין דינסט, אַ דייטשקע געהאַט, איז זי שוין אויך געווען די קעכין. איך בין אַדורכגעגאַנגען דעם מאַגאַזין; איך זע — די טיר אַהין איז פאַרמאַכט, נאָר זי איז אַן אַלטע אַזעלכע, אַ טיר אויף אַ קייטל. דאָס האַרץ קלאַפּט אין מיר. איך האָב מיך צוגעשטעלט. איך הער: מען רעדט דייטש. ווי איך גיב דאָ נישט אַ שטופּ מיטן פוס מיטן גאַנצן כּוח, אַז די טיר האָט זיך באַלד אויפגעעפנט. איך קוק! דער טיש איז געדעקט. אויפן טיש אַ גרויסע קאַווע־קרוג, און די קאַווע אויפן שפּירט קאָכט. כּובאַעס שטייען; אויף אַ צווייטן טעצל אַ קאַרפּינקע געבראָטן, אַ הערינג און וואָרשט, און נאָך אַ פלעשל ווײַן עפּעס אַזעלכעס. ליזע און די מומע, ביידע אויסגעטוענע, זיצן אויף דער קאַנאַפּע, אַנטקעגן זיי אויף אַ שטול — דער דייטש אַליין, דער חתן, אַ פּאַרקעמטער, אין אַ פראַק און אין מאַנקעטן, וואָס שטאַרן אַרויס אַזוי... און אין דער זייט אויף אַ שטול זיצט נאָך אַ דייטש, אַן אַלטער שוין, אַ דיקער, אַ גראָער, און שווייגט. ווען איך בין אַרײַנגעקומען, איז ליזע אַזוי בלאַס געוואָרן. די מומע איז אויפגע־שפּרונגען, נאָר באַלד צוריק זיצן געבליבן. דער דייטש אָבער האָט זיך אָנגעברוגזט אַזאַ בייזער: ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אַנט־קעגן מיר:

— וואָס, זאָגט ער, דאַרפסט איר?

איך בין אַ ביסל פאַרשעמט געבליבן! נאָר דער צאָרן האָט מיך שוין צו שטאַרק אַ נעם געטאָן.

— וואָס, זאָג איך, איך דאַרף!? און דו נעמסט אַ גאַסט אויף, מיט בראָטן זיי מכבד. איך בין צו דיר אין גאַסט געקומען.

דער דייטש האָט אַ טראַכט געטון און זאָגט: ויצט—ס.

איך האָב מיך אַנידערגעזעצט. — גיב־זשע, זאָג איך, בראָנפֿן.

— אָט, זאָגט ער, איז בראָנפֿן. טרינקט, ביטע.

— דו אָבער, זאָג איך, גוטן בראָנפֿן מיר גיב. — דער צאָרן, הייסט עס, איז מיך שוין, אַפּנים, צו שטאַרק באַפֿאַלן.

— דאָס איז גוטער בראָנפֿן.

האָב איך מיך באַליידיקט, וואָס ער האָט מיך שוין אַזוי צו נידעריק געשטעלט. און ערגער פֿאַר אַלץ איז נאָך דאָס, וואָס ליי־זע קוקט. האָב איך אויסגעטרונקען, און זאָג:

— און צי וואָס האָסטו עפּעס אַזוי באַליידיקן אָנגעהויבן, דייטש? דו באַפֿריינדע זיך מיט מיר. איך בין צו דיר אַלס פֿריינט געקומען.

— איך קען נישט זיין אייער פֿריינט, זאָגט ער; איר זענט אַ פּראָסטער זעלנער.

ט, דאָ בין איך שוין אינגאַנצן אויפֿגערייצט געוואָרן.

— אַך, דו פֿאַרזעעניש, זאָג איך, קעלבאַסניק! צי ווייסטו, אַז פֿון דער מינוט אָן קען איך אַלץ, וואָס איך וויל, מיט דיר טון? זאָג, דו ווילסט, וועל איך דיך פֿון פּיסטאָלעט דערשיסן.

איך האָב אַרויסגענומען דעם פּיסטאָליעט, זיך אויפֿגעשטעלט קעגן אים, און די רער אים גלייך אין קאָפּ אַריין אָנגעשטעלט, עקשנות־דיק. אַלע זיצן, נישט טויט, נישט לעבעדיק, האָבן מורא אַפֿילו אַ פּיפּס צו טון, און דער אַלטער, איז ווי אַ בלאַט, ציטערט ער, שווייגט, איז בלאַס געוואָרן אינגאַנצן.

דער דייטש איז פֿאַרוווּנדערט געבליבן, דאָך באַלד צו זיך געקומען.

— איך האָב פֿאַר אײַך קיין מורא נישט, זאָגט ער, און בעט

איך, ווי אַן צערטלעכן מענטש, אייער שפּאַס באַלד אויפצוהערן, און איך האָב פאַר אייך אינגאַנצן קיין מורא נישט.

— אוי, דו ליבסטע, זאָג איך, דו האָסט יאָ מורא! — וואָס דען! אַליין האָט ער מורא דעם קאָפּ פון אונטערן פּיסטאָלעט אַוועק אַפילו אַ ריר צו טון, און אַזוי זיצט ער.

— ניין, זאָגט ער, איר וועט דאָס בשום אופן נישט וואַגן צו טון.

— און פאַרוואָס-זשע, זאָג איך, זאָל איך נישט וואַגן?

— דערפאַר, זאָגט ער, וואָס דאָס איז אייך שטרענג פאַרבאָטן, און מען וועט אייך דערפאַר שטרענג באַשטראָפן.

דאָס הייסט, דער טייוול ווייסט אים, דעם דאָזיקן נאַרישן דייטש! וואָלט ער מיך נישט געווען אַליין אונטערגעהעצט, וואָלט ער נאָך ביז היינט געווען געלעבט; נאָר צוליב דעם שפּאַרן זיך איז די גאַנצע זאַך געשען.

— איז, וועל איך נישט וואַגן?

— ניין—ן!

— נישט וואַגן?

— איר וועט דאָס באַשטימט נישט וואַגן מיט מיר צו טון...

— נו, איז נאַ-זשע דיר, קעלבאַס! — און ווי איך גיב אים דאָ נישט אַ זעץ, ער האָט זיך באַלד אויף דער שטול אַ וואַלגער געטון. יענע האָבן אָנגעהויבן צו שרייען.

איך האָב דעם פּיסטאָליעט אין קעשענע צוריינגעלייגט, און בין שוין נישטאָ, און ווען איך בין אין פעסטונג אַריינגעגאַנגען, האָב איך באַלד בײַ די פעסטונג-טויערן דעם פּיסטאָליעט אויך אין דער קראָפּיווע צוריינגעוואָרפן.

איך בין געקומען אַהיים, זיך געלייגט אויפן בעטל און טראַכט:

אַט וועט מען מיך באַלד נעמען. עס גייט אַדורך אַ שעה, צוויי, — מ'נעמט מיך נישט. און אַזוי שוין מיט דער נאַכט צוגלייך, איז מיך אַזאַ אַנגסט באַפֿאַלן; בין איך אַרויסגעגאַנגען: עס האָט זיך מיר פֿאַרגלוסט אומבאַדינגט ליזען זען. איך בין פֿאַרבייגעגאַנגען פֿאַר־ביי דעם זייגערמאַכער. איך קוק: אַן עולם דאָרט און פּאָליציי. איך בין צו דער קומע צוועק: רוף אויס ליזען! איך האָב אַ ביסעלע צוגעוואַרט, זע איך: זי לויפֿט, ליזע; און האָט זיך אַזוי אַ וואָרף געטאָן מיר אויפֿן האַלדז, און וויינט: אין אַלעם, זאָגט זי, בין איך שולדיק, וואָס איך האָב די מומע געהאָרכט. זי האָט מיר אויך געזאָגט, אַז די מומע איז באַלד נאָך דעם געשעענעם אַהיימגעקומען און האָט אַזוי געציטערט, אַז זי איז אַז קראַנק געוואָרן און — שאַ; אי זי האָט אַליין קיינעם נישט געזאָגט, אי מיר, זאָגט זי, האָט זי פֿאַרבאָטן; זי האָט מורא; זאָלן זיי זיך דאָרט טון, וואָס זיי ווילן. אונדז, זאָגט זי, ליזע, האָט קיינער דאָרט נישט געזען. ער האָט אויך די דינסט זיינע אַוועקגעשיקט, ווייל ער האָט מורא געהאַט. יענע וואָלט אים געוועזן די אויגן אויסגעדראַפּעט, ווען זי וואָלט זיך געוועזן דערוווּסט, אַז ער וויל חתונה האָבן. פֿון די געזעלן איז אויך קיינער אין שטוב נישט געווען; ער האָט אַלע אַוועקגעשיקט. ער האָט אַליין אויך די קאַווע אויסגעקאָכט, אַליין דאָס פֿאַרבייסעכץ צוגעגרייט. און דער קרוב, איז יענער האָט אַזוי אויך דאָס גאַנצע לעבן זיינס געשוויגן, גאָרנישט גערעדט, און ווי נאָר די זאַך איז געשען, האָט ער דאָס היטל גענומען און דער ערשטער אַוועק. און מסתמא וועט ער אויך שווייגן, — האָט ליזע געזאָגט. אַזוי איז טאַקע געווען. צוויי וואָכן האָט מיך קיינער נישט גענומען און עס איז אַפֿילו אויף מיר קיין חשד נישט געווען. אין די דאָזיקע צוויי וואָכן, גלייבט יאָ, גלייבט נישט, אַלעקסאַנדער פּיעטראָוויטש, האָב איך מיין גאַנץ גליק געהאַט. יעדן טאָג זיך מיט ליזען צונויפֿגעקומען און זי האָט זיך שוין אַזוי, אַזוי געהאַט צוגעבונדן צו מיר!

זי וויינט: „איך וועל נאָך דיר, זאָגט זי, וווהין מען זאָל דיך נישט
פאַרשיקן, נאָכגיין; אַלץ וועל איך צוליב דיר פאַרלאָזן!" איך האָב
שוין געמיינט, אַז מײַן גאַנץ לעבן וועט שוין דאָ אַנטשלאָסן ווערן:
אַזוי רחמנות געקריגן האָב איך אויף איר דאַמאָלס נו, און אין
צוויי וואָכן אַרום האָט מען מיך גענומען. דער אַלטער און די מומע
האָבן זיך צונויפגערעדט, און אָנגעוויזן אויף מיר...

— נאָר וואַרט נאָר — האָב איך איבערגעריסן באַקלושינען, —
פאַרדעם וואָלט מען דאָך אײַך געווען געקענט נאָר אויף א יאָר צען,
נו, אויף צוועלף, אויף א פולן טערמין, אין דער געוויינטלעכער
אָפּטיילונג פאַרשיקן; איר זאָגט דאָך אָבער אין דער „באַזונדערער
אָפּטיילונג". ווי אַזוי קען דאָס זיין?

נו, דאָס איז שוין צוליב אַן אַנדערע זאַך אַרויסגעקומען, —
האָט באַקלושין געזאָגט. — ווען מען האָט מיך געבראַכט צו דער
געריכט-קאָמיסיע, האָט דער קאַפּיטאַן מיך אָנגעהויבן פאַרן געריכט
מיט די געמיינסטע ווערטער צו זידלען. איך האָב דאָס נישט אויס-
געהאַלטן, און זאָג אים: „דו, וואָס זידלסטו עפּעס? צי זעסטו נישט,
פאָדליעץ, וואָס פאַר אַן אָרט דו פאַרנעמסט!" נו, דאָ האָט מען
שוין פאַר עפּעס אַנדערש אָנגעהויבן; פאַר אַן אַנדערע זאַך מיך
משפּטן אָנגעהויבן, און פאַר אַלץ צוזאַמען מיר צוגעפּסקנט פיר
טויזנט, און דאָ אַהער אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג. און ווען
מען האָט מיך אַרויסגעפירט צו דער באַשטראָפונג, האָט מען אויך
דעם קאַפּיטאַן אַרויסגעפירט: מיך צו דער גרינער גאַס, און אים
דעם טשין צוגענומען און קיין קאַווקאַז אַלס זעלנער אַוועקשיקן. צום
ווידערזען, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש. כאַפּט-זשע זיך אַרײַן צו אונדז
אויף דער פאַרשטעלונג.

X.

## דער יום=טוב פֿון קריסטוס=געבורט.

ענדלעך זיינען אויך אָנגעקומען די יום-טובים. נאָך ערב יום-טוב זיינען די ארעסטאַנטן כמעט שוין נישט ארויסגעגאַנגען אויף קיין אַרבעט. געגאַנגען איז מען נאָר אין די שוואַלניעס אַריין, אין די ווערקשטעלן; די איבעריקע זיינען נאָר אַ ביסל געווען אַזוי אויף צו צעפירן עפּעס, און כאָטש זיי זיינען אויך געווען ערגעץ-ווו באַ-שטימט, נאָר זיי האָבן זיך כמעט אַלע, איינציקווייז אָדער גרופּנ-ווייז, באַלד צוריקגעקערט אין טורמע אַריין, און נאָך מיטאָג איז שוין קיינער פֿון זיי נישט ארויסגעגאַנגען. אויך אינדערפֿרי איז שוין אַ גרויסער טייל געגאַנגען נאָר צוליב אייגענע זאַכן און נישט צוליב קאַזשאָנע; טייל — באַזאָרגן, אַז מען זאָל קענען דורכטראָגן בראָנפֿן און באַשטעלן נייעם; אַנדערע ווידער — זיך זען מיט באַקאַנטע קומען און קומעס, אָדער אָפּנעמען אויף יום-טוב די חובות פֿאַר די דורך זיי פֿריִער געמאַכטע אַרבעט; באַקלושין און די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין טעאַטער — כּדי צו זיין באַ עטלעכע באַקאַנטע הויפּטזעכלעך פֿון דער אָפּיציר-דינערשאַפֿט, כּדי צו קריגן די נויטיקע קאָסטיומען. טייל האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט אַ פֿאַרזאָרגט און פֿאַרפֿאָרעט אויסזען, נאָר דערפֿאַר, וואָס אויך אַנדערע זיינען געווען פֿאַרפֿאָרעט און פֿאַרזאָרגט, און כאָטש טייל למשל איז נישט פֿאָרגע-שטאַנען צו באַקומען פֿון ערגעץ קיין געלט, דאָך האָבן זיי אויס-

בעזען אַזוי, ווי אויך זיי וואָלטן געדאַרפט דערהאַלטן פון וועמען
עס־איז גלײַך; מיט איין וואָרט, אַלע האָבן עפּעס ווי אָפּגעוואַרט דעם
מאָרגנדיקן טאָג, ווי עפּעס אַן ענדערונג, ווי עפּעס אומגעוויינטלעכס.
צו אָונט־צו האָבן די אינוואַלידן, וואָס זײַנען געגאַנגען אויפן מאַרק
אײַנקויפן פאַר די אַרעסטאַנטן, אָנגעברענגט מיט זיך אַלערליי זאַכן
און עסנוואַרג: רינד־פלייש, חזירימלעך, אַפילו גענדז! אַ כּך פון די
אַרעסטאַנטן, אַפילו די באַשיידנסטע און שפּאָרזאַמסטע, וואָס האָבן
געזאַמלט אַ גאַנץ קײַלעכדיק יאָר זייערע קאָפּיקעס, האָבן געהאַלטן
פאַר אַ חוב צו עפענען ברייט די בײַטלען אויף אַזאַ טאָג און אויף אַ
פײַנעם אופן צו פּראַווען דאָס פאַרפאַסטן. דער מאָרגנדיקער טאָג
איז געווען אַן אמתער, נישט קליינער יום־טובֿ בײַם אַרעסטאַנט, אַן
אים אָנערקענטער פאָרמאַל דורכן געזעץ. אין דעם טאָג האָט דער
אַרעסטאַנט נישט געטאָרט אַרויסגעשיקט ווערן אויף קיין אַרבעט.
און אַזעלכע טעג זײַנען אינגאַנצן געווען דרײַ אין יאָר.

און ענדלעך, ווער ווייסט וויפיל ערינערונגען עס האָבן גע-
דאַרפט אויפשטיין אין די נשמות פון די דאָזיקע פאַרשטויסענע
בײַם אָנקומען פון אַזאַ טאָג! די טעג פון די גרויסע יום־טובֿים
דריקן זיך שאַרף אָפּ אין זכּרון פון די פּראָסטע פאָלקס־מענטשן,
אָנהייבנדיק פון דער פריסטער קינדהייט אָן. דאָס זײַנען טעג פון
אָפּרוען זיך נאָך דער שווערער אַרבעט, טעג, ווען די פאַמיליע
איז צוזאַמען. אין טורמע אָבער האָבן זיי זיך געדאַרפט דערמאָנען
אָן זיי מיט פּײַן און בענקשאַפט. די אַכטונג צו דעם פײַערלעכן טאָג
איז איבערגעבליבן בײַ די אַרעסטאַנטן אַפילו אין אַ מין פאָרמעל-
קייט. אַ סך האָבן געצהוליעט. אַלע זײַנען געווען ערנסט און ווי
מיט עפּעס באַשעפטיקט, כאָטש אַ סך האָבן כמעט אינגאַנצן נישט
געהאַט וואָס צו טון. נאָר אי די, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פײַער-
לעך, אי די, וואָס האָבן געהוליעט, האָבן זיך באַמיט אָפּצוהיטן אין
זיך אַ מין וויכטיקייט... לאַכן איז געווען, ווי פאַרבאָטן. בכלל איז

די שטימונג דערגאַנגען ביז צו עפּעס אַזאַ מין פּינקטלעכער אָפּגע-היטנקייט, אין איבערייצנדיקע נישט אויסהאַלטעוודיקייט, און ווער עס האָט געשטערט דעם אַלגעמיינעם טאָן, כאָטש אומווילנדיק, דעם האָט מען באַלד איינגעשטילט מיט געשרייען און זידלערייען, און מען איז בייז געווען אויף אים, ווי ער וואָלט פאַרשוועכט דעם יום-טוב אַליין. די דאָזיקע שטימונג פון די גרעסטאַנטן איז געווען מערקווירדיק, אַפילו רירנד. אַ חוץ דעם איינגעבוירענעם דרך-ארץ פאַר דעם גרויסן טאָג, האָט דער גרעסטאַנט אומבאַוווּסטזיניק גע-פילט, אַז ער מישט זיך, מיט דעם דאָזיקן אָפּהיטן דעם יום-טוב, עפּעס ווי צונויף מיט דער גאַנצער וועלט, אַז ער איז דאָך נישט שוין אינגאַנצן אַ פאַרשטויסענער, פאַרפאַלענער מענטש, און אָפּגע-שניטן שטיק, אַז אויך אין טורמע איז דאָס זעלבע, ווי בײַ אַלע מענטשן. זיי האָבן דאָס געפילט; דאָס איז געווען קענטיק און פאַרשטענדלעך.

אַקים אַקימיטש האָט זיך אויך זייער געגרייט צום יום-טוב. ער האָט נישט געהאַט קיין פאַמיליען-ערינערונגען, ווייל ער איז אויפגעוואַקסן אַ יתום אין אַ פרעמדן הויז און ער נישט פון פופצען יאָר אָן געגאַנגען אויף שווערע דינסט; ער האָט אויך נישט געהאַט אין זיין לעבן קיין שום באַזונדערע פריידן, ווייל זיין גאַנץ לעבן האָט ער פאַרבראַכט רעגולער, איינאַרטיק, מורא האָבנדיק כאָטש אויף אַ האָר אָפּצוטרעטן פון די אים אָנגעוויזענע פליכטן. ער איז אויך נישט געווען באַזונדערס רעליגיעז, ווייל די גוטע אויפפירונג האָט איינגעשלונגען אין אים, ווייזט אויס, אַלע זיינע איבעריקע מענטשלעכע מעלות און אייגנשאַפטן, אַלע ליידנשאַפטן און פאַרלאַנגען, די שלעכטע, ווי די גוטע. צוליב דעם אַלעם, האָט ער זיך געגרייט אויפצונעמען דעם פייערלעכן טאָג רויק, נישט אויפ-רעגנדיק זיך, נישט פאַראומערנדיק זיך די צייט מיט בענקלעכע און אינגאַנצן אומנוצלעכע ערינערונגען, נאָר מיט אַ שטילער, גוט אויס-

גערעכנטער פּינקטלעכקייט, וועלכע איז געווען אויף אזוי פיל, אויף וויפיל
מען האָט געדאַרפט, כדי צו דערפילן די פליכטן און דעם איינמאָל
אויף אייביק אָנגענומענעם מנהג. ער האָט אויך בכלל נישט ליב
געהאַט אַ סך זיך צו פאַרטראַכטן, די באַדייטונג פון אַ פאַקט האָט,
אפנים, קיינמאָל נישט אינטערעסירט זיין מוח, נאָר די אייג אַל
אים אָנגעוווינטע כללים האָט ער דערפילט מיט אַ הייליקער פּינקט-
לעכקייט. אויב מען וואָלט אים באַלד מאָרגן באַפוילן צו טון לחלוטין
פאַרקערט, וואָלט ער געטון אויך דאָס מיט דער זעלבער אונטער-
טעניקייט און פלייסיקייט, ווי ער האָט געטון דאָס פּונקט פאַר-
קערטע נעכטן. איינמאָל נאָר, איינמאָל אין זיין לעבן האָט ער
געפּרוווט אַ לעבן טון מיט זיין אייגענעם שכל — און ער איז אַריינ-
געפאַלן אויף קאַטאָרגע. די לעקציע איז נישט פאַרפאַלן געוואָרן פאַר
אים אומזיסט, און כאָטש עס איז אים נישט באַשערט געווען פון
גורל צו פאַרשטיין, כאָטש ווען אַמאָל עס איז, אין וואָס אייגנטלעך
ער האָט זיך פאַרשולדיקט, נאָר פאַרדעם האָט ער אַרויסגעלערנט
פון זיין געשעעניש איין כלל, וואָס האָט אים געראַטעוועט — נישט
נאָכטראַכטן קיינמאָל און נישט אין קיין שום אומשטענדן, פאַרדעם,
ווייל טראַכטן „איז נישט פאַר זיין קאָפּ", ווי עס האָבן זיך אויס-
געדריקט צווישן זיך די אַרעסטאַנטן. נאָכגייענדיק בלינד אַלע מנהגים,
האָט ער אַפילו אויך דעם יום-טובדיקן חזירל זייגעם, וועלכעס
ער האָט אָנגעפילט מיט קאַשע און אָפּגעבראָטן (אַליין, ווייל ער האָט
געקענט אויך בראָטן), געקוקט מיט עפּעס אַ באַזונדערן דרך-ארץ,
פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען נישט קיין געוויינטלעכער חזירל, וועלכעס
מען האָט געקענט שטענדיק קויפן און אָפּבראָטן, נאָר עפּעס גאָר
אַ באַזונדערס, אַ יום-טובדיקס. מעגלעך, אַז ער איז נאָך פון קינד-
הייט אָן געוווינט געווען צו זען אויפן טיש אין דעם טאָג אַ חזירל,
און פון דעם אַרויסגעדרונגען, אַז אַ חזירל איז אומבאַדינגט נייטיק
אויף דעם טאָג, און איך בין איבערצייגט, אַז אויב ער וואָלט כאָטש

איינמאָל אין דעם טאָג נישט געווען געגעסן פון חזירל, וואָלט אים אויפן גאַנצן לעבן געווען געבליבן אַ געפיל פון געוויסנס-ביסן צוליב זיין נישט דערפילטן חוב. ביז יום-טוב איז ער געגאַנגען אין זיין אַלטער קורטקע און אין די אַלטע הויזן, אַפילו גאַנץ פיין פאַר-לאַטעטע, נאָר פאַרדעם שוין זייער אָפּגעטראָגענע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַצינד, אַז די נייע פּאָר, וואָס איז אים אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָך מיט דריי חדשים צוריק, האָט ער גוט אָפּגעהיטן אין זיין קעסטל און זיך נישט צוגערירט צו זיי, מיט דעם צופרידענעם געדאַנק, צו באַווייזן זיך פייערלעך אין יום-טוב. אַזוי האָט ער טאַקע געטון. נאָך אין אָוונט האָט ער אַרויס-גענומען זיין נייע פּאָר, זי צעלייגט, באַקוקט, אָפּגעפּוצט, אָפּגע-בלאָזן, און אָפּטועענדיק דאָס אַלץ, האָט ער זיי קודם אָנגעמאָסטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָר איז געווען פּונקט צו דער מאָס, אַלץ איז געווען גוט, האָט זיך גוט צוגעקנעפּלט ביז אין דער הייך אַרויף, דער קאָלנער האָט, ווי פון קאַרדאָן, הויך אונ-טערגעשאַרט די גאָמבע; אין דער טאַליע האָט זיך געשאַפן אַפילו עפּעס אַזאַ אַריינגעצאַלנקייט, ווי כון אַ מונדירל, און אַקום אַקי-מיטש האָט זיך אַפילו צעשמייכלט פון פאַרגעניגן און נישט אָן ווויל-יונגערישקייט זיך אַ דריי געטון פאַר זיין קליינטשיקן שפּיגעלע, וועלכעס ער האָט אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט, שוין גאַנץ לאַנג צוריק, אין דער פריער צייט, אַרומגעקלעבט מיט גאָלד-פּאַפּיר. נאָר אין העקעלע באַם קאָלנער פון דער קורטקע איז געווען עפּעס ווי נישט אויפן אָרט. באַמערקנדיק דאָס, האָט אַקים אַקימיטש באַשלאָסן איבערצושטעלן דאָס העקעלע; ער האָט עס איבערגעשטעלט, ווידער אָנגעמאָסטן, און עס איז געווען שוין אינגאַנצן גוט. דאַמאָלס האָט ער איינגעלייגט אַלץ צוריק ווי פריער און מיט אַ רויק געמיט עס צוריק באַהאַלטן ביז מאָרגן אין קעסטל אַריין. זיין קאָפּ איז געווען ווי געהעריק אָפּגעגאָלט; נאָר, באַטראַכטנדיק זיך אויפמערקזאַם אין

שפּיגעלע, האָט ער באַמערקט, אַז עס איז עפּעס, ווי נישט אַזוי אינגאַנצן גלאַטיק אויפן קאָפּ; עס האָבן זיך געזען די קוים-אַרויס-שפּראָצנדיקע קעפּעלעך פון די האָר, און ער איז גלייך אַוועק צום „מאַיאָר" זיך אָפּגאָלן אינגאַנצן אָנשטענדיק און ווי עס געהערט צו זיין. און כאָטש עס וואָלט מאָרגן אַקים אַקימיטשן קיינער נישט געגאַנגען באַקוקן, דאָך האָט ער זיך אָפּגעגאָלט בלויז, כדי צו באַרויִקן זיין געוויסן, כדי שוין אַזוי, אין אַזאַ טאָג, צו דערפילן אַלע זיינע פליכטן. דער אָפּשיי פאַר אַ קנעפּל, פאַר עפּאָליעטן, פאַר אַ פּעטעלע האָט זיך נאָך פון דער קינדהייט אָן שטאַרק אָפּגעדריקט אין זיין פאַרשטאַנד אַלס אַן אומבאַדינגטע פליכט און אין האַרץ — ווי אַ בילד פון אַזאַ העכסטער שטופע שיינקייט צו וועלכער עס קען נאָר דערגרייכן אַן אָרנטלעכער מענטש. ברענגענדיק אַלץ אין אָרדנונג, האָט ער, ווי אַן עלטערער אַרעסטאַנט אין קאַזאַרמע פאַראָרדנט צו ברענגען היי און פלייסיק אַכטונג געגעבן, ווי אַזוי מען האָט עס צעוואָרפן איבער דער פּאָדלאָגע. דאָס זעלבע איז געווען אויך אין אַנדערע קאַזאַרמעס. איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר צו קריסטוס-געבורט האָט מען שטענדיק צעוואָרפן באַזונדערס אין קאַזאַרמע היי. דערנאָך, פאַרענדיקנדיק אַלע זיינע אַרבעטן, האָט אַקים אַקימיטש אָפּגעזאָגט אַ תּפילה צו גאָט, זיך געלייגט אויף זיין בעטל און באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן מיט אַ רויִקן שלאָף פון אַ קינד, כדי זיך אויפצוכאַפּן ווי ווייט מעגלעך פריִער מאָרגן אינדערפרי. אַזוי האָבן געטאָן אויך אַלע אַרעסטאַנטן. אין אַלע קאַזאַרמעס האָט מען זיך געלייגט אַ סך פריִער ווי געוויינטלעך. די געוויינטלעכע אָוונט-אַרבעט איז נישט פאָרגעקומען; וועגן די מיידאַנעס איז אַפילו נישט דערמאָנט געוואָרן. אַלץ האָט אָפּגעוואַרט דעם מאָרגנדיקן אינדערפרי.

ער איז ענדלעך געקומען, דער באַלד אינדערפרי, איידער עס האָט נאָך אָנגעהויבן טאָגן, מען האָט נאָר וואָס געהאַט געפּויקט אויף צום וועקן, האָט מען געעפנט די קאַזאַרמעס, און דער קאַראַול אונ-

סער־אָפּיציר, וואָס איז אַרייַנגעקומען איבערציילן די אַרעסטאַנטן, האָט זיי אַלע באַגריסט מיטן יום־טוב. מען האָט אים געענטפערט מיט דעם זעלבן, געענטפערט העפלעך און ליבלעך, אָפּזאָגנדיק גע־שווינד דאָס געבעט, איז אַקים אַקימיטש און נאָך אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַט זייערע געגנדז און חזירימלעך אויף דער קיך, שנעל געגאַנגען אַ קוק טאָן, וואָס עס הערט זיך מיט זיי, ווי מען בראָט זיי, ווו עפּעס שטייט און אַזוי ווייטער. פון דער פינסטערניש האָט מען דורך די קליינע, מיט שניי און אייז פאַרקלעבטע פענס־טערלעך, פון אונדזער קאַזאַרמע, געזען, אַז אין ביידע קיכן פלאַקערט, אין אַלע זעקס אויוונס, אַ העל פייער, וואָס איז אָנגעלייגט געוואָרן נאָך איידער עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. איבערן הויף, אין דער פינס־טער, האָבן זיך שוין געדרייט די אַרעסטאַנטן אין זייערע קורצע פעלצלעך, אָנגעטון אויף די אַרבל און אָנגעהאָנגען; דאָס אַלץ האָט געאײַלט אין קיך אַרײַן. נאָר טייל, איבעריקנס, נישט קיין סך, האָבן שוין באַוויזן צו זיין אויך בײַ די שענקערס. דאָס זיינען געווען די גאָר אומגעדולדיקע. בכלל אָבער, האָבן זיך אַלע געהאַלטן זייער אָנשטענדיק, פיין און עפּעס ווי אומגעוויינטלעך גוט אין דער מורגה. מען האָט נישט געהערט די געוויינטלעכע זידלערייען, נישט די געוויינטלעכע קריגערייען, אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער טאָג איז אַ גרויסער און דער יום־טוב אַ הייליקער. עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען אַרײַנגעגאַנגען אויך אין אַנדערע קאַזאַרמעס באַגריסן וועמען עס איז פון זייערע באַנטאַנטע. עס האָט זיך באַוויזן עפּעס ווי אַ פריינטשאַפט. אַגב, וועל איך באַמערקן, אַז צווישן די אַרעס־טאַנטן האָט זיך כמעט אינגאַנצן נישט באַמערקט קיין פריינטשאַפט, איך רעד שוין נישט וועגן קיין אַלגעמיינער, — דאָס אַוודאי נישט; נאָר אַזוי אַ פּריוואַטע, אַז עס זאָל איין אַ וואָסער־נישט־איז אַרעסטאַנט זיך האַלטן פריינטלעך מיט אַ צווייטן. דאָס איז כמעט אינגאַנצן בײַ אונדז נישט געווען, און דאָס איז אַ מערקווירדיקער שטריך: אויף דער פריי

איז נישט אַזוי. בײַ אונדז זײַנען אין אַלגעמײן אַלע געװען אין דער באַציִונג, אײנער צום צװײטן, האַרט, טרוקן, מיט זײער זעלטענע אויסנאַמען, און דאָס איז געװען אַזאַ מין פֿאָרמעלער, אײנמאָל פֿאַר אַלעמאָל אָנגענומענער און באַשטימטער טאָן. איך בין אויך אַרויסגעגאַנגען פֿון דער קאַזאַרמע; עס האָט נאָר װאָס אָנגעהויבן טאָגן די שטערן האָבן געפֿינקלט; אַ פּראָסטיקע לײכטע פּאַרע האָט זיך געהויבן אין דער הײך. פֿון די קוימענס פֿון דער קיך האָט זיך געפּײַקט דער רויך זײַלנװײַז. עטלעכע אַרעסטאַנטן, װאָס זײַנען מיר אַנטקעגן געקומען האָבן אַלײן גערן און פֿרײַנטלעך מיך באַגריסט מיטן יום-טוב. איך האָב געדאַנקט און געענטפֿערט מיט דעם זעלבן. צװישן זײ זײַנען געװען אויך אַזעלכע, װעלכע האָבן נאָך ביז אַצינד מיט מיר קײן אײן װאָרט נישט געהאַט אַרויסגערעדט אין דעם גאַנצן חודש.

שוין בײַ דער קיך האָט מיך אָנגעיאָגט אײן אַרעסטאַנט, פֿון דער מיליטערישער קאַזאַרמע, מיטן פּעלצל אָנגעהאָנגען. ער האָט מיך נאָך פֿון מיטן הויף דערזען און געשריגן צו מיר: „אַלעקסאַנדער פּיעטראָװיטש! אַלעקסאַנדער פּיעטראָװיטש!“ ער איז געלאָפֿן אין קיך אַרײַן און האָט זיך געאײַלט. איך האָב מיך אָפּגעשטעלט און צוגעװאַרט אויף אים. דאָס איז געװען אַ יונגער בחור, מיט אַ קײַלעכדיק פּנים, מיט אַ שטילן אויסדריק פֿון די אויגן, װאָס האָט מיט קײנעם קײנמאָל נישט גערעדט. און מיט מיר נאָך נישט געהאַט גערעדט קײן אײן װאָרט און נישט געלײגט אויף מיר ביז אַצינד די מינדסטע אַכט פֿון דער צײַט אָן זינט איך בין אַרײַנגעטרעטן אין טורמע: איך האָב אַפֿילו אויך נישט געװוּסט, װי מען רופֿט אים. ער איז צוגעלאָפֿן צו מיר, שװער אָטעמענדיק, און שטײן געבליבן גלײַך קעגן מיר, קוקנדיק אויף מיר מיט עפּעס אַזאַ טעמפּן, נאָר צו דער זעלבער צײַט אויך גליקלעכן שמײכעלע.

— װאָס איז אײַך? — האָב איך נישט אָן פֿאַרװוּנדערונג

געפרעגט, זעענדיק, ווי ער שטייט פאַר מיר, שמייכלט, קוקט אויף מיר מיט ברייט-צעעפנטע אויגן און רעדט קיין וואָרט נישט אַרויס.

— וואָס הייסט — יום-טוב!...— האָט ער אויסגעמורמלט און אַליין פאַרשטיינדיק, אַז ער האָט נישט מער וועגן וואָס צו רעדן, האָט ער מיך איבערגעלאָזט און איילנדיק אַוועק אין קיך אַריין.

איך וועל דאָ אויך באַמערקן, אַז נאָכדעם זיינען מיר זיך שוין אויך מער קיינמאָל נישט צונויפגעגאַנגען און כמעט נישט גערעדט צווישן זיך קיין איין וואָרט, ביזן לעצטן טאָג פון מיין אַרויסגיין פון טורמע.

אין קיך, אַרום די הייס-צעברענטע אויוונס, איז געווען אַ געפּאַקעריי, אַ געשטופּעריי, אַ גאַנצע ענגשאַפט. יעדער האָט אַכטונג געטון אויף זיין פאַרמעגן; די קעכינס האָבן זיך גענומען קאָכן דאָס קאַזשאָנע עסן, ווייל אין דעם טאָג איז דאָס מיטאָג באַשטימט געווען פריער. איבעריקנס, קיינער האָט נאָך נישט אָנגעהויבן צו עסן, כאָטש אַ סך האָט זיך דאָס שוין זייער געגלוסט גאָר. מען האָט זיך געהאַלטן אָנשטענדיק קעגן די אַנדערע. מען האָט געוואַרט אויף דעם גייסטלעכן און נאָך אים האָט זיך שוין גע אַרפט צונהייבן דאָס פאַ־פאַסטן. — דערווייל — עס האָט נאָך נישט באַוויזן אינגאַנצן טאָג צו ווערן, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו הערן הינטער די טירען פון טורמע די רופנדיקע געשרייען פון יעפרייטאָר: „די קוכערס!" די דאָזיקע געשרייען האָבן זיך געהערט שיער נישט אַלע מינוט און האָבן געדויערט כמעט צוויי שעה. מען האָט אַרויסגעפירט די קוכערס פון דער קיך, זיי זאָלן צונעמען די, פון אַלע עקן שטאָט געברענגטע, נדבות אין טורמע אַריין. געברענגט געוואָרן זיינען זיי אין אַן אומגעוויינטלעכער צאָל, אין דער פאָרם פון: זעמל, ברויט, קייזערקעס, קוכינס, פוטער-קיכלעך, פּאָנטשקעס און אַנדער מילכיק געבעקטס. איך מיין, אַז עס איז נישט געבליבן קיין איין באַלעבאָסטע פון די סוחרישע און גלאַט

באַלעבאַטעשע הייזער פֿון דער גאַנצער שטאָט, וואָס זאָל נישט גע-
ווען שיקן איר מתנה, כּדי צו באַגריסן מיטן גרויסן יום־טוב „די
אומגליקלעכע” און איינגעשלאָסענע. עס זיינען געווען נדבות ריי-
כע — פּיטער־באַבעס פֿון שענסטן מעל, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן
אין אַ גרויסער צאָל. עס זיינען געווען נדבות אויך זייער אָרימע —
אַזאַ מין גראָשנדיק קיילעכשל און עפּעס אַזעלכע צוויי שוואַרצע
קיכעלעך, קוים מיט סמעטענע אָפּגעשמירטע: דאָס איז שוין געווען
אַ געשאַנק, וואָס איין אָרימער גיט דעם צווייטן, שוין פֿון די לעצ-
טע. אַלץ איז אָנגענומען געוואָרן מיט דער זעלבער דאַנקבאַרקייט,
אָן אונטערשייד פֿון די מתנות און די געבער. די אַרעסטאַנטן, וואָס
האָבן צוגענומען די נדבות, האָבן אַראָפּגענומען די היטלען, זיך געבייגט,
באַגריסט מיטן יום־טוב און צוועקגעטראָגן אין קיך אַריין. ווען עס
האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעקליבן גאַנצע קופּעס פֿון דעם געשענקטן
עסנוואַרג, האָט מען גערופֿן די עלטסטע פֿון יעדער קאַזאַרמע, און
זיי האָבן שוין איינגעטיילט אַלץ אויף גלייך פֿאַר די קאַזאַרמעס.
עס זיינען נישט געווען, נישט קיין קריגערייען, נישט קיין זידלע-
רייען; די זאַך איז דורכגעפֿירט געוואָרן ערלעך, אויף גלייך. וואָס
עס איז אויסגעקומען פֿאַר אונדזער קאַזאַרמע, האָט מען שוין צע-
טיילט בײַ אונדז; געטיילט האָט אַקים אַקימיטש און נאָך אַ צוויי-
טער אַרעסטאַנט; זיי האָבן געטיילט מיט דער אייגענער האַנט, און
מיט דער אייגענער האַנט דערלאַנגט יעדן דאָס זייניקע. עס איז
נישט געווען די מינדסטע אומצופֿרידנהייט, קיין מינדסטע קנאה פֿון
וועמען עס זאָל נישט זיין; אַלע זיינען געבליבן צופֿרידן; עס האָט
אַפֿילו קיין חשד נישט געקענט זיין, אַז אַ נדבה זאָל געווען קענען
באַהאַלטן ווערן אָדער איינגעטיילט ווערן נישט גלייך. באַזאָרגנדיק
זיך זיינע זאַכן אין קיך, איז אַקים אַקימיטש צוגעטרעטן צו זיין
אָנטון זיך. ער האָט זיך אָנגעטון מיט דעם גאַנצן קנאַק און פֿייער-
לעכקייט, נישט איבערלאָזנדיק קיין איין העקעלע נישט צוגעהעפֿטלט,

און אָנבויגנדיק זיך, באַלד צוגעטראָטן צו דער אמתער תּפילה, ער האָט געבעטן לאַנג לאַנג. בײַ דער תּפילה זײַנען געשטאַנען אַ סך אַרעסטאַנטן, מערסטנטײלס די עלטערע. דאָס יונגוואַרג האָט קײן סך נישט געבעטן: אַזוי גלאַט איבערצלמען, פֿלעגט זיך אַמאָל עמעצער, אויפּעטייעדיק, און דאָס זעלבע אויך יום-טוב. נאָכן געבעט, איז אַקים אַקימיטש צוגעקומען צו מיר און מיט אַ באַזונדערער פֿײַערלעכקייט מיך באַגריסט מיטן יום-טוב. דאָ האָב איך אים פֿאַרבעטן אויף טיי, און ער מיך צו זײַן חזירל. אין אַ ווײַלע אַרום איז געקומען צו לויפֿן צו מיר אויך פּיעטראָוו, מיך באַגריסן. ער איז דאַכט זיך, שוין געווען אָנגעטרונקען, און כאָטש ער איז אָנגעקומען שווער סאָפּענדיק, נאָר קײן סך האָט ער נישט געזאָגט, נאָר בלויז געשטאַנען אַ ביסל פֿאַר מיר מיט עפּעס אַזאַ דערוואַרטונג, און באַלד אַוועקגעגאַנגען פֿון מיר אין קיך אַרײַן. דערווײַל האָט מען זיך אין דער מיליטערישער קאַזאַרמע געגרייט אויפֿצונעמען דעם גײַסטלעכן. די דאָזיקע קאַזאַרמע איז געווען אײַנגעאָרדנט נישט אַזוי, ווי די אַנדערע; אין איר האָבן זיך די נאַרעס געצויגן אַרום די ווענט און נישט אין מיטן צימער, ווי אין די איבעריקע קאַזאַרמעס, אַזוי, אַז דאָס איז געווען דאָס איינציקע צימער אין טורמע, וואָס איז נישט געווען פֿאַרשטעלט אינמיטן. זי איז מסתּמא טאַקע אײַנגעאָרדנט געווען אויף אַזאַ אופֿן, כּדי מען זאָל אין איר אין נייטיקע פֿאַלן קענען צונויפֿזאַמלען די אַרעסטאַנטן. אינמיטן צימער האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ טישל, באַדעקט עס מיט אַ ריינעם האַנטוך, אַרויפֿגעשטעלט דערויף אַ הייליק בילד און אָנגעצונדן אַ לאַמפּאַדע*). ענדלעך איז געקומען דער גײַסטלעכער מיטן צלם און הייליקן וואַסער. אָפּזאָגנדיק אַ תּפילה און אָפּזינגענדיק פֿאַרן הייליקן בילד, איז ער שטיין געבליבן פֿאַר די אַרעסטאַנטן, און אַלע האָב מיט אַן אמתן

*) אַ לעמפּעלע, וואָס ברענט פֿאַרן הייליקן בילד.

דרך־ארץ אָנגעהויבן צוגיין און קושן דעם צלם. דערנאָך איז דער גייסטלעכער אַרומגעגאַנגען איבער אַלע קאַזאַרמעס און באַשפּריצט זיי מיטן הייליקן וואַסער. אין קיך האָט ער געלויבט אונדזער טורמע־ברויט, וואָס האָט געשמעקט מיט זיין געשמאַקן טעם אין שטאָט. און די אַרעסטאַנטן האָבן באַשלאָסן צו שיקן אים צוויי פרישע און נאָר־וואָס אָפּגעבאַקענע ברויט; אויף אָפּצושיקן זיי איז באַלד באַנוצט געוואָרן איין אינוואַליד. דעם צלם האָבן זיי באַגלייט מיטן זעלבן דרך־ארץ, מיט וועלכן זיי האָבן אים אויפגענומען, און דערנאָך זיינען כמעט באַלד אָנגעקומען צו פאָרן דער פּלאַץ־מאַיאָר און דער קאָמענדאַנט. דעם קאָמענדאַנט האָט מען בײַ אונדז ליב געהאַט און אַפילו גע־ שעצט. ער איז אַרום געגאַנגען איבער אַלע קאַזאַרמעס אין דער באַגליי־ טונג פון פּלאַץ־מאַיאָר, אַלעמען געווינטשן מיטן יום־טוב, אַרײַנגעגאַנגען אין קיך און פאַרזוכט דעם טורמע־באָרשטש. דער באָרשטש איז געראָטן אויסגעצייכנט; עס איז צוגעגעבן געוואָרן אויף אַזאַ טאָג שיער נישט צו פונט פלייש אויף יעדן אַרעסטאַנט. אַחוץ דעם, איז נאָך אָפּגעקאָכט געווען הירזש, און פּוטער איז אַרײַנ־ געטאָן געוואָרן גענוג. אַרויסבאַגלייטנדיק דעם קאָמענדאַנט, האָט דער פּלאַץ־מאַיאָר געהייסן אָנהייבן דאָס מיטאָג. די אַרעסטאַנטן האָבן זיך באַמיט נישט צו קומען אים אויף די אויגן. מען האָט נישט ליב געהאַט בײַ אונדז זיין בייזן בליק פון אונטער די ברילן אַפּער, מיט וועלכן ער האָט אויך אַצינד אַפּגעקוקט אויף רעכטס און לינקס, צי וועט ער נישט באַמערקן עפּעס קיין אומאָרדנונגען צי וועט ער נישט טרעפן עפּעס קיין שולדיקער.

מען האָט אָנגעהויבן עסן מיטאָג. אַקים אַקימיטשעס חזירל איז געווען אָפּגעבראָטן אויסגעצייכנט. און אָט קען איך מיר נישט דערקלערן, ווי אַזוי דאָס איז געשען: באַלד נאָכן אָפּפאָרן פונם פּלאַץ־מאַיאָר, אפשר פינף מינוט שפּעטער, האָבן זיך באַוויזן זייער אַ סך שיכורע, כאָטש מיט פינף מינוט צוריק זיינען נאָך אַלע געווען

כמעט אינגאנצן ניכטערן. עס האבן זיך באוויזן א סך זיך רויטלענדיקע, שיינענדיקע כנימער, עס האבן זיך באוויזן באלאלייקעס. דאס פאליאקל מיט דער פידל איז שוין נאכגע אנגעגאנגען נאך עפעס א הולטיי, א געדונגענער אויף א גאנצן טאג און געזעגט אים פרייליכע טענץ. דאס געדרעדריי איז געווארן שיכורער און רוישנדיקער. נאר מען האט געגעסן דאס מיטאג אין באזונדערע אומא־דנונגען. אלע זיינען געווען זאט. א סך פון די אלטע און סאלידע זיינען באלד געגאנגען שלאפן, וואס עס האט אויך געטון אן ם אקימיטש, זייענדיק, דאכט זיך, בא דער מיינונג, אז אין א גרויסן יום־טוב דארף מען אומאדינגט נאך מיטאג איינשלאפן. דער אלטעטשקער פון די סטאראדובאווער אלט־גלויביקע, איז נאכן דרימלען א ביסל ארויפגעקראכן אויפן אויווי, אויפגעעפנט זיין בוך און געזאגט ביז אין דער טיפער נאכט אריין, כמעט נישט איבעררייסנדיק די תפילה, אים איז שווער געווען צו קוקן אויף דעם „סטראם," ווי ער האט אנגערופן דאס אלגעמיינע הולעריי פון די ארעסטאנטן. אלע טשערקעסן האבן זיך אויסגעזעצט אויפן גאניקל און מיט נייגעריקייט און אויך מיט א געוויסן עקל געקוקט אויף דעם שיכורן עולם. איך האב אגעגנט נוראן: „יאמאן, יאמאן! — האט ער מיר געזאגט, שאקלענדיק מיטן קאפ מיט א פרומער אומצופרידנהייט — אוי, יאמאן! אללא וועט בייז זיין." יסאי פאמיטש האט פארעקשנט און שטאלץ אנגעצונדן אין זיין ווינקל א ליכט און אנגעהויבן צו ארבעטן, אפנים ווייזנדיק, אז ער רעכנט זיך גארנישט מיטן יום־טוב. ערגעץ־ווו אין די ווינקלען האבן זיך אנגעהויבן די מיידאנעס. פאר די אינוואלידן האט מען קיין מורא נישט געהאט, און אין פאל פון אונטער־אפיציר, וועלכער האט זיך אליין באמיט גארנישט צו באמערקן, האט מען אוועקגעשטעלט שומרים. דער וואך־אפיציר האט אפשר א דריי מאל א קוק געטון אין דעם דאזיקן גאנצן טאג אין טורמע אריין, נאר די שיכורע האבן זיך באהאלטן, די מיידאנעס זיינען צוגענומען געווארן בא זיין דערשיי-

גען. נאָר ער אַליין, אַפּנים, האָט אויך באַשלאָסן נישט צו לייגן קיין אַכט אויף די קליינע אומאָרדנונגען. אַ שיכּורער מענטש האָט זיך אין דעם טאָג שוין גערעכנט פֿאַר אַ קליינע אומאָרדנונג. ביסלעכווייז האָט זיך דער עולם צעהוליעט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויך קריגערייען. ניכטערע איז פֿונדעסטוועגן געבליבן אַ סך אַ גרעסערע טייל, און עס איז געווען ווער עס זאָל אַכטונג געבן אויף די נישט ניכטערע. פֿאַרדעם האָבן שוין די הוליענדיקע געטרונקען אָן אַ מאָס. גאַזין האָט טריומפֿירט. ער האָט זיך אַרומגעשפּאַצירט מיט אַ זעלבסט־צופֿרידענעם אָנבליק אַרום זיין אָרט אויף די נאַרעס, אונטער וועלכע ער האָט דרייסט איבערגעטראָגן זיין בראָנפֿן, וועלכער איז געלעגן באַהאַלטן ביז דעמאָלס ערגעץ אין שניי הינטער די קאַזאַרמעס, אויף אַ געהיים אָרט, און ער האָט כיטרע אונטערגעשמייכלט, קוקנדיק אויף די צאָלן ניי־אָנקומענדיקע קונים. ער אַליין איז געווען ניכטער און האָט נישט אויסגעטרונקען קיין איין טראָפּן. ער האָט געהאַט בדעה צו הוליען אין סוף יום־טוב, אַרויסבאַקומענדיק פֿריִער דאָס גאַנצע געלט פֿון די אַרעסטאַנטישע קעשענעס. איבער די קאַזאַרמעס האָבן זיך געהערט לידער. נאָר דאָס שיכּרות איז איבערגעגאַנגען אין אַ הייסן סוואָד און פֿון די לידער איז שוין נישט ווייט געווען ביז טרערן. אַ סך זיינען אַרומגעגאַנגען מיט זייערע אייגענע באַלאַלייקעס, די פּעלצלעך אויפֿגעהאָנגען, און אויף אַ וויליונגערישן שטייגער איבערגעקליבן די סטרונעס. אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג האָט זיך געשאַפֿן אַפֿילו אַ כאָר, פֿון אַ מענטשן אַכט. זיי האָבן געזונגען אויסגעצייכנט אונטער דעם אַקאָמפּאַנימענט פֿון די באַלאַלייקעס און גיטאַרעס. אמתע פֿאָלקסלידער זיינען געזונגען געוואָרן ווייניק, איך געדענק נאָר איינס, וואָס איז וויליונגעריש געזונגען געוואָרן.

אין אָוונט בין איך
אויפֿן באַל געווען.

און דאָ האָב איך דערהערט אַ נייעם וואַריאַנט פֿון דעם דאָ-

זיקן ליד. וועלכן איך האָב פריִער נאָך נישט געהאַט באַגעגנט, צום סוף פון ליד זײַנען צוגעגעבן געוואָרן עטלעכע פערזן:

באַ מיר, דער יונגער קצר,
די הײַז איז אויפגערוימט
די לעפל פײַן-געפּוצט,
פון באָרשטש זײ רײַן געמאַכט,
די פענסטער אָפּגעקראַצט,
די קיכלעך אָפּגעבאַקט.

געזונגען געוואָרן זײַנען מערסטנטײלס לידער, די באַ אונדז אַזוי-גערופענע, אַרעסטאַנטישע, איבעריקנס, אַלע שוין באַקאַנטע. אײנס פון זײ „עס איז געווען...“ אַ הומאָריסטישס, וואָס האָט באַשריבן, ווי אַזוי דער מענטש איז פריִער פרײלעך געווען, זיך געלעבט ווי אַ פריץ אויף דער פרײַ און אַצינד אין טורמע אַרײַנגעפאַלן. עס איז באַשריבן געוואָרן, ווי אַזוי ער האָט פריִער „דעם בלאַנמאַזש מיט שאַמפּאַנער פאַרבעסערט“; און אַצינד —

מען גיט מיר קרויט מיט בלויז וואַסער,
און כ'עס, אַז אונטער די אויערן קנאַקט.

אין גאַנג איז אויך געווען דאָס זײער באַוווּסטע ליד:

פריִער האָב איך מיר געלעבט, ווי לוסטיק,
מיט מײַן קאַפּיטאַל גאַנץ פײַן,
איצט די טאַשן אויסגעליידיקט — פּוסטע
בין אין טורמע איך אַרײַן...

און אַזוי ווײַטער. נאָר באַ אונדז האָט מען אַרויסגערעדט נישט „קאַפּיטאַל“ נאָר „קאָפּיטאַל“, בילדנדיק דאָס וואָרט „קאָפּיטאַל“ פון וואָרט „קאָפּיט“—זאַמלען; עס זײַנען אויך געזונגען געוואָרן טרויעריקע לידער. אײנס איז געווען אַ רײַן קאַטאָרגע-ליד, אויך, דאַכט זיך, אַ באַקאַנטס:

ס׳שטאָגט. מיר הייבן אָן זיך רירן,
ס׳קלאַפּט דער באַראַבאַן און וועקט,
ס׳פּראַלט דער עלטסטער אויף די טירן
און דעם שרייבערס רוף אונדז וועקט.
קיינער זעט נישט, ווי מיר לעבן,
איינגעשלאָסן דאָ, אין פּיין;
גאָט וועט געבן, אַז מיר וועלן
דאָ אויך דאָ נישט אונטערגיין א. א. וו.

אַ צווייטס האָט זיך געזונגען נאָך טרויעריקער, מיט אַזאַ שיינעם ניגון, פאַרפאַסט, אַוודאי, דורך עפּעס אַ פאַרשיקטן, מיט אַזעלכע פּשיטקע און גאַנץ נישט גראַמאַטיקאַלע ווערטער. פון דעם וועל איך דערמאַנען אַציינד עטלעכע פערזן:

מיין בליק וועט מער נישט זען דאָס לאַנד,
ווו איך געבוירן בין,
צו ליידן אייביק שפּאָט און שאַנד
זיץ איך דאָ אָן אַ זין.
אַ פילין*) שרייט, זיין שריי צעטראָגט
זיך טיף אין וואַלד אַריין,
דאָס האַרץ פאַרזינקט אין פּיין און קלאָגט,
כ׳וועל מער שוין דאָרט נישט זיין.

דאָס דאָזיקע ליד איז געזונגען געוואָרן בײַ אונדז אָפט, נאָר נישט אין כאָר, נאָר באַזונדער. עמעצער גייט אַמאָל אין מיטן הוליען אַרויס אויפן גאַניקל פון קאַזאַרמע, זעצט זיך אַנידער, פאַרטראַכט זיך, שפּאַרט זיך אונטער מיט אַ האַנט די באַק און הייבט אָן ציען מיט אַ דינעם קולעכל. דו הערסט, און דאָס האַרץ ווערט דיר אַזוי צונויפגעדריקט. שטימען זייגען בײַ אונדז געווען גוטע.

*) אַ, ריב-פּוי-ל.

דערווייל האָט שוין אָנגעהויבן אויך טונקל ווערן. אַ מרה־שחורה, אַ בענקשאַפט אין אַ סוואָנד האָט זיך שווער געפילט אין דעם גאַנצן שיכּרות און הוליען. דער, וואָס האָט מיט אַ שעה צוריק געלאַכט, האָט שוין ערגעץ־ווו געוויינט, אָנטרינקענדיק זיך איבער דער מאָס. אַנדערע האָבן שוין באַוויזן צו צוויי מאָל זיך אָנצוהרגענען. דריטע, בלייכע, וואָס האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער די קאַזאַרמעס, פאַרפירט קריגערייען. די אָבער, באַ וועלכע דאָס שיכּרות איז נישט געווען קיין שום באַזונדערס, האָבן אומזיסט אַרומגעזוכט פריינט, כּדי אויסצוגיסן פאַר זיי זייער האַרץ און אויסצווויינען זייער שיכּור האַרצוויייטיק. דער דאָזיקער גאַנצער אָרימער עולם האָט געוואָלט זיך אַ ביסל פריילעך מאַכן, פריילעך פאַרברענגען דעם גרויסן יום־טוב — און, גאָט! וואָס פאַר אַ שווערער און אומעטיקער דער טאָג איז געווען כּמעט פאַר יעדן. יעדער האָט אין אים איבערגעלעבט עפּעס, ווי ער וואָלט זיך געהאַט אָפּגענאַרט עפּעס אין אַ האָפנונג. פּיעטראָוו איז נאָך אַ צוויי מאָל צוגעפאַלן צו מיר. ער האָט זייער ווייניק אויסגעטרונקען אין דעם גאַנצן טאָג, און איז געווען כּמעט אינגאַנצן ניכטערן. נאָר ער האָט ביז דער לעצטער שעה נאָך אַלץ עפּעס אָפּגעוואַרט, וואָס עס האָט אומבאַדינגט געדאַרפט געשען, עפּעס וואָס אויסערגעוויינטלעך פריילעכס, זייער פריילעכס. כאָטש ער האָט אַפילו נישט גערעדט וועגן דעם, נאָר מען האָט דאָס דערקענט אָן זיינע אויגן. ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט פון קאַזאַרמע צו קאַזאַרמע, נישט מיד ווערנדיק. נאָר קיין שום באַזונדערס איז נישט געשען, און ער האָט נישט באַגעגנט גאָרנישט, אַ חוץ שיכּרות, שיכּורע געמיינע זידלערייען און צעהיצטע קעפּ. סיראָטקין האָט זיך אויך אַרומגעשלעפּט אין זיין נייער רויטער רובאַשקע איבער אַלע קאַזאַרמעס, אַ שיינענקער, אָן אויסגעצוואָגענער, און האָט אויך שטיל און נאַיוו, ווי עפּעס אָפּגעוואַרט. ביסלעכווייז איז אין די קאַזאַרמעס געוואָרן אומדערטרעג־

לעך און עקלהאפט. פארשטייט זיך, אז עס איז געווען אויך א סך קאמישעס, נאר מיר איז געווען אזוי אומעטיק, אזא ביטלייד צו זיי אלע. עס איז געווען שווער און שטיקעדיק צווישן זיי. אט שפארן זיך צוויי ארעסטאנטן, ווער וועמען עס דארף מכבד צו זיין. עס איז קענטיק, אז זיי שפארן זיך שוין לאנג, און אז זיי האבן זיך פארדעם שוין אפילו געהאט געקריגט באזונדערס האט איינער עפעס א שלעכט הארץ שוין פון לאנג צויפן צווייטן. ער באקלאגט זיך און באמיט זיך, דרייענדיק שווער מיט דער צונג, צו באווייזן, אז יענער האט געהאנדלט מיט אים נישט ערלעך: עס איז פארקויפט געווארן עפעס א פעלצל, עס איז באהאלטן געווארן עפעס אמאל געלט, אין פארגאנגענעם יאר, אין דער יום-טוב-וואך. עפעס נאך איז א חוץ דעם געווען... דער באשולדיקער — איז א הויכער און ברייטביייניקער בחור, נישט קיין נארישער, א רויקער, נאר ווען ער איז שיכור, זוכט ער שטארק פריינטשאפט און גיסט אויס זיין ביי-טער הארץ, אי ער זידלט זיך אי ער מאכט זיך פרעטענציעס, ווי מיט דעם פארלאנג זיך דערנאך נאך שטארקער איבערצובעטן מיט זיין קעגנער. דער צווייטער — א פעסטער, א געזונטער, נישט פון הויכן וווּקס, מיט א קיילעכדיק פנים, א כיטרער און אדורכגעטריבענער. ער האט אויסגעטרונקען, אפשר, מער ווי זיין חבר, נאר שיכור איז ער בלויז א ביסל. ער איז א מענטש מיט כאראקטער און שמט פאר א רייכן, נאר אים איז צוליב עפעס וואס באקוועמער נישט צו צערייצן אצינד זיין עק פאנסיון פריינט, און ער פירט אים צו צום שענקער; דער פריינט האלט זיך בא דעם, אז ער דארף און איז פארפאל כטעט אים ציצוטראגן, „אויב דו ביסט נגיד און ארנטלעכער מענטש".

דער שענקער נעמט אראויס און גיסט אן א טעפעלע בראנפן. ער טוט דאס מיט א געוויסער אכטונג צום קונה און כארא...ונק צום עקספאנסיון פריינט, פארדעם, ווייל יענער טרינקט נישט פאר זיינס, נאר מען איז אים מכבד.

— ניין, סטיעפּקאַ, דאָס האָסטו געדאַרפט טון, — זאָגט דער עקספּאַנסיווער פּריינט זעענדיק, אַז ער האָט אויסגענומען — באַר־ דעם. ווייל דאָס איז דיין פליכט.

— איך וועל מיר אָבער מיט דיר נישט אומזיסט די צונג גיין מאָזאָליען! —

— ניין, סטיעפּקאַ, דאָס זאָגסטו ליגנט, — באַשטעטיקט דער ערשטער, צונעמענדיק פון שענקער דאָס טעפּעלע; — פאַרדעם, דו ביזט מיר געלט שולדיק; דו האָסט קיין געוויסן נישט, און די אויגן באַ דיר זיינען אויך נישט דיינע, נאָר געבאָרגטע! אַ פּאָדליעץ ביזטו, סטיעפּקאַ, אָט האָסטו דיר: מיט איין וואָרט — פּאָדליעץ!

— נו, וואָס האַקסטו, שוין דעם בראָנפן צעגאָסן! מען איז דיך מכבד, מען גיט דיר, טאָ טרינק! — שרייט דער שענקער אויפן עקספּאַנסיוון פּריינט: — איך וועל דאָך דאָ מיט דיר נישט ביז מאָרגן שטיין!

— און איך וועל אויסטרינקען, וואָס שרייסטו! גוטן יום־טוב, סטעפּאַן דאָראָפּעיִטש! — האָט ער זיך העפלעך און מיט אַ לייכטן נייג געווענדט, האַלטנדיק אין דער האַנט דאָס טעפּעלע, צו סטיעפּקען, וועלכן ער האָט ערשט מיט אַ האַלבער מינוט צוריק אָנגערופן פּאָד־ ליעץ. — זיי געזונט ביז הונדערט יאָר, און וואָס דו האָסט שוין געלעבט זאָל דיר נישט גערעכנט ווערן. — ער האָט אויסגעטרונקען, אַ קריי געטון און זיך אָפּגעווישט.

— אַמאָל, ברידערלעך, האָב איך אַ סך בראָנפן געטרונקען — האָט ער באַמערקט מיט אַן ערנסטער וויכטיקייט, ווענדנדיק זיך ווי צו אַלע אין נישט צו קיינעם באַזונדער: — און אַצינד אַפּנים רוקן זיך שוין די יאָרן מיינע צו. אַ דאַנק, סטעפּאַן דאָראָפּעיִטש.

— נישטאָ פאַרוואָס.

— וועל איך נאָך אַלץ וועגן דעם זעלבן, סטיעפּקאַ, מיט דיר.

רעדן. און א חוץ דעם, איז, וואָס דו בלייבסט, לויט מיין מיינונג, א גרויסער פּאַדליעץ, וועל איך דיר נאָך זאָגן...

— און איך וועל דיר אָט וואָס, דו שכורע חיה זאָגן — האַקט איבער סטיעפּקאַ, וואָס האָט שוין אָנגעווירן דאָס געדולד — הער, און יעדעס וואָרט מיינס צייל! אָט, האָסטו דיר די וועלט אויף דער העלפט. דיר אַ האַלבע וועלט און מיר אַ האַלבע וועלט. גיי און באַגעגן דיך שוין מער נישט מיט מיר. ביסט מיר דערעסן!

— וועסטו נישט אָפּגעבן דאָס געלט?

— וואָס פאַר אַ געלט ווילסטו נאָך, שיכּורער מענטש דו?

— עי, אויף יענער וועלט וועסטו אַליין קומען זיך געבן — וועל איך נישט בעטן. אונדזער געלט איז שווער-אָנגעהאָרוועטס, און שווייסיקס, און מאָזאָלעדיקס. וועסט דיך אָנהאָרוען פאַר מיין פּינפּערל אויף יענער וועלט.

— נו, גיי-זשע שוין צום טייוול!

— וואָס נוקעכטו; איך בין דאָך נישט איינגעשפּאַנט,

— טראָג דיך, טראָג דיך!

— פּאַדליעץ!

— סבערניק!

און עס האָט זיך אָנגעהויבן ווידער אַ זידלעריי נאָך אַ גרעסערס, ווי פאַר דעם מכבד זיין. זאָט זיצן אויף די נאַרעס אָפּגעווענדעט צוויי פריינט: איינער אַ הויכער, אַ פּאַסזער, אַ ראָבער, אַן אמתער קצב. דאָס פּנים איז רויט בײַ אים. ער וויינט שיער נישט.

— ער האָט זיך געוואָרפן אויף מיר, דו הערסט! — רייסט איבער דער פריינט, נאָך מער צופּנדיק זיין ליבן פריינט. — דו ביסט מיר איינער אַציגד אויף דער גאַנצער וועלט געבליבן, דו

הערסט דאָס? דערפאַר זאָג איך עס טאַקע נאָר דיר אַליין; ער האָט זיך געוואָרפן אויף מיר!...

— און איך וועל דיר ווידער אַמאָל דאָס אייגענע זאָגן: אַזאַ זויערער ענטפער, ליבער פריינט, פאַרשאַפט נאָר חרפה דיין קאָפּ! — ווענדט אָפּ מיט אַ דינענקע הע ליצן קולעכל דער שרייבער: — און בעסער גיב נאָך, ליבער פריינט, „דאָס גאַנצע שיכּור זיין, איז צוליב דיין נישט לעבן פיין...„

דער גראָבער פריינט בייגט זיך אַ ביסל אַרונטער צוריק, קוקט טעמפּ מיט זיינע שיכּורע אויגן אויף דעם זעלבסט-צופרידענעם שרייבערל, און פּלוצלינג גיט ער איינגאַנצן אומגעריכט מיטן גאַנצן כּוח אַ קנאַק מיט זיין גרויסער פויסט, איבערן קליינעם פּנים פון שרייבער. און מיט דעם פאַרענדיקט זיך די פריינטשאַפט פון דעם גאַנצן טאָג. דער ליבער פריינט פליט אַ צעמישטער אונטער די נאַרעס אַרונטער...

אָט קומט אַריין אין אונדזער קאַזאַרמע איינער מיינער אַ באַקאַנטער, פון דער באַזונדערער אָפּטיילונג, זייער אַ גוט-האַרציקער און פריילעכער בחור, נישט קיין נאַרישער, נישט צום באַליידיקן זיך לעכערלעכער און אומגעווינטלעך פּשוטער פון אויסזען. דאָס איז דער זעלבער, וועלכער האָט, אין גיין ערשטן טאָג אין טורמע, געזוכט, ווו עס וווינט אַ רייכער פויער, האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט „צנביציע”, און געטרונקען מיט מיר טיי. ער איז פון אַ יאָר פערציק, מיט אַן אומגעווינטלעך דיקער ליפּ און מיט אַ גרויסער פליישיקער נאָז, באַזעצט מיט בלעטערלעך. ער האַלט אַ באַלאַלאַיקע, אויף וועלכער ער קלויבט פויל איבער די סטרונעס. נאָך אים שלעפּט זיך נאָך ווי אַ צוטשעפּעניש, אַ זייער קליין אַרעסטאַנטל, מיט אַ גרויסן קאָפּ, וועלכן איך האָב זייער ווייניק געקענט ביז אַצינד. אויף אים האָט, איבעריקנס, אויך קיינער נישט געלייגט קיין שום אַכט. ער איז געווען עפּעס אַזאַ מאָדנער, אומצוטרויעלעכער, שטענדיק

שווייגנדיקער און ערנסטער; ער איז געגאנגען ארבעטן אין שחאלניע ארײַן, און צפנים זיך באמיט צו לעבן אפגעזונדערט און מיט קיינעם זיך נישט פארבונדן. אצינד אבער, שיכורעהייט, האט ער זיך צוגעבונדן, ווי א שאטן, צו ווארלאמאוון. ער איז אים נאכגעגאנגען אין א שרעקלעכער אויפרעגונג, געמאכט מיט די הענט, געהאקט מיט דער פויסט אין דער וואנט, איבער די נארעס, און אפילו שיִער נישט געוויינט. ווארלאמאוו, האט, אכנים, נישט געלייגט אויף אים קיין שום אכט, ווי ער וואלט אפילו נישט געווען לעבן אים. עס איז מערקווירדיק, וואס פריִער זיינען זיך די דאזיקע צוויי מענטשן כמעט אינגאנצן נישט צונויפגעקומען קיינמאל איינער מיט דעם אנדערן; זיי האבן אי לויט דער באשעפטיקונג, אי לויטן כאראקטער גארנישט געהאט אין זיך קיין געמיינזאמעס. אי פון פארשידענע אפטיילונגען זיינען זיי, אי אין באזונדערע קאזארמעס לעבן זיי. גערופן האט מען דעם קליינעם ארעסטאנט — בולקין.

דערזעענדיק מיך, האט זיך ווארלאמאוו צעשמייכלט. איך בין געזעסן אויף מיין נארע באם אויוון. ער איז שטיין געבליבן א ביסל פון דער ווייטנס, אנטקעגן, ווען עפעס א טראכט געטון, זיך א וואקל געטון, און א הייבנדיק מיט נערוועזע טריט צוצוגיין צו מיר, האט ער עפעס אזוי וווילעריש זיך אנגעדרייט צו מיר מיטן גאנצן קערפער און, קוים באריִרנדיק די סטרונעס, אנגעהויבן רעציטירן, קוים, קוים צוקלאפנדיק מיטן שטיוול:

ווייס און קיילעכדיק און איידל,
אין אן אטלעסענעם קליידל
איז מיין ליבענקע;
און ווי א פייגעלע א קליינס,
האט זי א שטימעלע א פיינס,
מיין ליבענקע.

דאָס דאָזיקע ליד דאָ, אַפֿנים, איינגאַנצן צעררודערט בולקי־גען: ער האָט אָנגעהויבן צו מאַכן מיט די הענט און, ווענדנדיק זיך צו אַלע, אָנגעהויבן צו שרייען:

— ליגנט זאָגט ער, בידערלעך, אַלץ איז ליגנט! קיין איין וואָרט קיין אמתדיקס, זאָגט ער נישט, אַלץ איז ליגנט!

— דעם אַלטיטשקן אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטשן! — האָט חאַרלאַמאָוו אַ זאָג געטון, אַריינקוקנדיק מיר מיט אַ גנביש געלעכ־טער אין די אויגן, און שיער נישט אַ ויפגעפאַלן זיך קישן מיט מיר. ער איז געווען זייער שיכּור. דער אויסדרוק: „דעם אַלטיטשקן אַזעלכן און אַזעלכען. . .", דאָס הייסט, אַזעלכן און אַזעלכן מיין אַבטונק, ווערט באַנוצט צווישן פּראָסטן פאָלק איבער גאַנץ סיביר, ווען דאָס וואָלט זיך אַפילו באַצויגן אויף אַ מענטש פון צוואַנציק יאָר, דאָס וואָרט „אַל־טיטשקער" באַדייט עפּעס בכבודיקס, דרך־ארצדיקס, אַפילו התּיפּהדיקס.

— נו, וואָס, חאַרלאַמאָוו, ווי גייט עס?

— אַזוי ווי אַלע טאָג. און ווער עס איז פון יום־טובֿ צופרידן, דער איז שוין אינדערפרי שיכּור געווען; איר זאָלט מיר אַנטשול־דיקן! — וואַרלאַמאָוו האָט גערעדט אַ ביסל זינגענדיק.

— און ער זאָגט אַלץ ליגנט, זאָגט אַלץ ווידעראַמאָל ליגנט! — האָט בולקין אָנגעהויבן צו שרייען, אין עפּעס אַזאַ פאַרצווייפלונג, קלאַפּנדיק מיט דער האַנט איבער די נאַרעס. נאָר יענער האָט עפּעס ווי אַ וואָרט זיך געגעבן נישט צו לייגן אויף אים די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט, און אין דעם איז געווען זייער אַ סך קאָמישעס, ווייל בולקין האָט זיך צוגעבונדן צו וואַרלאַמאָוון איינגאַנצן אומזיסט נאָך פון אינדערפרי אָן, נאָר דערפאַר, וואָס וואַרלאַמאָוו „זאָגט אַלץ ליגן", ווי אים האָט זיך פאַר עפּעס געדאַכט. ער איז אים נאָכגע־קראָכן, ווי אַ שאָטן, זיך צוגעטשעפּעט צו זיין יעדן וואָרט. ער האָט זיך געבראָכן די הענט, זיך אָנגעשפּאַרט מיטן עלנבויגן, שיִער נישט

ביז בלוט, אָן די ווענט און אָן די נאַרעס, און געליטן, אַפּנים זייער געליטן, פֿון דער איבערצייגונג, אַז ווארלאַמאָוו „זאָגט אַלץ ליגנט״; ווען ער וואָלט געהאַט האָר אויפֿן קאָפּ, וואָלט ער זיי, דאַכט זיך, אויסגעריסן פֿאַר פֿאַרביטערונג. פּונקט ווי ער וואָלט גענומען אויף זיך די פֿליכט, צו זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר ווארלאַמאָווס מעשים, פּונקט ווי אויף זיין געוויסן וואָלטן געלעגן אַלע חסרונות ווארלאַמאָווס. נאָר דאָס איז דאָך די קונץ, וואָס יענער האָט אַפֿילו נישט געקוקט אויף אים.

— אַלץ זאָגט ער ליגנט. אַלץ זאָגט ער ליגנט, אַלץ זאָגט ער ליגנט! נישט קיין איין וואָרט זיינס איז אמת! — האָט בולקין געשריגן.

— דיך אָבער וואָס גייט עס אָן? — האָבן געענטפֿערט מיט אַ געלעכטער די אַרעסטאַנטן.

— איך וועל אייך, אַלעקסאַנדער פּיעטראָוויטש, מעלדן, אַז איך בין זיך געווען זייער אַ שיינער, און די מיידלעך האָבן מיך ליב געהאַט... — האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן אין מיטן דערינען ווארלאַמאָוו.

— ער זאָגט ליגנט! ער זאָגט ווידער ליגנט! — רייסט איבער מיט עפּעס אַזאַ קוויטשעקל בולקין. די אַרעסטאַנטן כאָכאָטשען.

— און איך ווידער האַ ט מיך גרויס פֿאַר זיי: אין אַ העמד אַ רויטן גיי איך אָנגעטאָן, הויזן סאַמעטענע אַזעלכע; ליג מיר, ווי אַזאַ גראַף בוטילקין, נו, דאָס הייסט, שכור, ווי אַ שוועד, איין וואָרט — וואָס פֿאַרלאַנגט איר!

— ער זאָגט ליגנט! — באַשטעטיקט אַנטשלאָסן בולקין.

— און אין יענע צייטן האָב איך נאָך אַהין אַ צוויי-באָרנדיקס, אַ געמויערטס פֿון טאַטן געהאַט. אין פֿאַרלויף פֿון צוויי יאָר האָב איך טאַקע אַראָפּגעלאָזט די צוויי גאָרנס. געבליבן איז מיר נאָר דאָס טויער אָן די סלופּעס. וואָס-זשע איז געלט —

טויבן: זיי קומען צו פליען און פליען באַלד ווידער אַוועק!

— ער זאָגט ליגנט! — באַשטעטיקט נאָך אַנטשלאָסענער בולקין.

— איז אָט, קומענדיק שוין צום שכל, האָב איך אויך אַ קאָצאַג-בריוועלע מיינע עלטערן אַוועקגעשיקט פון דאַנען; אפשר וועלן זיי אַ ביסל געלט שיקן פאַר דעם, זיי האָבן געזאָגט, איך בין קעגן מיינע עלטערן געגאַנגען, נישט קיין דרך-ארץ געהאַט! אָט איז שוין דאָס זיבעטע יאָר, ווי איך האָב אַוועקגעשיקט:

— און נישטאָ קיין ענטפער! — האָב איך געפרעגט, צעלאַכנדיק זיך.

— נישטאָ, — האָט ער געענטפערט, — פלוצלינג צעלאַכנדיק זיך אַליין אויך און אַלץ נענטער און נענטער צורוקנדיק זיין נאָז צו מיין פנים — און איך, אַלעקסאַנדער פיעטראָוויטש, האָב אַ געליבטע דאָ...

— איר? אַ געליבטע?

— אָנופריעוו זאָגט שוין טאַקע פון לאַנג: „מעג זי מיינע אַ געשטיפלטע זיין, אַ מיאוסע, פאַרדעם אָבער, וויפיל קליידער האָט זי, און דיינע איז אַ שיינע, אָבער אַן אָרעמע, גייט מיט אַ זאַק אַרום“.

— אָבער איז דאָס אמת?

— זי איז טאַקע אין אמתן אַן אָרימע! — האָט ער געענטפערט און זיך צעלאַכט מיט אַ שטיל געלעכטערל; אין קאַזאַרמע האָט מען אויך לאַכן אָנגעהויבן. ווירקלעך, אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער האָט זיך פאַרבונדן מיט עפעס אַן אָרימער און איר אַיבערגעגעבן אין פאַרלויף פון אַ האַלב יאָר אינגאַנצן צען קאָפּעקעס.

— נו, איז וואָס-זשע? — האָב איך געפרעגט, ווילנדיק זיך פון אים שוין ענדלעך אָפּטשעפּען.

ער האָט געשוויגן אַ ווײַלע, ליבלעך אַ קוק געטאָן אויף מיר און דײַטלעך אַרויסגערעדט:

— איז, צי וועט איר דעריבער נישט וועלן אַזוי גוט זײַן, מיר אַ בערטעלע צו געבן? איך, אַלעקסאַנדער פּעטראָוויטש, האָב דאָך הײַנט נאָר בלויז טיי געטרונקען — האָט ער רחמנותדיק צוגעגעבן, צונעמענדיק דאָס געלט. — און אַזוי האָב איך מיך שוין מיט דער טיי אָנגעזופּט, אַז איך בין שוין אַזש אָן אָטעם געבליבן, און אין בויך בײַ מיר, פּונקט ווי אין אַ פלאַש בולבעלט...

אין דער צײַט האָט אַפּנים די גײַסטיקע צערודערטקייט פון בולקינען שוין דערגרייכט ביז די לעצטע גרענעצן. ער האָט געמאַכט מיט די הענט ווי אַ משוגענער, שיער נישט געוויינט.

— גוטע מענטשן! — האָט ער געשריגן, ווענדנדיק זיך צו דער גאַנצער קאַזאַרמע, ווי אַ משוגענער — קוקט אים נאָר צו! ער זאָגט דאָך אַלץ ליגנט! וואָס ער זאָל נישט זאָגן, איז דאָס אַלץ, אַלץ, אַלץ ליגנט!

— וואָס גייט עס אָבער דיך אָן — שרייען צו אים די אַרעסטאַנטן, פאַרוואונדערנדיק זיך אויף זײַן כעס — משוגענער מענטש דו!

— איך וועל אים נישט לאָזן ליגנט זאָגן! — שרייט בולקין, פינקלענדיק מיט די אויגן און קלאַפּנדיק מיטן גאַנצן כוח מיט דער פויסט איבער די נאַרעס: — איך וויל נישט, אַז ער זאָל ליגנט זאָגן!

אַלע לאַכן, וואַרלאַמאָוו נעמט דאָס געלט, פאַרנייגט זיך צו מיר, און וואַקלענדיק זיך, אײַלט ער אַרויס פון קאַזאַרמע, פאַרשטייט זיך, צום שענקער. און דאָ, דאַכט זיך, באַמערקט ער דאָס ערשטע מאָל בולקינען.

— נו, גייען מיר! — זאָגט ער צו אים, אָפּשטעלנדיק זיך אויף דער שוועל, פּונקט ווי ער וואָלט אים טאַקע אויף עפּעס נייטיק

פּעחען — סקיפּקע! — גיט ער צו, מיט פאַרצאַכטונג, דורכלאָזנדיק דעם באַטריבענעם בולקינען פאַרויס פאַר זיך און ווידער אָנהייבנדיק צו צימבלען אויף דער באַלאַלאַיקע.

צוואָס באַשרייבן דעם דאָזיקן טשאַד! ענדלעך, ענדיקט זיך שוין דער דאָזיקער שטיקנדיקער טאָג. די אַרעסטאַנטן שלאָפן שווער איין אויף די נאַרעס. אין שלאָף רעדן זיי און פּלוידערן נאָך מער, ווי אין אַנדערע נעכט: ערגעץ-ווו זיצט מען נאָך בײַ די מיידאַנעס. דער לאַנג-געוואַרטער יום-טוב איז אַריבער. מאָרגן ווידער אײַנדערוואַכן, ווידער צו דער אַרבעט...

## XI.

# די פאָרשטעלונג.

אויפן דריטן טאָג יום-טוב, אין אָוונט, איז פאָרגעקומען די ערשטע פאָרשטעלונג אין אונדזער טעאַטער. דאגות באַם איינאָרדנען דינגע, מסתּם, פריער געווען א סך. נאָר די אַקטיאָרן האָבן גענומען אַלץ אויף זיך, אַזוי, אַז מיר אַלע, די איבעריקע, האָבן אפילו נישט געוווּסט; ווי די זאַך האַלט? וואָס, נעמלעך, עס ווערט געטאָן? מיר האָבן אפילו רעכט נישט געוווּסט, וואָס עס וועט פאָרגעשטעלט ווערן. די אַקטיאָרן האָבן די דאָזיקע גאַנצע דריי טעג, אַרויסגייענדיק צו דער אַרבעט, זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך צו באַקומען וואָס מער קאָסטיומען. באַקלאָשין האָט, טרעפנדיק זיך מיט מיר, נאָר צוגעקלאַפּט מיט די פינגער פאַר פאַרגעניגן. דאַכט זיך, אַז ער האָט אויך אויפן פּלאַץ-מאַיאָר געפינען א שיינעם גראַם. איבעריקנס, אונדז איז געווען לחלוטין אומבאַקאַנט, צי ער האָט געוווּסט וועגן טעאַטער. אויב ער האָט געוווּסט, איז, צי האָט ער עס דערלויבט פאָרמעל, אָדער בלויז נאָר באַשלאָסן צו שווייגן, א מאַך געבנדיק מיט דער האַנט אויף די אַרעסטאַנטישע קונץ-שטיק און אָנזאָגנדיק, פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ זאָל זיין, ווי ווייט מעגלעך, אין אָרדענונג. איך מיין, ער האָט געוווּסט וועגן טעאַטער, ער האָט נישט געקענט נישט וויסן; נאָר אַרײַנמישן זיך, האָט ער נישט געוואָלט, פאַרשטייענדיק, אַז עס קען, אפשר, זיין ערגער, אויב ער וועט פאַרווערן; די אַרעסטאַנטן וועלן אָנהייבן אַרומצואַרבעטן, שיכּורן, אַזוי, אַז עס

איז אַ סך בעסער, אויב זיי וועלן זיך מיט עפּעס פֿאַרנעמען, אײַך, איבעריקנס, נעם אָן פֿון פּלאַץ-מאַיאָר אַזאַ באַהויפּטונג בלויז דערפֿאַר, וואָס זי איז די נאַטירלעכסטע, די ריכטיקסטע און געזונטסטע. מען קען אַפֿילו זאָגן אַזוי: אויב די אַרעסטאַנטן וואָלטן נישט געהאַט אויף די יום-טובים קיין טעאַטער אָדער עפּעס אַן אַנדערע באַשעפֿטיקונג פֿון דעם מין, וואָלט עס די נאַטשאַלסטוואָ אַליין געדאַרפֿט אויסטראַכטן. נאָר אַזוי ווי אונדזער פּלאַץ-מאַיאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פֿאָלקאָם פֿאַרקערטן אַרט דענקען, ווי דער גאַנצער איבעריקער טייל פֿון דער מענטשהייט, איז זייער נישט קלוג, וואָס איך נעם אַ גרויסע זינד אויף מיר, אָננעמענדיק, אַז ער האָט געוווּסט וועגן דעם טעאַטער און דערלויבט עס. אַזאַ מענטש, ווי דער פּלאַץ-מאַיאָר, האָט באַדאַרפֿט אומעטום עמעצן אונטערדריקן, עפּעס צונעמען, בײַ עמעצן די רעכט צונעמען, מיט איין וואָרט — ערגעץ-וווּ אַ פּאָראָרדנונג אַרויסגעבן. אין דער הינזיכט איז ער געווען באַוווּסט אין דער גאַנצער שטאָט. וואָס אַרט דאָס אים, וואָס טאַקע פֿון אָט די דאָזיקע אונטערדריקונגען אין טורמע האָבן געקענט אַרויסקומען די מיאוסטע זאַכן? אויף מיאוסע זאַכן זײַנען דאָ באַשטראָפֿונגען (מײַנען אַזעלכע, ווי אונדזער פּלאַץ-מאַיאָר), און מיט די אַרעסטאַנטן-מאָשעניקעס — איז שטרענגקייט און אַן אויפֿהערלעכע, בוכשטעבלעכע אויספֿירונג פֿון געזעץ — אָט איז אַלץ, וואָס עס פֿאָדערט זיך! די דאָזיקע נאַרישע אויספֿירער פֿון געזעץ פֿאַרשטייען לחלוטין נישט, און זיי זײַנען אויך נישט אומשטאַנד צו פֿאַרשטיין, אַז דאָס בלויזע בוכשטעבלעכע אויספֿירונג דערפֿון, אָן זין, אָן צו פֿאַרשטיין דעם גייסט דערפֿון, פֿירט נאָר בלויז צו אומאָרדנונגען, און האָט קיינמאָל צו עפּעס אַנדערש נישט געפֿירט. „דאָס געזעץ זאָגט, וואָס-זשע דאַרף מען נאָך מער?“ זאָגן זיי און וווּנדערן זיך באמת, וואָס מען פֿאָדערט נאָך פֿון זיי, אַלס צולאָג, אויך אַ געזונטן פֿאַרשטאַנד און אַ ניכטערנעם קאָפּ. דאָס

לעצטע זעט באַזונדערס אויס אַ סך פֿון זיי, ווי אַן איבעריקע, אויפֿרעגנדער ראַסקאַש, ווי אַן איבעראַרדריקונג, נישט צום דערליידן.

נאָר ווי דאָס זאָל נישט זיין, דער עלטסטער אונטער-אָפֿיציר האָט נישט געשטערט די אַרעסטאַנטן, און נאָר דאָס האָבן זיי געדאַרפֿט. איך וועל עס מיט זיכערקייט זאָגן, אַז דאָס טעאַטער און די דאַנקבאַרקייט דערפֿאַר, וואָס מען האָט עס דערלויבט, זיינען געווען די סיבה. וואָס עס איז נישט געווען אין די יום-טובֿים קיין איין ערנסטער אומאָרדנונג אין טורמע: נישט קיין מיאוסע קריגעריי, נישט קיין איין גנבֿה. איך בין אַליין געווען עדות, ווי איינגעגע באַקאַנטע האָבן איינגענומען אַנדערע, וואָס האָבן זיך צעהוליעט, אָדער צעקריגט זיך, בלויז מיט דעם אויסרייד, אַז מען וועט פֿאַרווערן דאָס טעאַטער. דער אונטער-אָפֿיציר האָט גענומען בײַ די אַרעסטאַנטן אַ וואָרט, אַז אַלע וועלן זיין שטיל און זיך אויפֿפֿירן גוט. זיי האָבן איינגעשטימט מיט פֿרייד און הייליק דערפֿילט דעם צוזאָג; עס האָט זיי אויך געחנפֿנט, וואָס מען גלייבט זיי אויפֿן וואָרט. מען דאַרף, איבער קנס, זאָגן, אַז דאָס דערלויבן דאָס טעאַטער האָט די נאַטשאַלסטוואָ לחלוטין גאָרנישט געקאָסט קיין שום אָפּפֿער. קיין אָרט פֿריער האָט מען אויף דעם נישט אָפּגענומען: דאָס טעאַטער איז אויפֿגעשטעלט און צענומען געוואָרן אינגאַנצן אפֿשר אין איין פֿערטל שעה. געדויערט האָט עס אַנדערהאַלבן שעה, און אויב עס וואָלט פּלוצלינג אָנגעקומען פֿון דער הייך, איבערצורייסן די פֿאָרשטעלונג, — וואָלט די זאַך אויסגעפֿירט געוואָרן אין איין אויגנבליק. די קאָסטיומען זיינען געווען באַהאַלטן אין די קאַסטנס בײַ די אַרעסטאַנטן. נאָר איידער איך וועל דערציילן ווי אַזוי עס איז איינגעאָרדנט געווען דאָס טעאַטער און וואָס פֿאַר אַ קאָסטיומען עס זיינען איינגעטלעך געווען, וועל איך זאָגן עפּעס וועגן אַפֿיש פֿון טעאַטער, דאָס הייסט, וואָס נעמלעך עס האָט געזאָלט געשפּילט ווערן.

קיין באַזונדער געשריבענער אַפֿיש איז נישט געווען. אויף

דער צווייטער, אויף דער דריטער פאָרשטעלונג האָט זיך איבע-
ריקנס יאָ באַוויזן איינער, אָנגעשריבן דורך באַקלאָשינען פאַר די הערן
אָפיצירן און בכלל פיינערע באַזוכער, וואָס האָבן באַערט אונדזער
טעאַטער נאָך אויף דער ערשטער פאָרשטעלונג מיט זייער באַזוך.
נעמלעך: פון די הערן איז געקומען געווינטלעך דער וואַך-אָפיציר
און איינמאָל איז אַריינגעגאַנגען דער דיזשורנע איבער די וואַכן אַליין.
עס איז אויך אַריינגעגאַנגען איינמאָל דער אינזשעניער-אָפיציר: אָט,
אויפן פאַל פון אַזעלכע באַזוכער איז דאָס געשאַפן געוואָרן דער
אַפיש מען האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז דער רום פון טורמע-טעאַ-
טער וועט אָפקלינגען ווייט אין פעסטונג און אַפילו אין שטאָט,
נאָך מער דערפאַר, וואָס אין שטאָט איז נישט געווען קיין טעאַטער.
מען האָט געהערט, אַז עס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן איין פאָר-
שטעלונג פון ליבהאָבער, און נישט מער. די אַרעסטאַנטן האָבן,
ווי קינדער, זיך געפריידט מיט דעם קלענסטן ערפאָלג, זיי האָבן
זיך גערימט. „ווער קען וויסן, — האָבן זיי געטראַכט און גערעדט
באַ אונדז וועגן זיך און צווישן זיך: — אפשר, אויך די העכסטע
נאַטשאַלסטוואָ וועט זיך דערוויסן; זיי וועלן קומען אין זען; זיי וועלן
זען דאַמאָלס, וואָס פאַר אַן אַרעסטאַנטן עס זיינען פאַראַן. דאָס
איז נישט קיין פּראָסטע, זעלנערישע פאָרשטעלונג, מיט טשוטשעלעך
דאָרט, מיט שווימענדע שיפלעך, מיט בערן גייענדיקע און קאָזעס.
דאָ זיינען אַקטיאָרן, אמתע אַקטיאָרן, פּריצישע קאָמעדיעס שפּילן
זיי; אַזאַ טעאַטער איז אַפילו אין שטאָט נישטאָ. באַ דעם גענעראַל
בראָסימאָוו איז געווען איינמאָל, זאָגט מען, אַ פאָרשטעלונג און עס
וועט נאָך זיין. נו, איז אפשר נאָר מיט די קאָסטיומען וועלן זיי אויס-
נעמען און וואָס אָמבאַלאַנגט דעם ראַזגאָוואָר*), איז ווער ווייסט
צו ער קומט נאָך צו אונדזערן. צום גובערנאַטאָר וועט עס נאָך אפשר

*) רעדן, פאָרשטעלן.

דערגיין, און — מיט וואָס דער טייוול קען אַלץ שפּאַסן? אפשר וועט ער נאָר אַליין וועלן קומען זען. אין שטאָט איז דאָך נישטאָ קיין טעאַטער..." מיט איין וואָרט, די פאַנטאַזיע פון די אַרעסטאַנטן, באַזונדערס נאָכן ערשטן ערפאָלג, איז דערגאַנגען אין די יום-טובים ביז דער העכסטער שטופע, שיער נישט ביז אויסצייכענונגען אָדער ביז פאַרקלענערן דעם טערמין פון קאַטאָרגע, כאָטש אין דער זעלבער צייט האָבן זיי אַליין אויך כמעט באַלד אויף דעם גיכמאַ-טיקסטן אופן אָנגעהויבן צו לאַכן פון זיך. מיט איין וואָרט, דאָס זיינען געווען קינדער, פאַלשטענדיקע קינדער, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס טייל פון די דאָזיקע קינדער זיינען שוין אַלט געווען צו פערציק יאָר. נאָר נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס איז נישט געווען קיין אַפיש, האָב איך דאָך שוין געוווּסט אין די הויפּט-שטריכן דעם אינהאַלט פון דער פאָרשטייענדיקער פאָרשטעלונג. די ערשטע פּיעסע איז געווען: „די קעגנער פיליאַטקע און מיראָשקע." באַקלושין האָט נאָך מיט אַ וואָך פאַר דער פאָרשטעלונג זיך געריכט פאַר מיר, אַז די ראָל פון פיליאַטקע, וועלכע ער האָט גענומען אויף זיך, וועט זיין אַזוי פאָרגעשטעלט, אַז אויך אין סאַנקט-פּעטערבורגער טעאַטער האָט מען נאָך אַזעלכעס נישט געזען. ער איז אַרומגעגאַנגען איבער די קאַזאַרמעס, זיך אומרחמנותדיק און אומפאַרשעמט געריכט און צוזאַמען מיט דעם עפּעס אויך אַזוי גוטמוטיק, און [illegible] פלעגט ער פּלוצלינג ווייזן עפּעס „טעאַטערדיקס", דאָס הייסט, פון זיין ראָל, — און אַלע לאַכן, צי עס איז יאָ לאַכעדיק, צי נישט לאַכעדיק דאָס, וואָס ער ווייזט. איבעריקנס, מען דאַרף מודה זיין, אַז אויך דאָ האָבן די אַרעסטאַנטן געקענט זיך האַלטן און זייער ווערט אָפּהיטן: עס האָבן זיך אַנטציקט מיט באַקלושינס שטיקלעך און זיינע דערציילונגען וועגן קינסטיקן טעאַטער, אָדער נאָר דער נאָך גאָר יונגער און גרינער עולם, אָן אויסגעהאַלטנקייט, אָדער די שוין גאָר באַדייטנדיקסטע פון די אַרעסטאַנטן, וועמעס

אויטאָריטעט עס איז שוין געווען פעסטגעשטעלט, אַזוי, אַז זיי האָבן שוין גאָרנישט געדאַרפט וואָס נורא צו האָבן פאַר אויסצו־דריקן זייערע געפילן, אַ חוץ סערע זיי זאָלן נישט זיין, אַפילו פון דער נאַרווסטער (דאָס הייסט, לויט די טורמע־באַגריפן, נון דער נישט אָנשטענדיקסטער) אייגנשאַפט. די איבעריקע אָבער האָבן אויסגעהערט די קלאַנגען און מיינונגען שווייגנדיק; וואָס אַן אמת, נישט פאַראורטיילט, נישט אָפּגעווענדט, נאָר מיט אַלע כוחות זיך באַמיט צו באַציִען צו די קלאַנגען וועגן טעאַטער גלייכגילטיק און אַפילו טיילווייז איך אַ ביסל פון אויבן אַראָפּ נאָר שוין אין דער לעצטער צייט, כמעט שוין אין טאָג פון דער פאָרשטעלונג, האָבן אַלע אָנגעהויבן זיך צו אינטערעסירן: וואָס וועט זיין? ווי האַלט עס מיט אונדזערע? וואָס זאָגט דער פּלאַץ־מאַיאָר? צי וועט געלינגען אויך אַזוי, ווי אין פאַר פאַרגאַנגענעם יאָר? און א. וו. באַקלושין האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אַלע אַקטיאָרן זיינען צוגעקליבן אויס־געצייכנט, יעדער „אויף זיין אָרט". אַז עס וועט אַפילו אויך אַ פאָרהאַנג זיין, אַז פיליאַטקינס כלה וועט שפּילן סיראַטקין, — און אַט וועט איר אַליין זען, ווי ער זעט אויס אין ווייבערישן אָנטון! — האָט ער געזאָגט צווינקענדיק און צוקבאַקנדיק מיט דער צונג. די ווילטעטיקע גוט־באַזיצערן וועט האָבן אַ קלייד מיט אַ פאַלבאַנע, און אַ פאַלערינקעלע, און אַ שירעם אין דער האַנט, און דער ווילטעטיקער גוט־באַזיצער וועט צורייכקומען אין אַן אָפיצירישן סורדוט מיט אַקסלבענדער און מיט אַ שפּיצרוטל. דער־נאָך איז געגאַנגען אַ צווייטע פּיעסע, אַ דראַמאַטישע: „קעדריל — דער פרעסער". דער נאָמען האָט מיך זייער פאַראינטערעסירט, נאָר ווי איך האָב מיך נישט נאָכגעפרעגט אויף דער דאָזיקער פּיעסע, — האָב איך פאָרלייפיק גאָרנישט געקענט געוווּיר ווערן. איך האָב מיך נאָר דערוווּסט, אַז זי איז גענומען געוואָרן נישט פון קיין בוך, נאָר „פון אַן אָפּשריפט", אַז די פּיעסע האָט מען באַ־

קענען באַגעגענען אַ דעמיסיאַנירטן אונטער-אָפיציר, אויף דער פֿאָר-שטאָט, וועלכער האָט מסתמא אַליין אַמאָל אָנטייל גענומען אין דעם פֿאָרשטעלן זי ערגעץ אויף אַ זעלנערישער סצענע. ביי אונדז זיינען, אין די ווייטע שטעט און גובערניעס, באמת דאָ אַזעלכע טעאַטער-פּיעסן, וועלכע זיינען, ווי עס וואָלט זיך געקענט דאַכטן, קיינעם נישט באַקאַנט, וועלכע זיינען, אפשר, אין ערגעץ קיין מאָל נישט געדרוקט געוואָרן, נאָר וועלכע האָבן זיך פֿון זיך אַליין נאָך ערגעץ-ווו באַוויזן און זיינען אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיקייט פֿון יעדן פֿאָלקס-טעאַטער אין אַ געוויסן טייל פֿון רוסלאַנד. געזאָגט: איך האָב געזאָגט פֿון „פֿאָלקס-טעאַטער". עס וואָלט זייער זיין זייער גוט געווען, ווען עס וואָלט ווער פֿון אונדזערע פֿאָרשער זיך פֿאַרנומען מיט די פּיעסן מער ערנסטע, ווי ביז אַצינד, פֿאָרשונ-גען וועגן פֿאָלקס-טעאַטער, וועלכער איז דאָ, עקזיסטירט און איז אַפֿילו, קען זיין, גאָרנישט אַזוי נישטיק. איך וואָלט נישט גלייבן, אַז אַלץ, אַז דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געזען דערנאָך בא אונדז אין אונדזער פֿאָלקס-טעאַטער זאָל זיין אויסגעטראַכט דורך אונדזערע אַרטיסטן אַליין. דאָ איז נייטיק געווען צו איבערנעמען בירושה איינמאָל באַשטימטע פֿאָרמען און באַגריפֿן, וואָס גייען אַ ביסל פֿון דור צו דור לויטן זכרון, פֿון גאָר אַלטע צייטן. אַזוי דאַרף מען זיי בא זעלנער, בא פֿאַבריק-אַרבעטער, אין פֿאַבריק-שטעט און אַפֿילו אין טייל אומבאַקאַנטע אָרימע שטעטלעך צווישן פֿאָלק, זיי זיינען אָפּגעהיטן געוואָרן אויך אין די דערפֿער, אין די גובערניע-שטעט, צווישן די הויף-מענטשן פֿון די גרויסע גוטס-באַזיצערישע הייזער. איך מיין אַפֿילו, אַז אַ סך אַלטע פּיעסן זיינען זיך צעגאַנגען איבער רוסלאַנד אין איבערשריפֿטן, נישט אַנדערש, ווי נאָר דורך הויף-מענטשן פֿון די גוטסבאַזיצערס. די אַמאָליקע אַלטע גוטסבאַזיצערס און מאָסקווער גרויסע-לייט פֿלעגן האָבן אייגענע טעאַטערן, וואָס זיינען באַשטאַנען פֿון אַרטיסטן פֿון די הויף-מענטשן, און אָט אין די דאָ-

ויקע טעאטערן טאקע האט אויך באקומען איר אנהייב אונדזער פאלסט מליצע דראמאטישע קונסט, וועמענס סימנים עס זיינען אומצווייפלהאפט. וואס אמבאלאנגט אבער צו „קעדריל, דעם פרעסער", איז, ווי שטארק איך האב נישט געוואלט, האב איך דאך פארלייפיק גארנישט געקענט געוויר ווערן וועגן אים, א חוץ דעם, וואס אויף דער סצענע באווייזן זיך שלעכטע גייסטער און טראגן אוועק קעדרילן אין גהינום-אריין. נאר וואס עס באדייט אזוינס קעדריל, און פארוואס ענדלעך קעדריל און נישט קיריל? צי איז דאס א רוסישע אדער אן אויסלענדישע אפשטאמונג? — דאס האב איך אויך קיין פאל נישט געקענט געוויר ווערן. צום סוף איז געמאלדן געווארן, אז עס וועט פארגעשטעלט ווערן „א פאנטאמימע אונטער דער באגלייטונג פון מוזיק". אוודאי איז דאס אלץ געווען זייער אינטערעסאנט. אקטיארן זיינען געווען א מענטשן פופצן, אלץ פלינקע און ווילדע יונגען, זיי האבן ארומגעשטיפט באזונדער, געמאכט רעפעטיציעס, טיילמאל הינטער די קאזארמעס, זיך געהיטן, באהאלטן, מיט איין ווארט, זיי האבן געוואלט פארוואונדערן אונדז אלע מיט עפעס אומגעווייניטלעכס און אומדערווארטעטס.

אינדערוואכן איז די טורמע פארמאכט געווארן פרי, ווי נאר עס האט אנגעהויבן נאכט ווערן. אין יום-טוב פון קריסטוס-געבורט איז געמאכט געווארן אן אויסנאם: מען האט נישט צוגעמאכט ביז עס האבן זיך נישט באוויזן שטערן. די דאזיקע פארלייכטערונג איז אייגנטלעך געמאכט געווארן צוליבן טעאטער. אין פארלויף פון יום-טוב, האט מען געוויינטלעך יעדן טאג, פארנאכט, געשיקט פון טורמע מיט אן אונטערטעניקסטער ביטע צום וואך-אפיציר: „ער זאל דערלויבן דאס טעאטער און נישט צומאכן א ביסל לענגער די טורמע", צוגעבנדיק, אז אויך נעכטן איז געווען דאס טעאטער און מען האט לענגער אפן געהאלטן, און עס זיינען קיין שום אומארדנונגען נישט געווען. דער וואך-אפיציר האט זיך אזוי-

באַטראַכט: „קיין אומאָרדנונגען זיינען באמת נעכטן נישט געווען, און אויב זיי גיבן שוין אַליין דאָס וואָרט, אַז עס וועלן אויך היינט נישט זיין, הייסט עס, אַז זיי וועלן אַליין אויף זיך אכטונג געבן, און דאָס איז בעסער פאַר אַלץ. דערצו נאָך, זאָל ער נישט דערלויבן די פאָרשטעלונג, וועלן זיי נאָך (ווער ווייסט זיי, דאָס זיינען דאָך קאַטאָרזשניקעס) זיכער עפּעס אומישנע אָפּטאָן פאַר כעס און אויך די וואַך־לייט אונטערפירן". ענדלעך איז אויך דאָס: אויף דער וואַך צו שטיין איז אומעטיק, און דאָ איז אַ טעאַטער, און נישט קיין פּראָסט זעלנעריש, נאָר אַן אַרעסטאַנטיש, און די אַרעסטאַנטן זיינען אַן עולם, אַן אינטערעסאַנטער: עס וועט היימלעך זיין צו זען. און זען, האָט דער וואַך־אָפיציר שטענדיק דאָס רעכט געהאַט.

עס וועט קומען צונויפפאָרן דער דיזשורנע: ווו איז דער וואַך־אָפיציר? — „ער איז געגאַנגען אין טורמע אַריין די אַרעסטאַנטן ציילן, די קאַזאַרמעס צומאַכן" — דער ענטפער איז אַ גלייכער און דער תירוץ איז אַ גוטער. אויף אַזאַ אופן האָבן די וואַך־אָפיצירן יעדן אָוונט אין פאַרלויף פון גאַנצן יום־טוב דערלויבט דאָס טעאַטער און נישט צוגעמאַכט די קאַזאַרמעס ביז שפּעט אין אָוונט. די אַרעסטאַנטן האָבן שוין פריער געוווּסט, אַז פון דער וואַך וועט נישט זיין קיין שטערונגען, און זיי זיינען געווען רויק.

אַ זייגער זיבן איז געקומען נאָך מיר פּעטראָוו, און מיר זיינען צוזאַמען אַוועק אויף דער פאָרשטעלונג. פון אונדזער קאַזאַרמע זיינען געגאַנגען כמעט אַלע, א חוץ דעם טשערניגאָווער אַלט־גלויביקן און די פּאָליאַקן. די פּאָליאַקן האָבן זיך נאָר אויף דער לעצטער פאָרשטעלונג, דעם פערטן יאַנואַר, אַנטשלאָסן צו זיין אין טעאַטער, און דאָס אויך נאָר נאָך אַ סך פאַרזיכערונגען, אַז דאָרט איז גוט און פריילעך און נישט געפערלעך. דאָס מיאוסן זיך מיט זיי פון די פּאָליאַקן האָט די קאַטאָרזשניקעס גאָרנישט אויפגערייצט, און זיי

זייַען אויפֿגענומען געוואָרן דעם פערטן יאַנואַר זייער העפֿלעך. מען האָט זיי אַפֿילו אַדורכגעלאָזט אויף די בעסטע ערטער. וואָס אַמבאַ-לאַגט ווידער די טשערקעסן און באַזונדערס יוסאַי פּאַמיטשן, איז פֿאַר זיי אונדזער טעאַטער געווען אַן אמתדיק פֿאַרגעניגן. יוסאַי פּאַמיטש האָט יעדעס מאָל געגעבן צו דריי קאָפּיקעס, און דאָס לעצ-טע מאָל האָט ער אַרויפֿגעלייגט אויפֿן טעלער צען קאָפּעקעס, און אַ גליקזעליקייט האָט זיך אויסגעדריקט אויף זיין פּנים. די אַקטיאָרן האָבן באַשלאָסן צוריקצונעמען בײַ די אָנוועזנדע, וויפֿל ווער עס וועט געבן, אויף די אויסגאַבן פֿון טעאַטער און פֿאַר זייער אייגענער אונטערשטיצונג. פּיעטראָוו האָט פֿאַרזיכערט, אַז מיך וועט מען דורכלאָזן אויף איינעם פֿון די בעסטע ערטער, ווי אַ באַרימטן דאָס טעאַטער זאָל נישט זיין, אויף דעם גרונט, וואָס איך, אַלס רייכערער פֿאַר אַנדערע, וועל אַוודאַי אויך מער געבן, און דערצו נאָך בין איך דאָך אויך אַ גרעסערער מבֿין, ווי די אַנדערע.

אַזוי איז טאַקע געווען. נאָר איך וועל באַשרייבן פֿריער דעם זאַל און די איינגעאָרדנטקייט פֿון טעאַטער.

די מיליטערישע קאַזאַרמע אונדזערע, אין וועלכער עס איז איינ-געאָרדנט געוואָרן דאָס טעאַטער, איז געווען פֿון אַ טריט פֿופֿצן די לענג. פֿון דרויסן איז מען אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן גאַנעק, פֿון גאַנעק אין הויז אַריין און פֿון הויז אין קאַזאַרמע אַריין. די דאָזיקע לאַנגע קאַזאַרמע, ווי איך האָב שוין געזאָגט, איז געווען פֿון אַ באַזונדערער איינריכטונג. די נאַרעס האָבן זיך געצויגן אין איר בײַ דער וואַנט, אַזוי, אַז די מיט שטוב איז געבליבן ליידיק. אַ העלפֿט פֿון דער שטוב, די נאָענטסטע צום אַריינקום פֿון גאַנעק, איז אָפּגעגעבן געווען פֿאַר די צושויער, די צווייטע העלפֿט ווידער, וועלכע האָט זיך געגרענעצט מיט דער צווייטער קאַזאַרמע, איז באַשטימט געווען בלויז פֿאַר דער סצענע. קודם-כּל האָט מיך איבעראַשט די פֿאַרהאַנג. זי האָט זיך גע-צויגן אויף אַ טריט צען אין דער ברייט פֿון דער גאַנצער קאַזאַר-

מע. די פּאָרהאַנג איז געווען אַזאַ טײַערע, אַז עס איז אין אמתן געווען פֿון וואָס זיך צו וווּנדערן. א חוץ דעם, איז זי געווען געמאָלט מיט אייל-פֿאַרב: עס זײַנען געווען אויפֿגעמאָלט ביימער, צלמאַנקעס, טײַכן און שטערן. זי איז צונויפֿגענייעלט געוואָרן פֿון ליוונט, פֿון אַלטע און נײַע, וואָס יעדער איינער האָט געגעבן און געשענקט; פֿון אַלטע אָנטשטעלטס און העמדער, ווי עס איז צונויפֿגענייטע אין איין גרויסער פּאָלע. און, ענדלעך, איז איין טייל אירע, אויף וועלכער עס האָט שוין נישט געקלעקט קיין ליוונט, געווען פּשוט פֿון פּאַפּיר, אויך אויסגעפּענטלט צו ביימער אין פֿאַרשידענע קאַנצעליאַריעס און פּרינ־טסעס. אונדזערע מאָלער ווידער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויסגעצייכנט אויך בּוגלאָוו — א—ו, האָבן זיך באַמיט אָפּצופֿאַרבן און באַמאָלן עס. דער עפֿעקט איז געווען א וווּנדערבאַרער. אַזאַ רעסקאָשט האָט געפּראַיט אַפֿילו די אומעטיקסטע און קליינלעכסטע אַרעסטאַנטן, וועלכע האָבן זיך, ווי באַלד עס איז געקומען צו דער פֿאָרשטעלונג, אַרויסגעוויזן אַלע אָן אויסנאַם פֿאַר פּונקט אַזעלכע קינדער, ווי די הייציקסטע פֿון זיי און אומגעדולדיקסטע. אַלע זײַנען געווען זייער צופֿרידן, אַפֿילו באַרימעריש צופֿרידן. די באַלײַכטונג איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע חלבנע ליכטלעך, צעשניטענע אויף שטיקלעך. פֿאַר דער פּאָרהאַנג זײַנען געשטאַנען צוויי בענק פֿון קיך, און פֿאַר די בענק, דריי-פֿיר שטולן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין צימער פֿון די אונטער-אָפֿיצירן. די שטולן זײַנען באַשטימט געווען אויף א צופֿאַל, פֿאַר די העכסטע פּערזאָנען פֿון אָפֿיצירן-באַרוף. די בענק ווידער — פֿאַר די אונטער-אָפֿיצירן און די אינזשעניר-שרײַבערס, קאָנדוקטאָרן און אַנדערע, כאָטש אויך נאַטשאַלסטווע, נאָר נישט פֿון אָפֿיצירן-באַרוף, אין פֿאַל, ווען זיי וואָלטן א קוק געטאָן אין טורמע אַרײַן. אַזוי איז טאַקע געווען: קיין זייטיקע באַזוכער האָבן בײַ אונדז נישט געפֿעלט דעם גאַנצן יום-טובֿ; איין אָוונט זײַנען געקומען מער, א צווייטן ווייניקער, און אויף דער לעצטער פֿאָרשטעלונג

איז נישט געבליבן קיין איין נישט פאַרנומען אָרט אויף די בענקלעך. און ענדלעך, שוין נאָך די בענק, זיינען געשטאַנען די אַרעסטאַנטן, אויס אַכטונג צו די באַזוכער, אָן די היטלען, אין די קורטקעס אָדער פּעלצלעך, נישט קוקנדיק אויף דער שטיקנדער, הייסער לופט פון צימער. פאַרשטייט זיך, אַז אָרט פאַר די אַרעסטאַנטן איז איבערגעלאָזט געוואָרן זייער ווייניק. נאָר אַ חוץ דעם, וואָס איינער איז פּשוט געלעגן אויפן אַנדערן, באַזונדערס אין די אונטערשטע רייען, זיינען נאָך אויך געווען פאַרנומען די נאַרעס, די קוליסן, און עס האָבן זיך, ענדלעך, געפונען ליבהאָבער, וואָס האָבן זיך שטענדיק געדרייט אַרום דעם טעאַטער, אויך אין דער צווייטער קאַזאַרמע, וועלכע האָבן שוין פון דאָרט, פון די אונטערשטע קוליסן אָפּער, אַרויסגעקוקט אויף דער פאָרשטעלונג. די ענגשאַפט אין דער ערשטער העלפט קאַזאַרמע איז געווען אַן אומנאַטירלעכע און מען האָט זי אפשר געקענט פאַרגלייכן מיט דער ענגשאַפט און שטיקעניש, וועלכע איך האָב נישט לאַנג צוריק געזען אין באָד. די טיר אין הויז אַריין איז געווען אָפן; אין הויז, אין וועלכן עס איז געווען צוואַנציק גראַד פראָסט, האָט זיך אויך געפאַקט דער עולם. אונדז: מיך און פּיעטראָוון, האָט מען באַלד אַדורכגעלאָזט פאָרויס, כמעט ביז צו די בענק, ווו מען האָט אַ סך בעסער געזען, ווי אין די אונטערשטע רייען. אין מיר האָבן זיי טיילווייז געזען אַן אָפּשאַצער, אַ מבין, וועלכער איז שוין געווען נישט נאָר אין אַזעלכע טעאַטערן; זיי האָבן געזען, אַז באַקלושין האָט די גאַנצע צייט זיך באַראַטן מיט מיר, און זיך באַצויגן צו מיר מיט אַכטונג; בין איך, הייסט עס, אַצינד דער מענטש פון אַכטונג און כבוד. לאָמיר זאָגן, די אַרעסטאַנטן זיינען געווען מענטשן בעל־גאווהדיקע און לייכטזיניקע ביז אין דער העכסטער שטופע, נאָר דאָס אַלץ איז געווען נאָר געמאַכט. די אַרעסטאַנטן האָבן געקענט לאַכן פון מיר, זעענדיק, אַז איך בין זיי אַ שלעכטער צוהעלפער בײַ דער אַרבעט. אַלמאַזאָוו האָט געקענט מיט פאַר־

אַכטונג קוקן אויף זונדז דוואָריאַנעס, שטאָלצירנדיק קעגן אונדז מיט זיין קענען דורכברענען אַלאַבאַסטער. נאָר צו די פאַרפאָלגונ-גען זייערע און דעם אָפּשפּעטן פון אונדז, איז געווען צוגעמישט אויך עפּעס אַנדערש: מיר זיינען דאָך אַמאָל געווען דוואָריאַנעס; מיר האָבן געהערט צו דער זעלבער קלאַס מענטשן, וואָס זייערע געוועזענע הערן, וועלכע זיי האָבן נישט געקענט געדענקען צום גוטן. נאָר אַצינד, אין טעאַטער, האָבן זיי אָפּגעטרעטן פאַר מיר. זיי האָבן אָנערקענט, אַז דאָ קען איך אורטיילן בעסער פאַר זיי, אַז איך האָב מער געזען און ווייס מער פאַר זיי. די, וואָס זיינען צום ערגסטן גענייגט געווען צו מיר (איך ווייס דאָס) האָבן אויך אַצינד געוואָלט, אַז איך זאָל ליבן זייער טעאַטער און האָבן, אָן דער מינדסטער באַליידיקונג פאַר זיך, מיך געלאָזט אויפן בעסטן אָרט. איך אורטייל אַצינד, דערמאָנענדיק זיך מיין דעמאָלסטיקן איינדרוק. מיר האָט זיך באַלד דעמאָלס געדאַכט, איך געדענק דאָס, — אַז אין זייער ערלעכן משפט איבער זיך, איז געווען לחלוטין נישט קיין דערנידערונג, נאָר אַ געפיל פון זעלבסטווערט. דער העכסטער און שאַרפסטער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון אונדזערע פאָלקס-מענטשן איז — דאָס געפיל פון גערעכטיקייט און דאָס דורשטן נאָך איר. פון דעם כיטרען שפּיצל אָבער צו זיין דער ערשטער אומעטום, וואָס עס זאָל נישט געשען, צי דער מענטש איז עס יאָ ווערט, צי נישט — דאָס גייט באַם פאָלק נישט אָן. עס איז גענוג נאָר אָראָפּצונעמען די אויסערלעכע אַרויפגעצויגענע שאָל און אַ קוק צו טון אויפן קערנדל אַליין אַ ביסל אויפמערקזאַמער, אַ ביסל נענטער, אָן פאָראורטיילן — און מען דערזעט באַם פאָלק אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע מען האָט אפילו חלומען נישט געקענט. נישט קיין סך קענען אויסלערנען דאָס פאָלק די חכמים אונדזערע. איך וועל אפילו מיט זיכערקייט זאָגן פאַרקערט: זיי אַליין דאַרפן זיך נאָך דערבײַלערנען.

פּיעטראָוו האָט מיר נאָוו געזאָגט, ווען מיר האָבן זיך ערשט געקליבן אין טעאַטער אַריין, אַז מיך וועט מען דורכלאָזן פאָרויס אויף פאַרדעם באַנק, וואָס איך וועל געבן מער געלט, קיין באַשטימטע פּרייז איז נישט געווען, יעדער האָט געגעבן, וויפיל ער האָט געקענט אָדער וויפיל ער האָט געוואָלט. כמעט אַלע האָבן אַרויסגעלייגט עפּעס, כאָטש צו גראָשן, ווען מען איז געגאַנגען צונויפנעמען אויפן טעלער. נאָר אויב מען האָט מיך דורכגעלאָזט פאָרויס, טיילווייז אויך פאַרן געלט, אָננעמענדיק, אַז איך וועל געבן מער פאַר אַנדערע, איז ווידעראַמאָל, וויפיל געפיל פון זעלבסטווערט איז געווען אין דעם! „דו ביסט רייכער פאַר מיר, גיי-זשע פאָרויס, און כאָטש מיר זיינען דאָ אַלע גלייך, נאָר דו וועסט אַרויפלייגן מער: פאָלגלעך, איז אַזאַ באַזוכער, ווי דו, אָנגענעמער פאַר די אַקטיאָרן, — דיר קומט אויך דאָס ערשטע אָרט דערפאַר, ווייל מיר זיינען דאָ נישט פאַר געלט, נאָר אויס אַכטונג, און דעריבער: סאָרטירן דאַרפן מיר זיך שוין אַליין.“ וויפיל אמתער אידעלער שטאָלץ איז דאָ אין דעם. דאָס איז נישט קיין אַכטונג צום געלט, נאָר אַכטונג צו זיך אַליין. בכלל, איז צו קיין געלט, צו רייכטום, אין טורמע נישט געווען קיין באַזונדערע אַכטונג, באַזונדערס, אויב מען זאָל קוקן אויף אַלע אַרעסטאַנטן אָן אונטערשייד, אויף דער מאַסע, אויפן אַרטעל. איך געדענק נישט אַפילו קיין איינעם פון זיי, וואָס זאָל זיך ערנסט האָבן דערנידעריקט צוליב געלט, אויב עס זאָל אויסקומען אַפילו צו באַטראַכטן זיי איינציקווייז. עס זיינען געווען בעטלער, וואָס האָבן געבעטלט אויך בא מיר... נאָר אין דעם דאָזיקן בעטלען איז געווען מער ווילדערישקייט, שווינדלערישקייט, ווי די זאַך אַליין; עס איז געווען מער הומאָר, נאַיווקייט. איך ווייס נישט, צי איך דריק מיך אויס פאַרשטענדלעך... נאָר איך האָב פאַרגעסן אָן טעאַטער. צו דער זאַך.

ביז צום אויפהייבן פון דער פאָרהאַנג האָט דאָס גאַנצע צי-

מער פאַרוישטעלט מיט זיך אַ מערקווירדיק און זייער בילד,
ערשטנס, די מחנה צושויער, אַ צונויפגענומענע. צונויפגעקלאַטשטע,
צוזאַמענגעדריקטע פון אַלע זייטן וועלכע האָט מיט אומגעדולד און
מיט אַ גליקלעכן אויסדרוק אויף פּנים אָפּגעוואַרט דעם אָנהייב פון
דער פאָרשטעלונג. אין די אונטערשטע רייען — מענטשן, וואָס זיינען
געקראָכן איינער אויפן צווייטן. אַ סך פון זיי האָבן מיטגעבראַכט
שטיקער האָלץ פון קיך: אַוועקשטעלנדיק ווי עס איז, בײַ דער
וואַנט אַזאַ שטיק האָלץ, איז דער מענטש אַרויפגעקראָכן דערויף מיט
די פיס, זיך אָנגעשפאַרט מיט ביידע הענט אָן דער פּלייצע פון דעם
פאַר אים שטייענדיקן, און, נישט איבערבייטנדיק די לאַגע, געשטאַ-
נען אויף אַזאַ אופן אַ שעה צוויי, איינגעבויגן אַ צודריידענער מיט זיך
און מיט זיין אָרט. אַנדערע האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט מיט די פיס אויפן
אויוון, אויף דעם אונטערשטן טרעפּל, און אויך אַזוי אָפּגעשטאַנען די
גאַנצע צייט, אָנגעשפאַרנדיק זיך אויף די פאַר זיי שטייענדיקע. דאָס איז
געווען גאָר אין די אונטערשטע רייען, בײַ דער וואַנט. אין דער זייט
איז, אַרויפכאַפּנדיק זיך אויף די באַרעס, אויך געשטאַנען אַ גרויסער
עולם, איבער די מוזיקאַנטן. דאָ זיינען געווען גוטע ערטער. אַ
מענטשן פינף האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן סאַמע אויוון און, ליגנ-
דיק אויף אים, אַראָפּגעקוקט. זיינען זיי דאָס געווען גליקלעך! אויף
די פענסטער-ברעטער פון דער צווייטער וואַנט האָבן זיך אויך גע-
פּאַקט גאַנצע מחנות פאַרשפּיצטיקע, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן נישט
געפונען קיין גוט אָרט. אַלע האָבן זיך אויפגעפירט שטיל און פיין,
יעדער האָט זיך געוואָלט אַרויסווייזן פאַר די הערן און באַזונדער פון
דער סאַמע בעסטער זייט. אויף אַלע פּנימער האָט זיך אויסגעדריקט
די נאַיִווסטע דערוואַרטונג. אַלע פּנימער זיינען געווען רויט און נאַס
פון שווייס, פון דער היץ און דושנעקייט. וואָס פאַר אַ מערקוויר-
דיקער אָפּגלאַנץ פון קינדערישער פרייד, פון ליבע, ריינער צופרידנ-
הייט עס האָט געשיינט אויף די דאָזיקע צעצאַקערטע, געשטעמפּלטע

שטערנס און באַקן, אין די דאָזיקע בליקן פֿון די מענטשן, וואָס זיי-
גען ביז אַצינד געווען אַזוי פֿינסטער און טרויעריק. אין די אויגן,
וואָס האָבן טיילמאָל געגלאַנצט מיט אַזאַ שרעקלעכן פֿייער! אַלע זיי-
גען געווען אָן היטלען, און פֿון דער רעכטער זייט האָבן מיר אַלע קעפּ
אויסגעזען געגאָלטע. נאָר אָט הערט זיך אויף דער סצענע אַ גערויש,
אַ געפּאָרעריי. באַלד וועט זיך אויפֿהייבן די פֿאָרהאַנג. אָט האָט או פּ ע-
שפּילט דער אָרקעסטער... דער דאָזיקער אָרקעסטער איז ווערט
דערמאָנט צו ווערן. אין דער זייט, אויף די נאַרעס האָבן זיך גע-
פֿונען אַ מענטשן אַכט מוזיקאַנטן: צוויי פֿידלען (איינע איז געווען
אין טורמע, די צווייטע האָט מען געבאָרגט בײַ עמעצן אין פּעט-
טונג, און אַן אַרטיסט האָט זיך שוין אָפּגעזוכט צווישן די אייגענע),
דריי באַלאַלייקעס, — אַלע אַליין געמאַכטע, צוויי גיטאַרעס און אַ פּויק,
אָנשטאָט אַ קאָנטרבאַס. די פֿידלען האָבן נאָר געוואָיעט און געזונגט,
די גיטאַרעס זײַנען געווען געמיינע, פֿאַרדעם זײַנען די באַלאַליי-
קעס געווען וווּנדערבאַרע. די פֿלינקייט פֿון איבערקלויבן די סטרו-
נעס מיט די פֿינגער האָט זיך געקענט פֿאַרגלײַכן מיט דעם גרעסטן
פּאָקיס עס זײַנען געשפּילט געוואָרן בלויז טענץ-ניגונים און די
הוליענדיקסטע ערטער האָבן די באַלאַלייקעס-שפּילער אַ קלאַפּ גע-
טון מיט די פֿינגער-קנעכלעך אָן דער דעק פֿון דער באַלאַלייקע;
דער טאַנץ, דער געשמאַק, די אויספֿירונג, דאָס באַגיין זיך מיט די
אינסטרומענטן, דער כאַראַקטער פֿון איבערגעבן דעם ניגון, — דאָס
אַלץ איז געווען אייגן, אָריגינעל, אַרטיסטאַנטיש. איינער פֿון די גי-
טאַריסטן האָט אויך אויסגעצייכנט געקענט זײַן אינסטרומענט, דאָס
איז געווען דער זעלבער פֿון די דוואָריאַנעס, וועלכער האָט דער-
הרגעט זײַן פֿאָטער. וואָס אָמבאַלאַנגט ווידער דער פּויק, האָט זי פּשוט
באַווײַזן וווּנדער; דאָ הייבט זי זיך אָן אויף אַ פֿינגער דרייען, דאָ
גיט מען מיטן גראָבן פֿינגער איבער איר פֿעל אַ פֿיר; דאָ הערן
זיך אָפּטע, קלינגענדיקע און אײַנצאַרטיקע קלעפּ, דאָ גיט זיך פּלוצ-

לינק — …ר שטאַרקער, הויכער קלאַנג, ווי מיט אַרבעס אויף אומצעליקע, קליינינקע. זיך ברעקלענדיקע און שורשענדיקע קלאַנגען! אַ צעשעט. ענדלעך האָבן זיך באַוויזן נאָך צוויי האַרמאָניעס. ערנוואָרט, — איך האָב ביז דאַמאָלס נישט געהאַט קיין באַגריף פון דעם, וואָס מען קען מאַכן פון די געווייטלעכע, פּשוטע פאָלקס־אינסטרומענטן; דער איינקלאַנג פון די טענער, דאָס שפּילעוודיקייט, און הויפּטזעכלעך דער גייסט, דער כאַראַקטער פון פאַרשטיין און איבערגעבן דעם טיפסטן תּוך פון ניגון, זיינען געווען פּשוט וווּנדערבאַר. איך האָב דאָס ערשטע מאָל ערשט דאַמאָלס אינגאַנצן פאַרשטאַנען, אַז עס איז דאָ אַ גרענעצלאָזע פרייע צעהוליעטקייט און פריילעכקייט אין די ווילדע און לעבעדיקע רוסישע טאַנץ־לידער. ענדלעך, האָט זיך די פאָרהאַנג אויפגעהויבן. אַלע האָבן זיך אַ ריר געטאָן, אַלע האָבן איבערגעטרעטן פון איין פוס אויפן צווייטן, די הינטערשטע האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ נעגל; עמעצער איז אַראָפּגעפאַלן פון זיינע שטיקער האָלץ; אַלע ביז איינעם האָבן אויפגעעפנט די מיילער און צעגעשטעלט די אויגן, און אַ טיפע שטילקייט האָט אַלץ אַרומגענומען... די פאָרשטעלונג האָט זיך אָנגעהויבן...

לעבן מיר איז געשטאַנען אַלעי, אין דער גרופּע פון זיינע ברידער און אַלע איבעריקע טשערקעסן. זיי אַלע האָבן זיך ליידנשאַפטלעך צוגעבונדן צום טעאַטער און געגאַנגען דערנאָך יעדן אָוונט. אַלע מוסולמאַנער, טאַטאַרן און אַנדערע, ווי איך האָב שוין באַמערקט נישט איין מאָל, זיינען שטענדיק ליידנשאַפטלעכע ליבהאָבער פון אַלערליי סצענעס. לעבן זיי האָט זיך צוגעשטויסט אויך ייִסאַי פאָמיטש, וועלכער האָט זיך, ווי עס האָט אויסגעזען, מיטן אויפהייבן פון דער פאָרהאַנג, אינגאַנצן פאַרוואַנדלט אין הערן, אין קוקן און אין דער נאַיוויסטער, דורשטיקסטער דערוואַרטונג פון וווּנדער און פאַרגעניגן. עס וואָלט אַפילו אַ רחמנות געווען, ווען ער וואָלט זיך אַנטוישט אין זיינע דערוואַרטונגען. דאָס ליבע גע־

זיכט פון אַלײען האָט געלויכטן מיט אַזאַ קינדערישער, הערלעכער פרייד, אַז איך בין מודה, מיר איז שרעקלעך פריילעך געווען אויף אים צו קוקן, און איך געדענק, אַז איך האָב מיך יעדעס מאָל, בײַ יעדן קאָמישן אָדער פּייגעם אײַנפאַל פון אַן אַקטיאָר, ווען עס האָט זיך דערהערט אַן אַלגעמיין געלעכטער, בײַלד אויסגעדרייט צו אַלײען און האָב אַ קוק געטון אויף זיין פּנים. מיך האָט ער נישט געזען: נישט צו מיר האָט ער דאַמאָלס דעם קאָפּ געהאַט! נישט זייער ווייט פון מיר, פון דער לינקער זייט, איז געשטאַנען אַן אַרעסטאַנט, אַן עלטערער, שטענדיק אָנגעכמורעטער, שטענדיק נישט צופרידענער און וואָרטשענדיקער. ער האָט אויך באַמערקט אַלײען, און איך האָב געזען, ווי ער האָט זיך עטלעכע מאָל לייכט־שמייכלענדיק אומגעדרייט אַ קוק טון אויף אים: אַזוי ליבלעך האָט ער אויסגעזען: „אַלײ סעמעניטש" האָט ער אים גערופן, איך ווייס נישט פאַרוואָס. מען האָט אָנגעהויבן מיט „פילאַטקין און מיראָש־קען". פילאַטקע (באַקלושין) איז געווען אין אמתן פראַכטפול. ער האָט געשפּילט זיין ראָל מיט אַ וווּנדערבאַרער באַרעכנטקייט. עס איז קענטיק געווען, אַז ער האָט זיך אַריינגעטראַכט אין יעדער פראַזע, אין זיין יעדער באַוועגונג. אין יעדן פּוסטן וואָרט, אין יעדן זשעסט זיינעם, האָט ער געקענט אַריינלייגן אַזאַ זין און באַ־דייטונג, וואָס האָט אינגאַנצן געפּאַסט צו דעם כאַראַקטער פון זיין ראָל. גיט צו צו דער דאָזיקער מי, צו דער דאָזיקער וווּנדערבאַרער איינשטודירונג אַ נישט געמאַכטע פריילעכקייט, פּשוטקייט, נישט געקינצלטקייט, און איר, אויב איר וואָלט געזען באַקלושינען, וואָלט אומבאַדינגט אַליין איינגעשטימט, אַז דאָס איז אַן אמתער, געבוי־רענער אַקטיאָר, מיט אַ גרויסן טאַלאַנט. פילאַטקען האָב איך געזען נישט איינמאָל אין די מאָסקווער און פּעטערבורגער טעאַטערן, און איך זאָג מיט אַ זיכערקייט — די אַקטיאָרן פון די רעזידענץ־שטעט, וואָס האָבן געשפּילט פילאַטקען, האָבן ביידע געשפּילט

ערגער פאַר בצקלושינען. אין פארגלייך מיט אים זיינען זיי געווען
פייזאַנער און נישט קיין אמתע מוזשיקעס. זיי האָט זיך זייער גע-
האָלט פאָרשטעלן אַ מוזשיק. באַקלושינען האָט אַ הויז דעם נאָך
אויפגערייצט די קאָנקורענץ: אַלעמען איז באַוווסט געווען, אַז
אין דער צווייטער פיעסע וועט די ראָל פון קאַדרילן שפּילן
דער אַרעסטאַנט פּאָדייקין, אַן אַקטיאָר. וועלכן אַלע האָבן עפּעס
געהאַלטן פאַר באַגאַבטער, פאַר בעסער פון באַקלושינען, און
באַקלושין האָט געליטן פון דעם, ווי אַ קינד. וויפיל מאָל איז
ער געקומען צו מיר אין די דאָזיקע לעצטע טעג און אויסגעגאָסן
זיינע געפילן. צוויי שעה פאַר דער פאָרשטעלונג, האָט אים שוין
געטרייסלט אַ פיבער. ווען מען האָט געלאַכט און געשריגן צו אים
פון המון: „גוט, באַקלושין, לעבעדיק, פּאָדליעץ!" — האָט דאָס
גאַנצע פּנים זיינס געלויכטן פון גליק, אַן אמתע באַגייסטערונג האָט
געפינקלט אין זיינע אויגן. די סצענע פון קושן זיך מיט מיראָשקען,
ווען פיליאַטקע שרייט צו אים פריער „ווישט דיך אָפּ!" און ווישט
זיך אַליין אָפּ — איז אַרויסגעקומען שרעקלעך קאָמיש. אַלע האָבן
זיך אַזוי געקאַטשעט פון געלעכטער. נאָר אינטערעסאַנטער פאַר אַלץ
זיינען מיר געווען די צושויער. דאָ האָבן זיך שוין אַלע געהאַלטן
אָפן, זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן זייער פאַרגעניגן מיט דער גאַנצער
פרייקייט. געשרייען פון צופרידנהייט הערן זיך אַלץ אָפטער און
אָפטער. אָט שטופּט איינער אונטער זיין חבר און גיט אים שנעל
איבער זיינע איינדריקן. אפילו זיך נישט רעכענענדיק און גאָרנישט
זעענדיק אפילו, ווער עס שטייט לעבן אים; אַ צווייטער דרייט זיך
פלוצלינג, בעת עפּעס אַ לאַכעדיקער סצענע, אויס מיט אַנטציקונג צום
עולם, באַטראַכט שנעל אַלע, ווי אויפפאָדערנדיק זיי צו לאַכן, מאַכט
מיט דער האַנט און דרייט זיך באַלד ווידער זשעדנע אויס צו דער
סצענע. אַ דריטער קנאַקט פּשוט צו מיט דער צונג און מיט די פינ-
גער און קען רויק נישט איינשטיין אויפן אָרט; און אַזוי ווי עס

איז נישטאָ וווּ צו גיין, בייט ער בלויז איבער איין פוס אויפן צווייטן. באַם סוף פון דער פּיעסע, האָט די אַלגעמיינע פריילעכע שטימונג דערגרייכט ביז דער העכסטער שטופע. איך בין גאַרנישט מגזם. שטעלט אייך פאָר די טורמע, קייטן, קנעכטשאַפט, לאַנגע טרויעריקע יאָרן פאַר זיך, אַ לעבן אייננאַרטיק, ווי וואַסער-טראָפּן, אין אַ כמורנעם האַרבסטטאָג — און פּלוצלינג האָט מען אָט די אַלע אונטערגעדריקטע און פאַרשפּאַרטע דערלויבט אויף אַ שעה זיך אויסצוהייטערן, זיך פריילעך צו מאַכן, צו פאַרגעסן דעם שווערן שלאָף, איינצואָרדנען אַ גאַנץ טעאַטער, און נאָך ווי איינאָרדנען. צום שטאָלץ און וווּנדער פון דער גאַנצער שטאָט, — ווייס, הייסט עס, ווער מיר זיינען, וואָס פאַר אַן אַרעסטאַנטן! זיי האָט, פאַרשטייט זיך, אַלץ געווילט, די קאָסטיומען, למשל. עס איז שרעקלעך נייגעריק געווען פאַר זיי צו זען, למשל, אַזאַ וואַנקע אָפּטיעקער, אָדער ניעצוויעטאַיעוו, אָדער באַקלושינען אינגאַנצן אין אַנדערע מלבושים, ווי אין די, אין וועלכע זיי האָבן זיי שוין אַזוי פיל יאָר כסדר יעדן טאָג געזען. „עס איז דאָך אַן אַרעסטאַנט, דער זעלבער אַרעסטאַנט, די קייטן קלינגען דאָך אַפילו באַ אים, און אָט גייט ער זיך אַרויס אַצינד אין אַ סורדוט, אין אַ קיילעכדיקן הוט, אין אַ מאַנטל — פּונקט ווי אַ ציווילער! וואָנצעס האָט ער זיך צוגעמאַכט, האָר. אָט האָט ער אַ טיכעלע אַ רויטס פון קעשענע אַרויסגענומען, ער פאָכט זיך אָפּ דערמיט, שטעלט מיט זיך אַ פּריץ פאָר, פּונקט, ווי ער וואָלט אַליין נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ פּריץ געווען!" און אַלע זיינען אַנטציקט. „דער ווילטעטיקער גוט-באַזיצער" איז אַרויס אין אַן אַדיוטאַנטיש, מונדיר, אמת שוין זייער אַן אַלטיטשקן, מיט עפּאָלעטן, אין אַ היטל מיט אַ קאָקאַרדעלע און געמאַכט אַן אומגעווינטלעכן עפעקט. פאַר דער ראָל איז געווען צוויי אָנהענגער, און — צי וועט מען גלויבן? — ביידע האָבן פּונקט, ווי קליינע קינדער, זיך שרעקלעך צעקריגט איבער דעם איינער מיטן צווייטן, ווער עס זאָל שפּילן:

ביידע האָט זיך געגלוסט צו באַווייזן זיך אין אָפיצירן־מונדיר מיט
די אַקסל־בענדער! זיי האָבן שוין אויסגעגלייכט אַנדערע אַקטיאָרן
און צוגעפּאַקנט מיט אַ מערהייט שטימען אויסצוגעבן די ראָל ניעצ־
וויעזון, נישט דערפאַר, וואָס ער זאָל האָבן געווען אָנגעזעענער
און שענער פאַרן צווייטן. און אויף אַזאַ אופן געווען פאַסן שענער
פאַר אַ העיר, נאָר דערפאַר, וואָס ניעצוויעטאַיעוו האָט פאַרזיכערט
אַלע, אַז ער וועט זיך באַווייזן מיט אַ שפּאַציר־שטעקעלע און וועט
אַזוי פּוצן דערמיט און איבער דער ערד צייכענען, ווי אַן אמתער
העיר און דער בעסטער פראַנט. יאַנקע אָטפּיעטי וואָלט גאָרנישט אומ־
שטאַנד געווען פאַרצושטעלן, ווייל ער האָט קיין אמתע העין אַפילו נאָך
קיינמאָל נישט געזען. אין אמתן, ניעצוויעטאַיעוו, ווי נאָר ער איז
אַרויסגעקומען מיט זיין פריצה פאַרן פובליקום, האָט מער נישט גע־
טון, ווי גאָר פלינק און שנעל געצייכנט מיט אַ דינענקע שטשינע־
שטעקעלע, וועלכעס ער האָט ערגעץ־ווו באַקומען, אויף דער ערד,
האַלטנדיק דאָס, אַפּנים, פאַר אַ צייכן פון דער העכסטער פּריציש־
קייט, גרעסטער פראַנטישקייט און שטאָלצקייט. מסתמא איז אים
אַמאָל אין זיין קינדהייט, זייענדיק בײַ אַ באָרוועס הויף־יונגל, אויס־
געקומען צו זען אַ שיין געקליידטן פּריץ מיט אַ שטעקעלע, און צו
אָנצייכן זיך מיט זיין קענען אַזוי דרייען דערמיט, און דאָס איז
דער איינדרוק אויף אייביק און נישט צום אָפּמעקן געבליבן אין
זיין נשמה, אַזוי, אַז אַצינד, שוין אַלט זייענדיק דרייסיק יאָר, האָט
זיך אים דערמאַנט דאָס אַלץ, ווי אַזוי דאָס איז געווען. כדי וואָס
בעסער צו באַצויבערן און געווינען די גאַנצע טורמע. ניעצוויעטאַיעוו
איז געווען אויף אַזוי פיל פאַרטיפט אין זיין באַשעפטיקונג, אַז ער
האָט שוין אַפילו נישט אויף קיינעם און נישט אין ערגעץ אַפילו די
אויגן נישט אויפגעהויבן. ווען ער האָט גערעדט האָט ער נאָר געהאַלטן
אין איין נאָכקוקן נאָך זיין שטעקעלע און דעם שפּיצל פון שטעקע־
לע. די וווילטעטיקע גוט־באַזיצערין איז אויך געווען זייער מערק־

חירדיק: זי האָט זיך באַוויזן אין אַן אַלט אָפּגעטראָגן מושלין-קלייד,
וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אמתע שמאַטע, מיט בלויזע הענט און
אַ האַלדז, אַ שרעקלעך אָפּגעווייסטן און אַן אָפּגערויטן פּנים, אין אַ
ציגיינער-שלאָף-קופּקע, פאַרבונדן אונטער דער גאָמבע, מיט אַ שירם
אין איין האַנט און מיט אַ פעכער פון געמאַליעוועטן פּאַפּיר אין
דער צווייטער, מיט וועלכן זי האָט אָן אויפהער געפאָכט אויף
זיך. אַ זאַלבע פון געלעכטער האָט באַגעגנט די פּריצה; אויך די
פּריצה אַליין האָט נישט אויסגעהאַלטן און עטלעכע מאָל צוגעהויבן
צו לאַכן. די פּריצה האָט געשפּילט דער אַרעסטאַנט איוואַנאָוו. סי-
ראָטקין, איבערגעטון פאַר אַ מיידל, האָט אויסגעזען זייער ליבלעך.
די קופּלעטן זיינען אויך גוט אַדורך. מיט איין וואָרט, די פּיעסע
איז פאַרענדיקט געוואָרן באַ אַ פאָלקאָמענער און אַלגעמיינער צו-
פרידנהייט. קיין קריטיק איז נישט געווען, און עס האָט אויך נישט
געקענט זיין.

מען האָט אָפּגעשפּילט נאָכאַמאָל די אוווערטיורע: „סעני מאַי
סעני“ און די פאָרהאַנג האָט זיך ווידער אויפגעהויבן. דאָס איז
קעדריל. קעדריל עפּעס אין דער פאָרם פון אַ דאָן זשואַן. אַלנפאַלס,
וועלן אי דעם פּריץ, אי דעם דינער די טייוואָלאָנים, אין סוף פון
דער פּיעסע, אין גיהנום אַריין אַוועקכאַפּן. עס איז געשפּילט געוואָרן
אַ גאַנצער אַקט, נאָר דאָס איז, ווי עס ווייזט אויס, נאָר אַ טייל;
דער אָנהייב און דער סוף זיינען פאַרלוירן געגאַנגען. עס האָט
נישט געהאַט קיין שום זין און געדאַנק. די זאַך קומט פאָר אין
רוסלאַנד, ערגעץ-וווּ אין אַ קרעטשמע. דער קרעטשמער פירט אַריין
אין שטוב אַ פּריץ אין אַ פּלאַשטש און אין אַ קיילעכדיקן צעדרייטן
הוט, נאָך אים גייט נאָך זיין דינער קעדריל מיט אַ רייזע-קאַסטן
און מיט אַ הון איינגעוויקלט אין בלויען פּאַפּיר. קעדריל אין אַ קורץ
פּעלצל און אין אַ לאַקיי-קאַרטוז*). ער איז דאָס אויך דער פרע-

*) צזא מ ן הוט.

סער. עס שפּילט אים דער אַרעסטאַנט פּאָצייקין, באַקלושינס קאָנקורענט; דעם פּריץ שפּילט דער זעלבער איוואַנאָוו, וואָס האָט געשפּילט אין דער ערשטער פּיעסע די ווילטעטיקע גוט-באַזיצערן. דער קרעטשמער, ניעצוויעטאַיעוו, מאַכט באַקאַנט, אַז אין צימער האַלטן זיך אויף טייוולאָנים, און ווערט פאַרשווינדן. דער פּריץ, אַן אומעטיקער און פאַרזאָרגטער, מרוקעט פאַר זיך, אַז ער האָט דאָס שוין לאַנג געוווסט, און הייסט קעדריל צעלייגן די זאַכן און צוגרייטן נאַכט-עסן. קעדריל איז אַ פּחדן און אַ פרעסער. דערהערנדיק וועגן די טייוולאָנים, ווערט ער בלייך און ציטערט ווי אַ בלאַט. ער וואָלט אַנטלאָפן, נאָר ער האָט מורא פאַרן פּריץ. און אַ חוץ דעם ווילט זיך אים אויך עסן. ער איז אַ נאַשער, אַ נאַר, כיטרע אויף זיין שטייגער, אַ פּחדן, נאַרט אָפּ דעם פּריץ אויף יעדן טריט און אין דער זעלבער צייט האָט ער מורא פאַר אים. דאָס איז אַ מערקווירדיקער טיפּ פון אַ דינער, אין וועלכן עס דערקענען זיך נישט דייטלעך און ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג די שטריכן פון לעפּאָרעלאָ, און ווערט אין אַקטן מערקווירדיק גוט איבערגעגעבן. פּאָצייקין האָט באַשטימט טאַלענט, און איז, לויט מיין מיינונג, נאָך אַ בעסערער אַקטיאָר פון באַקלושינען. איך האָב, פאַרשטייט זיך, טרעפנדיק זיך אויפן צווייטן טאָג מיט באַקלושינען, נישט אַרויסגעזאָגט אינגאַנצן מיין מיינונג; איך וואָלט אים צופיל עגמת-נפש פאַרשאַפט. דער אַרעסטאַנט, וועלכער האָט געשפּילט דעם פּריץ, האָט געשפּילט נישט שלעכט. געפּלוידערט האָט ער שרעקלעך, אָן אַן אינהאַלט; נאָר די דיקציע איז געווען אַ גוטע, אַן אויסגעצייכנטע, די באַוועגונגען, ווי געהעריק. בשעת קעדריל פּאָרעט זיך מיט די רייזע-קאַסטנס, דרייט זיך דערווייל דער פּריץ אַרום פאַרטראַכט איבער דער סצענע און מאַכט באַקאַנט פאַר אַלעמען, אַז אין היינטיקן אָוונט פאַרענדיקט ער זיין אַרומוואַנדערן. קעדריל הערט זיך נייגעריק צו, מאַכט העוויות, רעדט אָפּ אַפּאַרט און מאַכט לאַכן מיט יעדן וואָרט די צושויער. אים

איז נישט קיין שאָד זיין הער, נאָר ער האָט געהערט וועגן די טייוולאָנים; ער וויל געוויר ווערן וואָס דאָס איז אזוינס, און אָט הייבט ער אָן זיך דורכצושמועסן און צו שטעלן פראַגן. דער הער איז אים, ענדלעך, מודיע, אַז אַמאָל, אין עפּעס אַן אומ־גליק, האָט ער זיך געווענדט צו דער הילף פון גיהנום, און די טייוולאָנים האָבן אים געהאָלפן, געראַטעוועט; נאָר אַז היינט איז דער טערמין, און זיי וועלן אפשר היינט קומען, לויטן אָפּמאַך, נאָך זיין נשמה. קעדריל הייבט אָן שנעל צו ציטערן. נאָר דער פּריץ ווערט נישט אָן דעם מוט און הייסט זיך צוגרייטן נאַכט-עסן. דער־הערנדיק וועגן נאַכט-עסן, ווערט קעדריל אויפגעלעבט. נעמט אַרויס די הון, נעמט אַרויס בראָנפן, — און כּלאחר־יד רייסט ער אַליין אָפּ אַ שטיק פון דער הון און פאַרזוכט; דאָס פּובליקום כאַכאָטשעט. אָט האָט אַ סקריפּ געטון די טיר, דער ווינט קלאַפּט אין די לאָדנס. קעדריל ציטערט און פּאַקט שנעל, כמעט אומבאַוווסטזיניק זיך אַריין אין מויל אַ גרויס שטיקל הון, וועלכעס ער קען אויך נישט אַראָפּשלינגען. ווידער אַ געלעכטער. „פּאַרטיק”? שטייט דער פּריץ, אַרומדרייענדיק זיך איבער דער שטוב. — „באַלד, הער... איך וועל אייך... צוגרייטן”, — זאָגט קעדריל, זעצט זיך אַליין אַוועק צום טיש און הייבט אָן, גאַנץ רויק, אַליין צו פרעסן דעם פּריצס עסן. דעם פּובליקום געפעלט, אַפּנים, די געשיקטקייט און כיטרע־קייט פון דינער און דאָס, וואָס דער פּריץ ווערט אָפּגענאַרט. מען דאַרף אָנערקענען, אַז אויך פּאָצייקין איז באמת ווערט געווען מען זאָל אים לויבן. די ווערטער: „באַלד, הער, איך וועל אייך צו־גרייטן”, האָט ער אַרויסגערעדט אויסגעצייכנט. זיצנדיק זיך צום טיש, הייבט ער אָן עסן מיט זשעדנעקייט און ציטערט אויף בײַ יעדן טריט פון באַלעבאָס, אַז יענער זאָל נישט באַמערקן זיין שווינדל; ווי יענער גיט זיך נאָר אַ דריי אויפן אָרט, באַהאַלט ער זיך באַלד אונטערן טיש אַרונטער און שלעפּט מיט מיט זיך די הון.

עבדלעך שטילט ער זיין ערשטן הונגער; עס איז צייט א טראַכט צו טון וועגן באַלעבאָס. — „קעדריל, ס'וועט נאָך לאַנג געדויערן?" שרייט דער פּריץ. — פאַרטיק־ס! — ענטפערט שנעל קעדריל, כאַפּנדיק זיך, אַז פאַרן באַלעבאָס וועט שוין כמעט גאָרנישט בלייבן. אויפן טעלער ליגט טאַקע שוין נישט מער ווי איין הינער־יש פּיסל. דער פּריץ, אַן אומעטיקער און פאַרזאָרגטער, גאָרנישט באמערקנדיק, זעצט זיך צום טיש, און קעדריל שטעלט זיך מיט א סערוועטל פאַר זיין טיש. יעדעס וואָרט, יעדע באַוועגונג, יעדע מינע, וואָס קעדריל מאַכט, ווען ער, אויסדרייענדיק זיך צום פּובליקום, ווינקט אויפן שוטה, דעם פּריץ, ווערט באַגעגנט מיט א נישט אייַנגעהאַלטענעם געלעכטער פון די צושויער. נאָר אָט, ווי נאָר דער פּריץ הייבט אָן צו עסן, באַווייזן זיך באַלד די טייוולאָנים. דאָ קען מען שוין גאָרנישט פאַרשטיין, אויך די טייוולאָנים באַווייזן זיך עפּעס שוין צופיל נישט מענטשלעך. אין די זייטיקע קוליסן עפנט זיך א טיר און עס באַווייזט זיך עפּעס אין ווייסן, און אָנשטאָט דעם קאָפּ, האָט ער א לאָמטער מיט א ליכט. א צווייטער פאַנטאָם אויך מיט א לאָמטער אין קאָפּ, האַלט א קאָסע אין די הענט. פאַרוואָס לאָמטערן, פאַרוואָס א קאָסע, פאַרוואָס טייוולאָנים אין ווייסן? קען זיך קיינער נישט דערקלערן. איבעריקנס וועגן דעם פאַרטראַכט זיך קיינער נישט. מסתמא דאַרף שוין אַזוי זיין. דער פּריץ דרייט זיך גאַנץ מוטיק אויס צו די טייוולאָנים און שרייט צו זיי, אַז ער איז גרייט זיי זאָלן אים נעמען. נאָר קעדריל ציטערט ווי א האָז; ער קריכט אַרונטער אונטערן טיש, נאָר, נישט קוקנדיק אויף זיין גאַנצער שרעק, פאַרגעסט ער נישט מיטצוכאַפּן פון טיש דאָס פלעשל. די טייוולאָנים פאַרשווינדן אויף א מינוט; קעדריל קריכט אַפּער פון אונטערן טיש; נאָר ווי נאָר דער פּריץ נעמט זיך ווידער צו דער הון, רייסן זיך דריי טייוולאָנים ווידער אַריין אין שטוב, כאַפּן דעם פּריץ פון הינטן און טראָגן אים אין גיהנום אַריין. „קעד-

ריל! ראַטעוועט מיך!" — שרייט דער פריץ, נאָר קעדריל האָט דאָס נישט אין זין. ער האָט אַצינד שוין אי דאָס פלעשל, אי דעם סעלער, אי אַפילו דאָס ברויט אַראָפּגעשלעפּט אונטערן טיש אַרונטער. נאָר אָט איז ער אַצינד אַליין, די טייוולאָנים זיינען נישטאָ, דער באַלעבאָס אויך נישט. קעדריל קריכט אַפער, קוקט זיך אַרום, און אַ שמייכל באַשיינט זיין פּנים. ער ווינקט צו גנביש מיט די אויגן, זעצט זיך אַוועק אויפן פריצס אָרט און ווינקענדיק צום פּובליקום זאָגט ער האַלב-שעפּטשענדיק:

— נו, איך בין אַצינד אַליין... אַן מיין הער!...

אַלע לאַכן דערפון, וואָס ער איז אַן זיין הער; נאָר אָט גיט ער נאָך צו האַלב-שעפּטשענדיק, שטיל ווענדנדיק זיך צום פּובליקום, און אַלץ פרייליכער און פרייליכער אונטערווינקענדיק מיט אַן אייגל:

— דעם פריץ האָבן די טייוולאָנים גענומען!...

די אַנטציקונג פון די צושויער איז אַן אַ גרענעץ. אַ חוץ דעם, וואָס דעם פריץ האָבן די טייוולאָנים גענומען, איז דאָס אַרויסגערעדט געווען מיט אַזאַ גנבישער, מיט אַזאַ שפּאָטיש-פייערלעכער מינע, אַז עס איז באמת נישט מעגלעך געווען נישט צו צעפּלאַדירן. נאָר נישט לאַנג געדויערט קעדרילס גליק. ער האָט זיך נאָר-וואָס אָפּגעפּאַרטיקט מיטן פלעשל, אַנגעגאָסן זיך אין גלאָז אַריין און געוואָלט טרינקען, ווי די טייוולאָנים קומען פּלוצלינג, גנבענען זיך אונטער הינטער אים אויף די שפּיץ פינגער און גיבן אים אַ כאַפּ אונטער די אָרעמס. קעדריל שרייט מיטן גאַנצן כּוח; פאַר שרעק וואַגט ער זיך נישט אויסצודרייען. פאַרטיידיקן זיך קען ער אויך נישט: אין די הענט האָט ער דאָס פלעשל און דאָס גלאָז, מיט וועלכע ער קען זיך נישט שיידן. אויפרייסנדיק דאָס מויל פאַר שרעק, זיצט ער אפשר אַ האַלבע מינוט, אַרויסזעצנדיק די אויגן אויפן פּובליקום, מיט אַזאַ קאָמישן אויסדריק פון פּחדנישער שרעק, אַז מען וואָלט

באמת געקענט מאַכן פון איִם אַ בילד. ענדלעך, טראָגן זיי אים, טראָגן אים אַוועק; דאָס פּלעשל טראָגט ער מיט, ער פּלאָנטערט מיט די פיס און שרייט, שרייט. זיינע געשרייען הערן זיך נאָך פון הינטער די קוליסן אַפּער. נאָר די פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָפּ, און אַלע לאַכן, אַלע זיינען אַנטציקט... דער אָרקעסטער הייבט אָן אַ קאָמאַרינסקע.

זיי הייבן אָן שטיל, קוים וואָס מען הערט, נאָר דער טאָן וואַקסט און וואַקסט, דער טעמפּ ווערט שטאַרקער, עס דערהערן זיך ווילערישע צוקלעפּ איבער די דעקן פון די באַלאַלייקעס... דאָס איז אַ קאָמאַרינסקע אין איר גאַנצן פאַרנעם, און עס וואָלט באמת גוט געווען, ווען גלינקע וואָלט זי, כאָטש צופעליק, געהערט בא אונדז אין טורמע. עס הייבט זיך אָן אַ פּאַנטאָמימע אונטער דער באַגלייטונג פון דער מוזיק. די קאָמאַרינסקע הערט נישט אויף אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט פון דער פּאַנטאָמימע. עס ווערט פאָרגעשטעלט אַ שטוב. אויף דער סצענע אַ מילנער און זיין ווייב. דער מילנער פאַריכט אין איין ווינקל אַ געשפּאַן, אין צווייטן ווינקל שפּינט דאָס ווייב פלאַקס. דאָס ווייב שפּילט סיראָטקין, דעם מיל-נער גיעצוויעטאַיעוו.

איך וועל באַמערקן, אַז אונדזערע דעקאָראַציעס זיינען זייער אָרימע. אי אין דער, אי אין דער פריערדיקער פּיעסע, אי אין די אַנדערע גיט איר צו מער מיט דער אייגענער פּאַנטאַזיע, ווי איר זעט מיט די אויגן. אַנשטאָט דער אונטערשטער וואַנט איז דורכגע-צויגן עפּעס אַ דיוואַן אָדער אַ פּאָפּאָנע*); אין דער זייט עפּעס אַזעלכע געמיינע פּאַרעוואַנקעס. די לינקע זייט איז גאָר אינגאַנצן נישט פאַרשטעלט. אַזוי, אַז מען זעט אַרויס די נאַרעס. נאָר די צו-שויער זיינען נישט קיין פיל-פאָדערנדיקע און באַשטייען זיך אויס-צומאָלן די ווירקלעכקייט מיט זייער פּאַנטאַזיע, בפרט נאָך, ווען די

*) אַ קאָלדערע, מיט וועלכער מען דעקט צו אַ פערד.

אַרעסטאַנטן זיינען צו דעדי זייער פּעיִק. „אַז מען זאָגט אַ גאָרטן, איז אַ גאָרטן, אַ צימער, — איז אַ צימער, אַ שטוב — איז אַ שטוב — אַלץ איינס, און אַ סך צערמאָניען איז זיך נישטאָ וואָס". סיראָטקין איז אין דעם קאָסטיום פון אַ יונג ווייבעלע זייער ליבלעך. צווישן די צושויער דערהערן זיך שטילערהייט עטלעכע קאָמפּלימענטן. דער מילנער ענדיקט די אַרבעט, נעמט דאָס היטל, נעמט די בייטש, גייט צו צום ווייב און דערקלערט איר דורך סימנים, אַז ער דאַרף אוועקגיין, נאָר אויב דאָס ווייב וועט אָן אים עמעצן אויפנעמען, וועט ער... און ער ווייזט אָן אויף דער בייטש. דאָס ווייבעלע מאַכט אַ לעבן אין דער זייט. דער מאַן גייט אוועק, ווי נאָר ער איז הינטער דער טיר, דראָט אים שוין דאָס ווייב נאָך מיט דער פויסט. נאָר אָט קלאַפּט מען. די טיר עפנט זיך, און עס באַווייזט זיך דער שכן, אויך אַ מילנער, אַ פּויער אין אַ קאַפּטאַן און מיט אַ באָרד. אין די הענט האַלט ער אַ מתנה, אַ רויטע פאַטשיילע, דאָס ווייבעלע לאַכט; נאָר ווי נאָר דער שכן וויל זי אַרומנעמען, דערהערט זיך ווידער אין דער טיר אַ קלאַפּ. וווּ טוט מען זיך אַהין? זי באַהאַלט אים אויף גיך אונטערן טיש און אַליין זעצט זי זיך ווידער צום שפּין-רעדל. עס באַווייזט זיך דער צווייטער פאַרערער: דאָס איז דער שרייבער, אין אַ מיליטערישן אוניפאָרם. ביז אַצינד איז די פאַנטאָמימע געגאַנגען אָן פאָרוווּרף, די באַוועגונגען זיינען געווען זייער פּינקטלעכע. מען האָט זיך אַפילו געקענט פאַרוווּנדערן, קוקנדיק אויף די דאָזיקע איבפּראָוויזירטע אַקטיאָרן, און נישט ווילנדיק אַ טראַכט טון וויפיל כּוחות און טאַלענטן עס גייען פאַרלוירן בײַ אונדז אין רוסלאַנד, טיילמאָל כמעט אומזיסט, אין קנעכטשאַפט און אין שווערן לעבן! נאָר דער אַרעסטאַנט, וואָס האָט געשפּילט דעם שרייבער, איז, מן הסתם, שוין געווען אַמאָל אין אַ פּראָווינציאַנעל אָדער היימיש טעאַטער, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז אונדזערע אַקטיאָרן, אַלע ביז איינעם, פאַרשטייען גאָר-

נישט און גייען נישט אַזוי, ווי מען דאַרף גיין אויף דער סצענע
און אַז טרעט ער אַרויס, ווי מען זאָגט, עס האָבן גרויסגעטרעטן
פּאַוצייטנס אין די טעאַטערן די קלאַסישע העלדן: ער שטעלט אַ
ברייטן טריט, און נאָך נישט דאָבנדיק מיטגעצויגן דעם צווייטן
פוס, שטעלט ער זיך פלוצלינק אָפּ און גיט אַ פּאַרייס : ויף צוריק
דעם גאַנצן קערפּער, דעם קאָפּ, מיט שטאַלץ בקוק אַרום זיך
און — מאַכט דעם צווייטן טריט. אויב אַזאַ גיין איז געווען קאָ-
מיש בײַ די קלאַסישע העלדן, איז עס בײַ דעם מיליטערשן שרײַ-
בער, אין דער קאָמישער סצענע, נאָך קאָמישער. נאָר באַזונדער פּוב-
ליקום האָט געמיינט, אַז, מסתּמא דאַרף טאַקע אַזוי זיין בײַ דעם,
און האָט די ברייטע טריט פון דעם גרויסן שרייבער צוגענומען
ווי אַ געשעטענעם פּאַקט, אָן באַזונדערער קריטיק ווי נאָר דער שרײַ-
בער האָט באַוויזן אַרויסצוגיין ביז אין דער מיט סצענע, האָט זיך ווי-
דער דערהערט נאָך אַ קלאַפּ : די באַלעבאָסטע האָט זיך ווידער אי-
בערגעשראָקן. ווי מוט מען אַהין דעם שרייבער? אין קאַסטן אַריין
ער איז פּונקט אָפּן. דער שרייבער קריכט אַריין אין קאַסטן, און
דאָס ווייבעלע דעקט אים צו מיט דער דעק. דאָס מאָל באַווייזט
זיך אַ גאַסט גאָר אַ באַזונדערער, אויך אַ פּאַרליבטער, נאָר פון אַ
באַזונדערער אייגנשאַפט דאָס איז אַ בראַמין*) און אַפילו אין אַ
קאָסטיום, אַן אומאײַנגעהאַלטן געלעכטער : ערהערט זיך צווישן די צו-
שויער. דעם בראַמין שפּילט דער אַסיסטאַנט קאָשקין און שפּילט אים
אויסגעצייכנט זיין פיגור איז אַ בראַמינישע. מיט זיינע באַוועגונגען
דערקלערט ער די גאַנצע שטאַרקייט פון זיין ליבע ער הייבט אויף די
הענט צום הימל, דערנאָך לייגט ער זיי צו צו דער ברוסט, צום האַרץ ;
ווי נאָר אָבער ער האָט אָנגעהויבן זיין צערטלעכקייט אויסצוגיסן, —
דערהערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּ אין דער טיר. לויטן קלאַפּ הערט

*) אַן אינדישער גלח.

בען, אַז דאָס איז דער באַלעבאָס. דאָס איבערגעשראָקענע ווייב איז אויסער זיך, דער בראַמין וואַרפט זיך אין אַלע זייטן, ווי אַן אָפּגעברענטער און בעט, מען זאָל אים באַהאַלטן. זי שטעלט אים אויף שנעל אונטער דער שאַנק אַרונטער, און אַליין, פאַרגעסנדיק אויפּצועפענען, וואַרפט זי זיך צו איר שפּינעכץ און שפּינט, שפּינט, נישט הערנדיק דאָס קלאַפּן אין דער טיר פון איר מאַן; פאַר שרעק דרייט זי דעם פאָדעם, וועלכן זי האָט נישט אין דער האַנט, און דרייט דאָס שפּינדל, פאַרגעסנדיק עס אויפצוהייבן פון דער ערד. סיראָטקין האָט זייער גוט און געלונגען אויסגעדריקט די דאָזיקע שרעק. נאָר דער באַלעבאָס האַקט אויף די טיר מיטן פוס, גייט צו מיט דער בייטש אין דער האַנט צום ווייב. ער האָט אַלץ באַמערקט און נאָכגעקוקט, און ווייזט איר באַלד אויף די פינגער, אַז עס זיינען בײַ איר באַהאַלטן דריי. דערנאָך זוכט ער די באַהאַלטענע. דעם ערשטן געפינט ער דעם שכן און באַגלייט אים מיט קלעפּ פון צימער אַרויס. דער איבערגעשראָקענער שרייבער האָט געוואָלט אַנטלויפן, האָט ער אויפגעהויבן די דעק מיטן קאָפּ און מיט דעם זיך אַליין אויסגעגעבן. דער באַלעבאָס שמייסט אים אונטער מיט דער בייטש, און דאָס מאָל שפּרינגט שוין דער פאַרליבטער שרייבער אונטער גאָרנישט קלאָסיש. עס בלייבט נאָך דער בראַמין; דער באַלעבאָס זוכט אים לאַנג, ענדלעך געפינט ער אים אין ווינקל הינטער דער שאַנק, פאַרנייגט ער זיך העפליך פאַר אים און שלעפּט אים אַרויס בײַ דער באָרד ביז אין דער מיט סצענע. דער בראַמין פּרוּווט זיך פאַרטיידיקן, ער שרייט: „פאַרשאָלטענע, פאַרשאָלטענער"! (די איינציקע ווערטער, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער פּאַנטאָמינע), נאָר דער מאַן הערט אים נישט און רעכנט זיך מיט אים אָפּ אויף זיין שטייגער. דאָס ווייב, זעענדיק, אַז דער ענין דערגייט שוין אַצינד צו איר, וואַרפט זי אַוועק דאָס שפּינען, דאָס שפּינדל און לאָזט זיך לויפן פון צימער אַרויס, אַ דוניצע פאַלט אויף דער

ערד אַראָפּ, די אַרעסטאַנטן לאַכן. אַלע צופּט, צופּט מיך, נישט קוקנדיק אויף מיר, באַ דער האַנט און שרייט צו מיר: „זע! דער בראַמין, דער בראַמין!" און אַליין קען ער אַזש נישט איינשטיין פאַר געלעכטער. די פאָרהאַנג פאַלט. עס הייבט זיך אָן די צווייטע סצענע.

נאָר עס איז איבעריק צו באַשרייבן אַלע סצענעס. זיי זיינען געווען נאָך צוויי אָדער דריי. אַלע זיינען זיי קאָמיש און אויסערגעוויינטלעך פריילעך. אויב עס האָבן זיי נישט פאַרפאַסט די אַרעסטאַנטן אַליין, האָבן זיי ווייניקסטנס אין יעדערער פון זיי אַריינגעלייגט עפּעס אייגנס. כמעט יעדער אַקטיאָר האָט אימפּראָוויזירט פון זיך אַליין, אַזוי, אַז אין די קומענדיקע אָוונטן האָט איינער און דער זעלבער אַקטיאָר געשפּילט די זעלבע ראָל אַ ביסל אַנדערש. די לעצטע פאַנטאָמימע, אַ פאַנטאַסטישע, האָט זיך געענדיקט מיט אַ באַלעט. מען האָט באַגראָבן אַ טויטן. דער בראַמינער, מיט זיין גרויסער דינערשאַפט, זאָגט איבערן קבר פאַרשידענע שפּרוכן, נאָר עס העלפט גאָרנישט: ענדלעך, דערהערט זיך: „די זון גייט אונטער". דער טויטער ווערט לעבעדיק, און אַלע הייבן אָן פאַר פרייד צו טאַנצן. דער בראַמינער טאַנצט צוזאַמען מיטן טויטן און טאַנצט גאָר אויף אַן אַנדערן אופן, בראַמיניש. מיט דעם אויך פאַרענדיקט זיך דאָס טעאַטער, ביזן קומענדיקן אָוונט. אונדזערע אַלע צעגייען זיך פריילעכע, צופרידענע, לויבן די אַקטיאָרן, דאַנקען דעם אונטער-אָפיציר. קיין קריגערייען הערט מען נישט. אַלע זיינען עפּעס אויסערגעוויינטלעך צופרידן, עפּעס אַפילו ווי גליקלעך, און זיי שלאָפן איין, נישט ווי שטענדיק, נאָר כמעט מיט אַ רויקן געמיט, — און צוליב וואָס דאַכט זיך? און דאָך איז דאָס נישט קיין פאַנטאַזיע פון מיין איינבילדונג. דאָס איז וואָר, אמת. מען האָט נאָר דערלויבט די דאָזיקע אָרימע מענטשן צו לעבן אויף זייער שטייגער, זיך פריילעך צו מאַכן, מענטשלעך צו לעבן כאָטש איין שעה, נישט ווי אין טורמע — און דער

מענ״ש ווערט שוין מאָראַליש אַן אַנדערער, ווען דאָס זאָל זיין נאָר אפילו אויף עטלעכע מינוט... נאָר אָט איז שוין שפּעט ביינאַכט. איך גיב אַ ציטער און וואַך צופּעליק אויף: דער אַלטער זאָגט נאָך אַלץ זיינע תּפילות און וועט אַזוי תּפילה טון ביז טאָג; אַלע שלאָפן רויק לעבן מיר. איך דערמאָן מיך, אַז איינשלאָפנדיק האָט ער נאָך אַלץ געלאַכט, רעדנדיק צוזאַמען מיט די בּרידער וועגן טעאַטער, און איך פאַרקוק מיך נישט-וויסנדיק אויף זיין רויק, קינדעריש פּנים. ביסלעכווייז, דערמאָן איך מיך אַלץ; דעם לעצטן טאָג, די יום-טובים, דעם דאָזיקן גאַנצן חודש... אין שרעק הייב איך אונטער דעם קאָפּ און באַטראַכט מיינע שלאָפנדיקע דברים, בּאַ דער ציטער-דיקער טונקעלער שיין פון דעם זעקסענעם קאַזשאָנעם ליכט. איך קוק אויף זייערע אָרימע פּנימער, אויף זייערע אָרימע געלעגערס, אויף דער דאָזיקער שרעקלעכער נאַקעטקייט און אָרימקייט, — פּונקט ווי איך וואָלט מיך געוואָלט איבערצייגן, אַז דאָס איז נישט קיין פאָרזעצונג פון אַן אומגעלומפּערטן חלום, נאָר אַ ווירקלעכער אמת. נאָר דאָס איז אַן אמת: אָט הערט זיך עמעצענס אַ קרעכץ; עמעצער האָט שווער די האַנט אַראָפּגעלאָזט און אַ קלינג געטון מיט די קייטן. אַ צווייטער האָט אַ ציטער געטון אין שלאָף און אָנגעהויבן רעדן, און דער זיידעשי אויפן אויוון בעט אַלץ פאַר אַלע פּראַוואָסלאַווע קריסטן: „האָספּאָדי יִסוסע כריסטע, דערבאַרם דיך איבער אונדז!...“

נישט אויף אייביק בין איך דאָך דאָ, נאָר בלויז אויף עטלעכע יאָר! טראַכט איך, און לאָז ווידער אַראָפּ דעם קאָפּ צום קישן.

סוף פון דער ערשטער טייל.